ש מ ו א ל  ל ע ו ו י ן

# געזאנג פון דורות

(ר אָ מ אַ ן)

ע ר ש ט ע ר  ט י י ל

פ אַ ר ל אַ ג  ח.  ב ז ש אָ ז א

ו ו אַ ר ש ע  1928

# די לעגענדע וועגן שניידערל

דיר, מיין איינציקער אמתער פריינט, מיין
חבר און הייסגעליבטע פרוי, מיין שבעלע—כאַטש
דו הייסט שיינדעלע — פאַר דיינע יסורים בויט
און לייד אויף אונזער שווערן וועג.

דיין שמואל

## I.

אַזוי האָט אַ באָבע איר אייניקל דערציילט:

— פון קיין באַן, מיין קינד, האָט מען דעמאָלט גאָך נישט געוווסט. די יידן, און להבדיל די גויים, האָבן געלעבט זייער אָרעם, און זענען געווען זייער פאַרגרעבט. אָבער זייער אַ סך מעשה־לעך, מיין קינד, איז דאָ צו דערציילן פון יענער צייט: וועגן גרויסע רביים, וועלכע האָבן באַוויזן גרויסע מופתים און להבדיל וועגן פריצים, וועלכע האָבן יידן אָפּגעגעבן אין אַרענדע זייערע אַלע פאַרמעגנס כמעט, געהייסן זיי פירן זייער גאַנץ באַלעבאַטישקייט. אָבער נאָך מער, מיין קינד, איז דאָ צו דערציילן וועגן שלעכטע פריצים, וועלכע האָבן געבעך יידן זייער שטאַרק דערנידעריקט, געמאַכט פון זיי ערגער ווי בלאָטע. נאָר דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס אַ סך פריצים האָבן זיך פאַרליבט אין יידישע טעכטער — ווייל זיי זענען געווען די שענסטע אין גאַנץ קרוינפּוילן — און גענייט זיי, אַז זיי זאָלן מיט זיי חתונה האָבן. טייל פריצים האָבן זיך מגייר געווען, זענען געוואָרן יידן, אָבער צומייניסט האָבן זיך — נישט היינט געדאַכט — די יידישע מייד־

לעך געשמדט: זיי האָבן נעבעך געמוזט. דעמאָלט זענען געווען קיסריים, וואָס האָבן געפירט זייערע מלחמות אין היילן אונטער דער ערד און טורמשלעסער, פול מיט כישוף, זענען געשטאַנען. אַלטע גלחים — און דער פּויבסט אַליין! — האָבן געפירט וויכוחים מיט יידישע לומדים און די פּויערן, וועלכע האָבן דעמאָלט געאַרבעט פּאַנשטשיזנע, האָבן געמאַכט אַ פּאָווסטאַניע.

די יידן דאָ הי, מיין קינד, זענען דעמאָלט געווען אַ סך אַנדערש — גאָר אַנדערע יידן. כ'זאָג נישט, חלילה, אַז די היינטיקע זענען קיין יידן נישט; חס ושלום! אָבער די יידן דעמאָלט זענען געווען גאָר אַנדערע: זענען געווען פרומער, האָבן געהאַט מער בטחון אינם רבונו של עולם. זיי זענען אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי, ווען ס'איז נאָך כמעט פינצטער געווען, און באַ אַ חלבן ליכטל אויסגעזאָגט גאַנץ תהילים. דערנאָך האָבן זיי געזאָגט מעמדות, און געדאַוונט. און דאָס, מיין קינד, זענען געווען די פּראָסטע יידן. די ווילקענער, די לערנער — זיי זענען געזעסן אינם בית המדרש גאַנצע טעג און נעכט, און געלערנט. זייערע קולות האָבן געקלונגען — גערופן ס'גאַנצע שטעטל צו עבודת הבורא. און די באַלמעלאָכעס — דער גרעסטער טייל יידן דעמאָלט אינם שטעטל, פּראָסטע, נאָר ערלעכע מענטשן — האָבן זיך צו דער אַרבעט גענומען, און פלייסיק געאַרבעט: די שניידער האָבן מיט גראָבן פאָדעם דעם סאַמעט און דעם אַטלעס גענייט, צוגעזונגען שטיקלעך תפילות, ווען זיי האָבן מיט דער נאָדל געמאַכט וואָס קלענערע שטעך, כדי ס'מלבוש זאָל אַרויסקומען וואָס שענער און שטאַרקער, געצאַצקעט זיך דערמיט און געהאַט גרויס הנאה, אַז ס'שטיקל אַרבעט איז זיי געראָטן. אַזוי דער שוסטער, דער גאָלדשמיד, דער סטאָליאַר, דער טאָקאַר, און די אַלע אַנדערע באַלמעלאָכעס. די קרעמער — זייער אָרעמע, האָבן געהאַט זייער קליינע געוועלבלעך — זענען אויך געווען ערלעכע יידן און אפילו די גרויסע סוחרים, וועלכע האָבן געהאַנדלט מיט די פּריצים. נאָר די פרומסטע יידן זענען געווען די באַלעגאָלעס, וועלכע זענען מיט גרויסע וועגן דעמאָלט, געשפּאַנט צו דריי פערד, געפאָרן אין די מרחקים. אָבער נאָך פרומער זענען געווען די וואַסער-טרעגער.

דעמאָלט, מיין קינד, האָט געלעבט ס'שניידערל, זכותו יגן עלינו, וועגן וועלכן מ'דערציילט נאָך היינט אַמאָל עפּעס, אָבער וואָס מ'האָט שוין כמעט איינגאַנצן פאַרגעסן אָן אים. און איך, מיין קינד וועל ד-ר איצט דערציילן וועגן אים.

די באָבע האָט אַ ווײַלע געשוויגן. די אויגן, שוין פאַרטרערטע, פאַרבעפּלטע, האָבן געקוקט אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט, און דאָס אַלטע פאַרקנייטשטע פּנים האָט אויפגעלעבט, און כמעט מיט אַ יינגער קול, האָט זי אָנגעהויבן :

— דאָס שניידערל, מיין קינד, איז געווען אַ ל"ו-ניק. איך געדענק אים נישט, כ'בין נאָך דעמאָלט גאָר אויף דער וועלט נישט געווען, אָבער מיין מאַמע די צדיקות — דיר צו לענגערע יאָרן, מיין קינד, זי זאָל זיך דאָרט מיען פאַר אונז אַלע, זיין אַ גוטע מליצה — זי האָט מיר תמיד דערציילט וועגן אים, וועגן דעם הייליקן צדיק זכרונו לברכה. זי האָט אים אַליין געזען, געווען באַ אים ! זי האָט אים מיר אויסגעמאָלן ווי אַזוי ער האָט אויסגעזען : אַ קליין דאַר יידל, מיט אַן אויסגעציפּט קליין פלאַקסן בערדל — ווי באַ אַ ציג להבדיל — און אַ גרויסער אָרעמאַן. ער האָט חתונה געהאַט מיט אַן אָרעם מיידל, אַ יתומה אין די יאָרן שוין, נאָר זייער אַ פרומע, אַ כשרע צדיקות און אַ צנועה געווען. זי איז נישט געווען קיין מיאוסע, געהאַט יידישן חן, וועלכער איז צוליב איר דערשלאָגנקייט נעבעך אויסגעקומען נאָך שענער, נאָר געווען אַ בעל מום : אַ הויקערל געהאַט.

דאָס פאָרפאָלק האָט געלעבט זייער שטיל : זיי זענען געווען צופרידן מיט זייער אָרעמקייט. ס'האָט יעדער דעמאָלט געמיינט מי יודע ווי רייך זיי זענען, ווייל זיי האָבן געלעבט צווישן זיך ווי צוויי טויבן. זי האָט אים אָפּגעהיטן ווי איר שוואַרצאַפּל פונם אויג, געגאַנגען פאַר אים אויף די שפּיץ פינגער און גערעדט צו אים, ווי מ'רעדט צו אַ מלך. אָבער ער האָט זי אויך זייער ליב געהאַט, זי גערופן „מיין נביאהטע", ווייל זי האָט געהייסן מרים — פאַרצויגן מרימל. זי האָט געהאַט אַ זון, אַן איינאונאיינציקן — ר' מלך — וועלכן איך האָב אַליין געקענט. אָבער אַ סך גראָבע מענטשן דעמאָלט. וואָס האָבן ליב געהאַט פון יעדן חוזק צו

מאַכן — שפּעטערס — האָבן פון דעם הייליקן פאַרפאָלק אָפּגע-
לאַכט. און אפילו אויסגעטראַכט אַ ווערטל איבער זיי: אַז דאָס ציגנבערדל מיט דעם הויקערל זענען אַ פאַרפאָלק פון ששת ימי בראשית, און מ׳וואָלט געמעגט פאָרן אויף חידושים צו זיי.

שלעכטע מענטשן, מיין קינד, זענען דאָס געווען, און זיי האָבן זיך אוודאי פאַרזינדיקט קעגן דעם גרויסן צדיק. אָבער ער האָט נישט צוגעלאָזט אין הימל, אַז ס׳זאָל ווער חס ושלום באַ-שטראָפט ווערן דורך אים: חס וחלילה! ער האָט יעדן מוחל גע-ווען, און אפילו געזען, אַז די עבירות, וואָס יענער האָט געטון קעגן דעם רבונו של עולם זאָלן אים אויך פאַרגעבן ווערן.

דאָס פאַרפאָלק האָט געלעבט כמעט מיט גאָרנישט: מיט אַ פּאָר גראָשן אַ וואָך, וואָס זיי האָבן פאַרדינט באַ שניידעריי. פאַר-שטייט זיך, אַז קיין זיידנס האָבן זיי נישט גענייט, ווייל זיי זענען קיינמאָל קיין שניידער נישט געווען. נאָר נישט האָבנדיק פון וואָס צו לעבן, האָט ר׳ פייוועלע זכרונו לברכה — אַזוי האָט ער גע-הייסן — אָנגעהויבן גיין אין די דערפער, געבעטן באַ די פויערן זיי זאָלן אים געבן זייערע אַלטע סוקמאַנעס איבערצונייען, אַלטע הויזן צו פאַרריכטן. בחורוויז האָט ער געשמט פאַר אַ גרויסן עילוי, אָבער וואָס האָט ער געקענט טון? מפרנס זיין אַ ווייב, האָט ער געזאָגט, איז מער ווי תורה. דעמאָלט האָבן די לצים אינם שטעטל ערשט אויפסניי אָנגעהויבן חוזק מאַכן און אָפּלאַכן פון אים: אַז ער איז גאָר אַ גרויסער שניידער, ער וואָלט געקענט נייען פאַרן קיסרס וועגן...

דער באָבעס בלויע ליפּן האָבן זיך צעצויגן, די יאַסלעס אָן ציין האָבן אַרויסגעקוקט. זי האָט געלאַכט:

— די פּושעים זענען דאָך טאַקע גרויסע נאַראָנים. זיי איז גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז דאָס שניידערל איז אַ הייליקער צדיק, אַ פאַרבאָרגענער ל״ו-ניק.

און זי האָט ווייטער דערציילט:

— דאָס שניידערל, מיין קינד — ווי מ׳האָט אים שוין דער-באָך גערופן — האָט זיך גאָרנישט ווייסנדיק געמאַכט וועגן דעם, וואָס מעז מאַכט חוזק פון אים, און זיך ווייטער געשטשיבעט

מיט דער נאָדל. ס׳הויקערל — די כּשרע צדיקת, אינם ליכטיקן
גן עדן איצט, וואָס האָט גאָר קיין היקעל נישט געהאַט, נאָר
געטראָגן אויף זיך אין אַ פּעקל די אַלע עבירות, וועלכע זי האָט
יעדן טאָג צוזאַמענגעקליבן פון די זינדיקע ווייבער און זיי באַ־
נאַכט אַריינגעוואָרפן אין וואַסער — זי האָט אים צוגעהאָלפן נייען.
זי האָט געהאַט גרויסע טרויעריקע אויגן — אַזוי האָט מיר מיין
מאַמע עליה השלום דערציילט.

נאָר איינמאָל, דאָס איז שוין געווען פאַר זיין נתגלה ווערן,
האָט אַ לץ אים אָפּגעשטעלט אינמיטן מאַרק, און אָנגעהויבן פון אים
חוזק מאַכן: „אפשר וועט איר מיר אויפנייען אַ שאָפּענעם טילופּ,
ר׳ פייוועלע ?..." האָט דאָס הייליקע שניידערל, פול מיט ליבע,
ווי אַ טאַטע צו זיין קינד, צו אים געשמייכלט, און אים געענט־
פערט: „פאַרוואָס נישט ? גאָט וועט דיר העלפן, וועסט באַגליקט
ווערן, און דו וועסט דיר מאַכן אַ שאָפּענעם טילופּ. אָבער דו וועסט
דאָך מיר אים נישט וועלן געבן צו מאַכן, דו וועסט דאָך אַוועק־
פאָרן צו אַ גרויסן שניידער קיין וואַרשע". דער יונג איז פון
אים אַוועקגעלאָפן, און אים נאָכגעשפּעט ווי אַזוי ער האָט גע-
לאַכט: „מע־ע־ע..."

און ס׳איז נישט אַוועקגעגאַנגען קיין דריי וואָכן, מיין קינד,
האָט דער יונג אויף אַ יריד געפונען אין אַ טיכל איינגעוויקלט
הונדערט פּריאַלן! ער איז טאַקע באַלד אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע,
דאָרט זיך באַנייט און באַשפּינט ווי אַ שררה, און צוריקגעקומען
אינם שטעטל אַריין אין אַ שאָפּענעם טילופּ. ס׳האָט אים שוין קיי־
נער מער נישט דערקענט ווער ער איז, מ׳האָט אים אָנגעהויבן
רעדן די רייכסטע שידוכים, און ער האָט חתונה געהאַט מיטן
שענסטן מיידל פונם שטעטל. אָבער ער איז באַלד געשטראָפט גע-
וואָרן פאַר זיין לאַכן דעמאָלט פונם שניידערל: ער איז זייער
שטאַרק קראַנק געוואָרן און דערנאָך, אַז ער איז צוריק געזונט
געוואָרן, האָט ער שוין מער נישט געקענט רעדן ווי פריער, נאָר
געאיקעט — איז אויסגעקומען ווי אַ קו מעקעט. ער איז צוריק גע־
וואָרן אַ גרויסער אָרעמאַן, און ס׳ווייב האָט זיך מיט אים געוואָלט
גטן. איז ער אַהינגעלאָפן צום שניידערל, אים געפאַלן צו די פיס,

געבעטן, אַז ער זאָל אים מוחל זיין, איז אַלץ צוריק געוואָרן גוט. דעמאָלט איז ס'שניידערל נתגלה געוואָרן.

דאָס איינגעשרומפּענע פּנים פון דער באָבע, וואָס האָט געשיינט, ווען זי האָט דערציילט, האָט נאָך שטאַרקער אויפגעלויכטן, זי האָט געלאַכט פון פרייד, און ווייטער דערציילט:

— און דו מיינסט אוודאי, מיין קינד, אַז ס'שניידערל האָט באַלד געוואָלט נתגלה ווערן? האַ-האַ. . . ער איז געווען אַ גרויסער עניו באַ זיך, נישט געוואָלט, אַז מ'זאָל וועגן אים וויסן. ער איז נאָך ווייטער געגאַנגען אין די דערפער אַריין, איבערגענייט און פאַרראַכטן באַ די פויערן זייערע אַלטע און צעריסענע סוקמאַנעס און הויזן, די פּעלצן און די קאַפּטאַנעס. ער איז דעמאָלט אַהיימגעקומען בלויז אויף שבת נאָר. אָבער געוווּסט האָט מען שוין אין שטאָט, ווער ער איז. און מ'האָט דאָס אויך געזען. די מלבושים, וועלכע מ'האָט אים געגעבן איבערצומאַכן, האָט ער אָפּגעגעבן נייע, און דאָס, וואָס ער האָט פאַרראַכטן איז קיינמאָל נישט צעריסן געוואָרן. מ'האָט אויך דערזען, אַז ס'שניידעריי איז באַ אים געווען גאָר עפּעס אַנדערש: ער האָט מיט דערדאָזיקער אַרבעט געדינט דעם רבונו של עולם. ער האָט טאַקע שוין מער נישט געלערנט, און אפשר. . . ווער קען וויסן? אפשר האָט ער גאָר געלערנט גאַנצע טעג און נעכט, נאָר פאַרבאָרגן? און אפילו, ווען ער האָט נישט געלערנט? מסתמא איז דאָך יעדער שטאָך, וואָס ער האָט געמאַכט מיט דער נאָדל, געווען אַ וואָרט תורה. . .

די יידן דאָ, און פון אַרום און אַרום, זענען געלאָפן צו אים ער זאָל זיי העלפן. אָבער זיי האָבן אים קיינמאָל נישט געטראָפן אינדערהיים, ווייל ער איז דאָך תמיד געווען אין דאָרף, אין וואַלד — באַהאַלטן זיך. ס'זענען געקומען צו פאָרן צו אים חסידים פון דער גאַנצער וועלט, גרויסע לומדים, גבירים אדירים, און ער זכרונו לברכה — גאָרנישט, ער נייט מיט דער נאָדל. . . די לצים, איצט צוזאַמען מיט די הערבאָווע חסידים, וועלכע זענען דעמאָלט געפאָרן צו גרויסע רביים, האָבן ווידער אָנגעהויבן אָפּלאַכן פון אים, אַז ער איז אַ רבי מיט אַ נאָדל. ס'שניידערל האָט דאָס געוווּסט — ער איז דאָך געווען אַ נביא —

און געשמייכלט, ווי זיין שטייגער איז געווען. אָבער ער האָט צו זיינע חסידים געזאָגט: זעט איר, איך וואָלט זיי נישט שטערן מיט מיין נאָדל, אָבער דער שניידער מיט דער נאָדל איז אַ רבי...״ זיינע חסידים האָבן אים דעמאָלט אוודאי נישט גאַנץ פאַרשטאַנען, ווייל דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט האָט געהאַט אַ טאָפּלטן זינען: „אַז דער שניידער מיט דער נאָדל איז אַ רבי......״ אָבער געקאָכט האָט זיך דעמאָלט אינם שטעטל, ווייל ס׳שניידערל אַליין האָט דאָך שוין אויסגעזאָגט ווער ער איז!... דעמאָלט האָבן די חסידים פאַר אים צוגענומען אַ גבאי.

דער באָבעס פּנים, וואָס האָט זיך צעפלאַמט און געשיינט ווי די ליכטיקע זון אין תמוז, בשעת זי האָט דערציילט וועגן שניידערל, איז מיט איינמאָל צוריק טונקל געוואָרן, באַקומען איר שטענדיקן אויסזען, ווען זי האָט אָנגעהויבן דערציילן וועגן גבאי. אַ ווײַלע האָט זי נאָך נאָכגעקלערט, אויב זי זאָל גאָר אינגאַנצן דערציילן וועגן אים, אָבער זי האָט דאָך דערציילט:

— גבאי איז באַם שניידערל געווען ר׳ מיכל, וואָלף דודס זיידע. ער איז געווען אַ גנב, נאָך אַ גרעסערער ווי דער אייניקל זיינער: אַ פּאַסער, אָפּגעקויפט באַ די גנבים אַלץ, וואָס זיי האָבן אים אַריינגעבראַכט, און תמיד אַרויסגעשטעלט ס׳חזיר-פיסל, אַז ער איז אַ שיינער ייד, פון אַ שיינער משפחה. נאָר ס׳שניידערל האָט דווקא אים אויסגעקליבן פאַר זיינס אַ גבאי, געשיקט נאָך אים. די חסידים האָבן דאָס נישט געקענט פאַרשטיין, זיי האָבן זיך שטאַרק דעריבער געחידושט. דערנאָך אָבער האָט מען זיך אָנגעהויבן אָנשטויסן וועגן דעם.

ווידער האָט דער באָבעס פּנים אויפגעלויכטן, איר קול איז ווידער צוריק ייִנגער געוואָרן, ווען זי האָט אָנגעהויבן דערציילן, פאַרוואָס ס׳שניידערל האָט דווקא געוואָלט ר׳ מיכאלן פאַר אַ גבאי.

— פאַרשטייסטו מיך... אין דעם איז געווען אַ גרויסער סוד, אַ גרויסע זאַך, וואָס ס׳שניידערל האָט דאָ אויפגעטון! ער האָט נישט געוואָלט נהנה זיין פון דעם געלט, וואָס די חסידים זיינע האָבן אים געגעבן, אויך ס׳ווייב זיינס — די כשרע צדיקות —

האָט דאָס געלט אין איר האַנט אַריין נישט געוואָלט נעמען, און אין איינוועגס האָט ער אויך געוואָלט ראַטעווען די שטאָט פון גנבות. ער האָט דאָך געוווּסט, אַז ווי באַלד ר׳ מיכאל וועט זיין באַ אים — די גנבים וועלן נישט האָבן וועמען די גנבות צו פאַר־קויפן — וועלן זיי נישט מער גנבענען. און אַזוי איז טאַקע געווען. די חסידים האָבן זייערע פדיונים פאַרן רבין געגעבן ר׳ מיכאלן — דעם גבאי — און ער — ס׳זאָל אים צו קיין גנאי נישט זיין, ער איז דאָך שוין אויפן עולם אמת — האָט דאָס געלט זיך צוגענומען. ער האָט טאַקע גאָר אין אַ קורצער צייט זיך געקויפט אָט דאָס הויז, אין וועלכן ס׳וווינט היינט דער אוינעק זיינער, דער טייערער טכשית. איצט פאַרשטייסטו, מיין קינד, וואָס ס׳שניידערל האָט דאָ אויפגעטון ?... מ׳האָט די שטאָט מער נישט באַגנבעט, די גנבים זענען געוואָרן אויס גנבים, און דער רבי — כע־כע־כע... ביז דער לעצטער רגע האָט ער מיט ווייב און קינד געלעבט גאָר דערפון, וואָס ער האָט פאַרדינט באַ שניידעריי. די חסידים האָבן זיך טאַקע דעריבער באַלד אָפּגעקערט פון אים: ס׳האָט זיי נישט געפּאַסט אַ רבי אַ שניידער, און אים אַ נאָמען געגעבן „דער שניי־דערישער און שוסטערישער רבי”. און ער האָט טאַקע ליב געהאַט גאָר בעלי מלאכות, אַזעלכע וואָס אַרבעטן. דערנאָך אָבער, ווען ער איז נפטר געוואָרן, האָבן אַלע דערזעען ווער ער איז געווען.

## II.

און אָט אַזוי האָט די באָבע ווייטער דערציילט:

— דעם שניידערלס אייניקל איינציקער זון — ר׳ מלך — האָט זיין טאַטנס שטול, כאָטש די גאַנצע שטאָט האָט דאָס פון אים פאַרלאַנגט, נישט געוואָלט איבערנעמען. ער איז געווען אַ גרויסער חכם דער ר׳ מלך, געקאָנט גוט לערנען, און געוואָרן גאָר אַ גרוי־סער סוחר. ער האָט געהאַנדלט מיט וועלדער, און געוואָרן אַ גרוי־

סער עושר. נאָר די אמתע גרויסע און רייכע ירושה פון זיין טאַטן האָט ער איבערגענומען : ער איז געווען אַ גרויסער עניו באַ זיך, און אַלץ זייער טיף און ווייט געזעען. ער האָט די יידן דאָ הי, און להבדיל אויך די גויים, זייער אַ סך גוטס געטון : געגעבן אַ סך צדקה. אַז אַ ייד, אָדער להבדיל אַ גוי, האָט זיך געוואָלט אויפשטעלן אַ הייזל, אָדער דאָס הייזל, וואָס ער האָט געהאַט, — פאַרריכטן, און נישט געהאַט קיין געלט, האָט אים ר' מלך געגעבן האָלץ פון זיינע וועלדער, באַלמעלאָכעס, און דער ייד, אָדער להבדיל דער גוי, האָט זיין פּלאַן געקאָנט אויספירן. אַ סך אָרעמע־לייט זענען טאַקע אַזויערנאָך געוואָרן באַלעבאַטים. דערנאָך האָט דער, וואָס האָט זיך געלאָזט אויפשטעלן ס'הייזל, אָדער פאַרריכטן, ר' מלכן ביסלעכווייז אָפּגעצאָלט זיין געלט — אַז ער האָט געקאָנט, און אַז נישט — איז אויך קיין אומגליק נישט געווען : ר' מלך האָט קיינעמען נישט געמאָנט. נאָר די איינע זאַך, וועלכע ס'האָט קיינער אין דעם ר' מלכן נישט געקאָנט פאַרשטיין, איז געווען די, וואָס ער האָט נישט געוואָלט איבערנעמען זיין טאַטנס שטול, און נישט ליב געהאַט קיין חסידים. און ער אַליין איז דווקא יאָ געווען אַ חסיד, אַן אמתער חסיד. אָבער האָט קיין חסידים נישט ליב געהאַט, און דעריבער נישט געוואָלט ווערן קיין רבי, און אין צו קיין רבין נישט געפאָרן. „חסידים, וואָס פאָרן צו רביים" — פלעגט ער זאָגן — „זענען בויאַנעס, סטאַדעס שעפסן, און נישט מער. זיי לויפן צו רביים, און נישט קיין נפקה־מינא באַ זיי : איז דער רבי יאָ אַ רבי, אָדער נישט". „ס'איז גענוג — פלעגט ער זאָגן, ווען ער איז שוין געווען גוט אין כעס — אַז מ'זאָל אַ פערד אָנטון אַ שטריימל, און אַבי ער וועט מאַכן קונצן — וועלן אַלע לויפן צו אים מיט קוויטלעך". „וואָס עפּעס רבי ?" — פלעגט ער טענהן. „יעדער מענטש איז פאַר זיך אַ רבי".

אַ קלוגער ייד געווען דער ר' מלך, אַ קלוגער ייד. ער האָט מיט שלעכטע מענטשן קיינמאָל נישט געוואָלט האָבן צו טון. אָבער ער האָט זיי קיינמאָל נישט אָפּגעשטויסן פון זיך. אדרבא, ער האָט אויף יעדן שלעכטן מענטש זייער שטאַרק רחמנות געהאַט, געבעטן גאָט, אַז ער זאָל זיי צוריקפירן אויפן גלייכן וועג. העלפן אַזאַ

מענטש איז ער תמיד גרייט געווען, נאָר איבערמאַכן אים — דאָס האָט ער געוווּסט, וועט ער נישט קאָנען — האָט ער יעדן געלאָזט גיין זיין וועג, און ער אַליין איז זיך געגאַנגען זיין וועג. פיינט געהאַט אָבער, אמת פיינט געהאַט און געהאַסט, האָט ער אַ פּוסטן און שטאָלצן בעל־יחסן, אַזעלכן, וואָס האָט געקוקט אויף איינעם נידעריקער און אויף איינעם העכער, און אַזעלכן, וואָס האָט זיך איבערגענומען מיט זיין פאַרמעגן. און אָט וועל איך דיר דערציילן, מיין קינד, די מעשה, ווי אַזוי דערדאַזיקער ר׳ אברהם — אַ זון פון אָרעמע און פּראָסטע עלטערן — איז געוואָרן זיינס אַן איידעם.

די מעשה איז געווען אַזוי: ר׳ מלך האָט אין יעדן וואַלד זיינעם געהאַלטן אַ שרייבער, וועלכער איז אויך געווען דער קאַסי־רער. אין איין וואַלד איז בא אים געווען שרייבער אָט דער ר׳ אברהם, וועלכער איז נאָך דעמאָלט געווען אַ בחור. ער האָט ליב געקריגן זיין בת־יחידה רחלע, וועלכע איז געווען זייער שיין. איינ־מאָל האָט ר׳ מלך דערזען, ווי זיין טאָכטער איז רויט געוואָרן, ווען זי האָט דערזען דעם אברהמען. ער האָט דאָס פאַרשטאַנען, און געמאַכט תנאים. ער האָט נישט געקוקט דערויף, וואָס דער בחור איז בא אים געווען אַן אָנגעשטעלטער, אַן אָרעמאַנס אַ זון. אדרבא, ער איז אים דערפאַר טאַקע זייער שטאַרק געפעלן. ער האָט יעדן, וואָס האָט אים געפרעגט וועגן דעם שידוך, געענטפערט: „אַן אָרעמער בחור פון אָרעמע עלטערן, וואָס האָט אַליין זיך אויס־געלערנט שרייבן — חוץ יידיש אויך פּויליש און רוסיש, קאָן אַזוי גוט רעכענען און איז אַזוי ערלעך — איז ווערט מיין בת־יחידה פאַר אַ כלה“.

קיין גרויסער לערנער, מיין קינד, איז דער ר׳ אברהם קיינ־מאָל נישט געווען. אַ בלאַט גמרא, זאָגן מענטשן, האָט ער בחור־ווייז יאָ געקאָנט לערנען. אָבער ער איז אויך דעמאָלט — ווי היינט — געווען זייער אַ פאַרחלומטער, אַ פאַרבענקטע נשמה, און ליב געהאַט צו לייענען גויאישע ביכער. ער האָט דאָס געטון באַ־האַלטענערהייט, אונטער אַ בוים, אָבער ר׳ מלך — אפילו ער האָט אים געטראָפן דערביי — האָט אים אויך גאָרנישט געזאָגט דער־

פאר. ער האָט זיך נישט אויסנדיק געמאַכט, געלאָזט אים ליידנען. ער פלעגט זאָגן, אַז אַ מענטש דאַרף אַלץ ווייסן. אַ סך מאָל פלעגט ער אים טרעפן זייער פאַרטיפט שניצן מיט אַ קליין מעסערל אין אַן אונטערגעזעגטן בוים, אָדער אין אַ ברעט, און אויך דערביי האָט ער זיך גאָרנישט וויסנדיק געמאַכט. ער האָט נאָר באַקוקט די מענטשעלעך מיט די פערדעלעך, וואָלבע ער האָט אויסגעשניצט. ר׳ מלך האָט געזאָגט — אַזוי דערציילט מען — אַז יעדער מענטש מוז טון דאָס, אין וואָס ער געפינט זיין תיקון. האָט ער אים נישט געשטערט אינם שניצן, אפילו ווען ער האָט אים גראָד באַדאַרפן פרעגן עפעס וועגן געשעפט. איינמאָל האָט ער צו זיין ווייב — וועלכע איז פאַר אים געווען זיין גאַנץ לעבן — געזאָגט: „נו, זעסטו, שיינדעלע; ער איז ווערט אונזער קינד פאַר אַ כלה. ער איז דאָך אַ זייער איידעלער יינגערמאַן. זע נאָר זיינע אויגן — לויטער ווי דער בלויער הימל! און זיין אויסזעען — ווי אַ שיינע פרי!“

שיינדעלע עליה השלום איז געווען זייער אַן איידעלע און אַ גוטע פרוי, געשטאַמט פון גרויסן יחוס — האָט זי זיך אַ ביסל געקרומט וועגן דעם שידוך, אָנגעוויזן איר מאַן אויף דעם חילוק פונם יחוס. דערויף האָט איר ר׳ מלך געענטפערט — אַזוי דערציילט מען — און זי איינגענומען מיט גוטע ווערטער: „סאַראַ קינדעלע דו ביסט... ווייסטו דען נישט, אַז יחוס עצמו איז דער גרעסטער יחוס?“

זייער אַן איידעלער ייד געווען דער ר׳ מלך, מיין קינד, זייער אַ טייערער מענטש. ער האָט זיך קיינמאָל נישט ליב געהאַט איבערצונעמען מיט זיין גרויסן יחוס, אַז זיין טאַטע איז געווען אַ גרויסער צדיק. אויך נישט וועגן זיין אייגענער מענטשלעכקייט, ווייל באַ אים איז תמיד אויסגעקומען, אַז ער איז גאָר קיין מענטש נישט. ס׳האָט זיך אים תמיד נאָר געדוכטן, אַז ער איז נאָך אַלץ נישט געניטן גענוג ערלעך, אַז ער דאַרף צו מענטשן זיין נאָך בעסער, ווי ער איז — ער דאַרף פשוט נעמען זיין גאַנץ פאַרמעגן און עס צעטיילן די מענטשן. „פאַרוואָס זאָל איך זיין רייך, און אַנדערע אָרעם?“ — פלעגט ער תמיד פרעגן. אָבער זייער ווייניק מענטשן

דאָ — כאָטש אין אייגענער שטאָט — האָבן אים געקאָנט, און מעט יעדער האָט זיך געחידושט אויף דעם שידוך, וואָס ער האָט געטון מיט רחלען. זיי האָבן נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס ר׳ מלך האָט פאַר זיין טאָכטער — אַ בת יחידה, שיין, ווי די זון אין תמוז — גענומען אַזאַ אָרעמען יינג, אַ קבצנס אַ זון פאַר אַ חתן.

די מענטשן דאָ הי — און צומיינסט טאַקע די ווייבער — וואָס האָבן ליב וועגן יענעם מער צו טראַכטן, ווי וועגן זיך, וואָס האָבן ליב גאַנצע טעג און נעכט, ווו זיי טרעפן זיך נאָר צוזאַמען, אָפּצורעדן וועגן יעדן איינעם: וועגן יענעמס רייכקייט, ווען יענער איז דווקא אַ גרויסער אָרעמאַן און האָט נישט אפילו אויף קיין אָנבייסן, אָדער באַוויינען איינעם, באַקלאָגן אים, אַז ער איז אַ גרויסער אָרעמאַן, ווען יענער איז דווקא רייך ווי קרח און דערביי טראַכטן: הלוואי וואָלט דאָס טאַקע אמת געווען, אַ שיינע און ריינע כפרה וואָלט דאָס געווען! ... און אפילו די מאַנספּערשוינען, וואָס האָבן אויך נישט פיינט אין בית המדרש, אָדער להבדיל אין באָד, אָפּצורעדן וועגן יעדן איינעם, וועגן זאַכן, וואָס די אויגן גלאַנצן זיי דערביי — די אַלע מענטשן האָבן וועגן דעם שידוך, וואָס ר׳ מלך האָט דעמאָלט געטון, געהאַלטן און איין רעדן און סודען זיך: אַז מסתמא האָט ער אַנדערש נישט געקאָנט, אַז ער האָט דער טאָכטער מסתמא שוין געמוזט צודעקן דעם קאָפּ — זאָל זיין מיט וועמען ס׳איז — אַבי מאַכן זי פאַר אַ ווייבל...

דאָס אַלץ, מיין קינד, האָט ר׳ מלך געוווּסט, אַלץ, וואָס מ׳האָט דאָ אין דעם שטעטל דעמאָלט אונטער זיינע פּלייצעס גערעדט. ער האָט געפילט די בליקן פון יעדן איינעם, וואָס האָט אים נאָכגעקוקט, ווען ער איז געגאַנגען איבער דער גאַס, אָדער ווען ער איז געקומען אין בית־המדרש אַריין דאַוונען. דיין זיידע — דיר צו לענגערע יאָרן, מיין קינד — פלעגט תמיד, ווען ער איז אַהיימגעקומען פון בית־המדרש, דערציילן, ווי דער עולם, וואָס איז געשטאַנען און זיך געסודעט — איז זיך צעלאָפן ווי מייז מיט שפּיציקע אייגעלעך, ווען ר׳ מלך איז אַריינגעקומען. אָבער ר׳ מלך האָט זיך נישט וויסנדיק געמאַכט, און ס׳האָט אים אפילו נישט גע-

ארט, וואָס אַ קרוב זיינער האָט אונטער דער נאָז אים דערציילט, אַז אַן אַרענדאַרס אַ טאָכטער האָט זיך פאַרליבט אין פריצס זון, און... ער האָט דעמדאָזיקן קרוב אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט אים גאָרנישט פאַרשטאַנען.

זייער אַ פשוטער, אָבער אַ גרויסער און ערלעכער ייד געווען דער ר׳ מלך. זיין טאָכטער האָט ער זייער שטאַרק ליב געהאַט, און נאָך מער האָט ער זי ליב געקריגן דערפאַר, וואָס זי האָט ליב געקריגן אַן אָרעמען בחור. „זי גראָט איינגאַנצן אין איר טאַטן אַריין" — האָט ער זיך דעמאָלט באַרימט — „זי נעמט זיך נישט איבער מיט איר יחוס, נישט מיט איר שיינקייט, און נישט מיט איר רייכקייט". און דאָס איז געווען דאָס איינציקע מאָל, וואָס ר׳ מלך האָט זיך באַרימט און איז שטאָלץ געווען, שטאָלץ אויף זיין קינד.

די חתונה איז געווען אין אַ שיינעם זומערטאָג. די גאַנצע שטאָט איז געווען אויף דער חתונה, און גאַנצע אַכט טעג האָט מען געהוליעט. די בעסטע קלעזמאָרים — גאַנצע דריי קאַפּעליעס — האָבן נישט אויפגעהערט שפּילן. די טישן זענען געווען געדעקט מיט כל טוב, און טאַקע אין דעם זעלבן וואַלד, וווּ דער חתן איז פריער געווען שרייבער. ס׳זענען געקומען רביים פון אַ סך שטעט, האָבן געזאָגט תורה, און חסידים — דעם שניידערלס חסידים — האָבן נישט אויפגעהערט טאַנצן. די טייערסטע וויינען און בעסטע ליקערן האָבן זיך ווי וואַסער געגאָסן, גאָלדענע און בריליאַנטענע חפצים האָבן זיך פון אַלע זייטן געשיט דרשה-געשאַנק, און די זון אינם טיפן בלויען הימל האָט צו דעם אַלעם אַראָפּגעלאַכט — זיך געפרייט. דאָס איז שוין איינמאָל געווען אַ חתונה!... און נישט קיין קלייניקייט: דעם שניידערלס אַן איניקל! — —

געשטאָרבן איז ר׳ מלך, ווען ער איז שוין אַלט געווען אַ יאָר עטלעכע און זיבעציק, אַ יאָר נאָך זיין ווייבס טויט. ס׳ייבגע פאַרפאָלק זענען געווען די איינציקע יורשים פון זייער גרויס פאַר-מעגן.

## III.

און ווייטער האָט די באָבע איר אייניקל דערציילט:

— דאָס, מיין קינד, איז געווען, ווען יוסף, ר׳ אברהמס זון, און די טאָכטער, מרים — זי הייסט נאָך איר עלטער־באָבע, די כשרע צדיקות אינם ליכטיקן גן עדן — זענען ביידע נאָך געווען קינדער. מרים איז דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר דרייצען — שוין אויסגעזעצן ווי אַ כלה־מיידל, שיין געווען ווי אַ יינג קערשנ־ביימל ווען ס׳בליט, און יוסף — ער איז דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר פופצען. ר׳ אברהם איז שוין דעמאָלט געווען אַ גרויסער וואַלד־סוחר, אַ גרויסער עושר. דעמאָלט האָבן אַ סך יידן, נישט קיין ייִנגע — זענען שוין אַלע אויפן עולם אמת — נאָך געלעבט מיט די זכרונות פונם שניידערל, זכותו יגן עלינו. די נעץ אָבער פון די אַלע שיינע מעשות, וועלכע האָבן זיך נאָך זיין טויט אָנגעהויבן שפינען, האָט אָנגעהויבן ווערן שוין אָפּגע־בלאַקעוועט, צעריסן, און אַזוי פאַרפלאָנטערט — אַז מ׳האָט בע־סער אינגאַנצן אויפגעהערט זיי דערציילן: באַהאַלטן ס׳צירינג אין קופערט אַריין...

ס׳לעבן, מיין קינד, האָט אָנגעהויבן ווערן זייער וואָכעדיק, זייער שווער, ווי בליי. ס׳האָט זיך יעדן געדאַכטן, אַז ס׳לעבן איז אין אַ טיפן זומפּ, אין אַ ליימענער בלאָטע שטעקן געבליבן. נישט די אָרעמקייט — זי איז דאָך תמיד געווען, נאָר עפּעס ווי אַן איי־ביקער רעגנדיקער ווינטער האָט זיך איבער דעם שטעטל אַראָפּ־געלאָזט. שווערע פינצטערע וואָלקנס האָבן דעם שווערן גרויען הימל נאָך שווערער און גרויער געמאַכט, אָנגעכמורעט און שוואַרץ. קיין איין ליכטיקער שיין פון דער זון — ווי זי וואָלט אויסגעלאָשן געוואָרן. מ׳האָט מער נישט געהערט נאָר קרעכצן און זיפצן. דעם שניידערלס חסידים האָבן שוין מער נישט געקאַנט אויסהאַלטן, און

זיי האָבן צוזאַמענגערופן אַן אסיפה. אויף דער אסיפה האָבן זיי באַשלאָסן צו שרייבן אַ ספר-תורה אויף זייער רבינס נאָמען: דאָס וועט די שטאָט צוריק דערמאַנען אָן אים, ווידער צוריק אויפלעבן. באַלד זענען עטלעכע יידן אַהינגעגאַנגען צו ר׳ יצחקל סופר — וועלכער איז אויך שוין אין ליכטיקן גן עדן — און צו אים אַזוי געזאָגט:

— ר׳ יצחקל! מיר זענען געקומען צו אייך וועגן אַ גרויסער און הייליקער זאַך! מיר ווילן, אַז איר זאָלט שרייבן אַ ספר-תורה פאַרן הייליקן שניידערלס וועגן, ווייל ס׳גאַנצע לעבן, ס׳גאַנצע יידישקייט, גייט הס ושלום אונטער!

זיי האָבן אים מסתמא נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן — אַזוי דערציילט מען — נאָר מער נישט געקאָנט, ווייל טרערן האָבן זיי אָנגעהויבן שטיקן אין האַלז. בלויז איינער — דאָס איז געווען ר׳ פנחס — האָט זיך געשטאַרקט, און נאָכגעזאָגט:

— איר, ר׳ יצחק קאָנט ראַטעווען!

ר׳ יצחק סופר האָט פאַרחידושט אָנגעקוקט די יידן, וועלכע זענען צו אים געקומען. ער האָט מיט אַלע כוחות זיך אויפגעזעצט אין בעט, אין וועלכן ער איז געלעגן צוליב שוואַכקייט און עלטער, און זיי געפרעגט:

— וואָס הייסט איך קאָן ראַטעווען?

— מיר האָבן נישט קיין סך געלט, — האָט איינער פון די יידן, שטרויכלענדיק געענטפערט.

איז ר׳ יצחק סופר אויפגעקאָכט געוואָרן און געשריגן:

— כ׳האָב דאָך אייך נישט געפרעגט וועגן געלט! אָבער וואָס הייסט איך קאָן ראַטעווען?

— אַז איר וועט שרייבן די ספר-תורה...

— עי! — האָט ר׳ יצחק סופר אַ מאַך געטון מיט אַ האַנט, ווי ער וואָלט נישט געהאַט צו וועמען צו רעדן.

אָט דאָס איז כמעט וואָרט באַ וואָרט, מיין קינד, וואָס איך דערצייל דיר איצט דאָ; דאָס האָט מען דערנאָך איבערגעגעבן אין שטאָט, אַלץ, וואָס די יידן האָבן גערעדט צו ר׳ יצחקל סופר, און וואָס ער האָט זיי געענטפערט. און די ווערטער, וועלכע ער האָט

זי גענטפערט זענען אַ סך ווערט, מיין קינד, ווייל ר׳ יצחקל סופר איז קיין קליינקייט נישט געווען. ער האָט פיינט געהאַט, אַז ס׳האָט אים ווער געזאָגט, אָדער דורך אַ רמז אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער איז אַ הייליקער ייד און קאָן טון וווּנדער. ער האָט טאַקע געקאָנט טון וווּנדער, אָבער ער האָט נישט געקאָנט ליידן, אַז מ׳האָט אים דאָס געזאָגט און אויך נישט דעם מענטש, וועלכער האָט געגלייבט, אַז איינער דעם אַנדערן קאָן העלפן. „דער צדיק קאָן קוים זיך אַליין העלפן!" — האָט ער צו די יידן געשריגן. „דער מענטש מוז זיך אַליין העלפן, יעדער אַליין! אַזוי איז גאָטס ווילן, דערויף האָט ער דעם מענטש געגעבן אַ מח, הענט און פיס, און ער העלפט — ווען ער העלפט זיך אַליין." יאָ, אַזוי האָט ער געזאָגט.

ר׳ יצחקל סופר איז כּל ימיו געווען אַ גרויסער אָרעמאַן. ער איז געווען אַ חלוש, אין די לעצטע יאָרן שוין מער געלעגן אין בעט, ווי אַרומגעגאַנגען. ס׳שטיבל, אין וועלכן ער האָט געוווינט, איז געווען קליינטשיק, איינגעפאַלן. ער האָט געהאַט אַ קליין גרוי בערדל, אויגן אויך גרויע, קליינע און שאַרפע. ער איז געווען אַ גרויסער כּעסן, ווייל ער איז געווען אַ כּהן. נאָר געגעסן האָט ער כּמעט גאָרנישט, נישט מער, ווי אַ קליין ווייצן קוילעטשל אַ טאָג, אַן עפּעלע, און געטרונקען אַ גלאָז מילך. קיין פלייש האָט ער קיינמאָל נישט געגעסן. אפילו שבת נישט. ס׳ווייב זיינס, וועלכע איז אויך שוין אין ליכטיקן גן עדן, ווייל זי איז אויך געווען אַ גרויסע צדיקות, האָט אים תּמיד געזאָגט, אַז שבת דאַרף אַ ייד עסן פלייש, כאָטש טועם טעם זיין. האָט ער איר געענטפערט: „וואָס? ווייל ס׳איז שבת, דאַרף מען טייטן גאָטס אַ לעבעדיק באַשעפעניש?" מאָנטיק און דאָנערשטיק האָט ער געפאַסט, און געשלאָפן: באַנאַכט פון צען ביז צוועלף, און באַטאָג פון דריי ביז פיר. יעדן פאַרטאָג איז ער געגאַנגען אין מקווה אַריין זיך טובל זיין, און אַלע דריי יאָר צוזאַמענגערופן אַ מנין יידן, אַלע גרעסטע לומדים, און געמאַכט אַ סעודה — ער האָט געענדיקט ש"ס.

זיינס אַ מזוזה, אָדער אַ פּאָר תּפילין, האָט נישט יעדער איי-

נער געקאָנט קויפן. נישט דערפאַר, ווייל ער האָט חס ושלום פאַרלאַנגט אַ סך געלט, נאָר ווייל נישט יעדן האָט ער געוואָלט פאַרקויפן. בלויז נאָר רביים, אמתע פרומע יידן און גרויסע לומדים, האָבן זוכה געווען צו דאַוונען אין זיינע תפילין, אָדער צו האָבן בײַ זיך אין שטוב זיינס אַ מזוזה. קיין גט האָט ער אין זיין לעבן נישט געשריבן, פאַר כל הון דעלמא, און אויך קיין קמיע נישט. זיינס אַ ספר תורה איז פון אַ גאַנץ באַזונדערן ווערט. אָבער נישט פאַר יעדן, וואָס איז געקומען צו אים באַשטעלן אַ ספר-תורה, האָט ער געשריבן. אין די לעצטע יאָרן האָט ער קיין ספר תורה בכלל שוין מער נישט געשריבן. „כ'בין אַ חלוש" — האָט ער געזאָגט — „כ'קאָן שוין מער נישט שרייבן בקדושה ובטהרה — טאָר איך קיין ספר תורה נישט שרייבן".

די ספר תורה אָבער, וועלכע די יידן זענען געקומען צו אים באַשטעלן, האָט ער גלייך אָנגענומען, ווייל ער האָט אין דעם מאָמענט דערפילט עפּעס אַ נייעם כוח אין זיך, און זיינע אויגן האָבן אָנגעהויבן לייכטן. ער האָט נאָר נישט געקענט ליידן, וואָס די יידן, וועלכע זענען צו אים געקומען, האָבן אים געזאָגט, אַז ער קען ראַטעווען. ער האָט בײַ די יידן גלייך באַשטעלט די פּעלעכלעך, וועלכע ער האָט באַדאַרפן האָבן אויפן פּאַרמעט — ווייל ער האָט קיין אַנדערן פּאַרמעט, חוץ פון זיין אייגענער אויסאַרבעטונג, נישט גענוצט — און אַ צוויי מענטשן, וואָס זאָלן אים די פּעלעכלעך העלפן אויסאַרבעטן. באַלד איז ער אויפגעשטאַנען פונם בעט, ווי ער וואָלט מיט איינמאָל גאָר יינג געוואָרן און מיט נייע פרישע כוחות, מיט ברען, ווי אין די פריערדיקע יאָרן, האָט ער זיך אַ נעם געטון צו דער הייליקער אַרבעט. איינגעהילט אין טלית, בקדושה ובטהרה, איז ער געזעסן און געשריבן, און צייט איין יאָר פּאַרטיק געהאַט די ספר תורה.

די אייגענע יידן, וועלכע האָבן זי בײַ אים באַשטעלט, זענען געגאַנגען זי אָפּנעמען. אָנגעטון שבתדיק: אין אַטלעסענע קאַפּאָטעס און אין שטריימלען, מיט לעקעך און זיסן בראָנפן, און מיט אַ מתנה פאַר ר' יצחקל סופר: אַ נייע אַטלעסענע קאַפּאָטע, און אַ טלית מיט אַ זילבערנער עטרה — זענען זיי צו אים אַריינגע-

קומען פריילעכע און לעבעדיקע. נאָר ר׳ יצחקל סופר איז ווידער אין כעס געוואָרן — ווייל מ׳האָט אים געבערענגט אַ מתנה און גע־שריגן:

— וואָס טויג מיר אַ נייער טלית? וואָס בין איך, אַ יינגער־מאַן ערשט פון אונטער דער חופּה אַפער?...

האָט איינער פון די יידן — דער אייגענער ר׳ פּנחס — וועלכער האָט אין יענעם טאָג אויסגעזען ווי אַ מחותן, געענט־פערט:

— איר זענט אַ מחותן, ר׳ יצחקל!... איר מוזט האָבן אַ נייע אַטלעסענע קאַפּאָטע!...

— און דעם טלית — האָט אַ צווייטער אונטערגעכאַפּט — ווייל איר וועט נאָך דערלעבן אַ קייגנצוגיין משיחן!...

— און מיט דער זעלבער ספר תורה, וועלכע איר האָט גע־שריבן! — האָט אַ דריטער אונטערגעכאַפּט.

— טרינקט, ר׳ יצחקל! — האָט אַ פערטער, דערלאַנגענדיק אים אַ גלעזל פונם זיסן בראָנפן, אַ פריילעכער געשריגן.

— און איך אויך, ר׳ מנשה!

— לחיים!...

— לחיים!...

— לחיים!...

יאָ, אַזוי, מיין קינד, איז געווען. די יידן, וועלכע זענען בײַ אים געווען, האָבן דאָס אַליין דערנאָך דערציילט. און ר׳ יצחקל סופר, אין דער נייער אַטלעסענער קאַפּאָטע, אין דעם אַלטן אויס־געקראָכענעם שטריימל — וואָס האָט דעמאָלט אויסגעזען ווי ניי — מיט דער נייער ספר תורה, איינגעהילט אינם נייעם טלית, פעסט צוגעדריקט צום האַרץ, מיט די יידן פון ביידע זייטן — זיי האָבן אים געפירט אונטער די אָרעמס — איז ער געגאַנגען צו ר׳ אברהמען דער וואַלד־סוחר, וווּ ס׳איז געווען דער סיום הספר. זיין אויסגעדאַרט פּנים פון שוואַכקייט און עלטער האָט דעמאָלט באַקומען אַ פרישע רויטלעכע פאַרב, און די קליינע גרויע אויס־געלאָשענע אויגן האָבן געלויכטן פון פרייד, ווי בײַ אַ קינד.

---

אין דער שטאָט האָט פונדערפרי זיך געקאָכט ווי אין אַ חתונה־שטוב. יעדער ייד האָט זיך געפילט שמחהדיק, מחותּנדיק... באַ ר' אברהמען דעם וואַלד־סוחר אין דער שטוב איז געווען פריי־לעך, ס'זענען זיך אָנגעקומען יידן און ווייבער, מיידלעך, ייִנגע־לייט, און אפילו דערוואַקסענע קינדער — ווי צו אַ חתונה. נאָר אין דער פריילעכקייט האָט זיך געפילט עפּעס אַ טרויעריקייט. ר' אברהם דער וואַלד־סוחר איז אַרומגעגאַנגען איינגעגאַנצן אַ פאַרחלומטער, אַ פאַרבענקטער. אין זיינע אויגן — כאָטש ס'האָט פון זיי אַרויסגע־קוקט די שמחה — האָט מען דאָך געזעען, אַז אין זיי איז פאַר־באָרגן אַ צער. ס'האָט זיך יעדן געדאַכטן, אַז ער זוכט ווען, זוכט און ווייסט, אַז יענער וועט נישט קומען, אָבער ער וויל, אַז יענער זאָל זיין אויף דער שמחה, אָן יענעם קאָן ער זיך נישט פרייען, און יענער — ס'דאַכט זיך אים, אַז ער זעט אים, ער זעט אים, יאָ, ער זעט אים, און דאָך... און ער זוכט אים, זוכט אים מיט די בליקן פון זיינע טרויעריקע אויגן, זיין פּנים איז בלאַס, די שוואַרצע באָרד ציטערט... אַן אומהיימלעכקייט האָט צע־שטערט די גאַנצע שמחה.

אַזוי האָט דאָס אָבער נאָר אויסגעזעען ביז פאַרנאַכט. פאַר־נאַכט איז געוואָרן אַנדערש. רחלע — זי האָט אויסגעזען ווי אַן אמתע מחותּנתטע טאַקע, גליקלעך, ווי אַ קעניגן — האָט זיך גע־פאָרעט צווישן די ווייבער און צווישן די מאַנספּערשוינען. איר האַרץ איז געווען דערפרייט, איר נשמה האָט געזונגען דורך אירע אויגן, און נישט זי איז געגאַנגען, נאָר געשוועמען. געפלויגן ווי אַ פייגעלע... איר פּנים האָט געשטראַלט, און די הענט — נאָר זיי האָבן געבערענגט און געטראָגן: איינגעמאַכטס, ווישניק, ליקער, בראָנפן, פאַרשידענע לעקעכער, פלאָדנס. און זי האָט געהאַלטן אין איין טיילן, אין איין בעטן זיך באַ יענעם, נישט אָפּגעלאָזט: „נעמט... נעמט... איך בעט אייך...“ און יעדער האָט געמוזט נעמען, אפילו נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל. און נישט זי אַליין האָט געטיילט, געפּאָרעט זיך, נאָר יעדער איינער, אַלע כמעט, וועלכע זענען געקומען, האָבן זיך געפּאָרעט, געטרונקען און געווונטשן זיך.

פֿאַרנאַכט איז די גאַנצע שטאָט שוין געווען בײַ ר׳ אבֿרהמען. די שטובן זענען געוואָרן פֿול געפּאַקט, קעפּ אויף קעפּ. מ׳האָט אָנגעצונדן ליכט, גרויסע סטערין-ליכט, און צעשטעלט זיי אין די זילבערנע לייכטער אַריין, וועלכע זענען געשטאַנען אויף די גרויסע ווייס-געדעקטע טישן. ס׳איז געוואָרן העל און ליכטיק אין אַלע שטובן. באַלד האָט מען אָנגעצונדן אויך די לאָמפּן, גרויסע בליך-לאָמפּן, צעשטעלט ליכט אין די גרויסע הענגלייכטער אַריין, אין די עססעס, און אין די זשיראַנדלען אַריין.

די ווייבער — אַלע אויסגעפּוצטע אין זייערע שענסטע קליידער: אין זיידענע, אַטלעסענע, און סאַמעטענע. אַלע פֿון פֿאַרשידענע פֿאַרבן און קאָלירן: בראָדע, ווי שטאַרקער רויטער ווייַן, בלויע, ווי דער הימל אין תּמוז, גרינע, ווי די פֿעלדער אין זומער, און נאָך און נאָך אַ סך פֿאַרשידענע פֿאַרבן. און באַנייט מיט פֿאַרשידענע פּאָטשערקעס, מיט פֿליטערלעך און מיט געלע, ליליאַ, און ראָזע סטענגעס. אַ סך יינגע ווייבלעך האָבן זיך גאָר אָנגעטון אין זייערע ווייסע חופּה-קליידער, וועלכע זענען בײַ זיי געווען ווי ניי נאָך כמעט. אויך עלטערע ווייבער האָבן זיך אָנגעטון זייערע ווייסע חופּה-קליידער, וועלכע זענען אָבער שוין געווען מער געל ווי ווייס, מיט גרינע פֿלעקן, אָבער דאָס האָט נישט געשאַדט, זיי האָבן אין זיי אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן געפּייערט זייערע זילבערנע חתונות. . . קייגנאיבער די פֿייערן פֿון די לאָמפּן און ליכט האָט געבליצט זייער צירונג: שנירן פּערל, קרעלן, בורשטינען, גאָלדענע קייטן, ברילי-אַנטענע בראָשעס, קאָליעס, דימענטענע אויערינג, פֿינגערלעך, בראַנזלעטן, און נאָך אַ סך אַנדער צירונג. דאָס אַלץ האָט זיך אויסגעמישט אין אַזאַ כּישוף פֿון פֿאַרבן, אַז ס׳האָט אַזש געבלענדט אין די אויגן. די מאַנספּערשוינען זענען געווען אָנגעטון אין זייערע שבתדיקע און יום-טובֿדיקע שוואַרצע אַטלעסענע קאַפּאָטעס, און די יינגעלייט — אויסגעפּוצט ווי חתנים אין זייערע סאַמעטענע היטלען, און די פּאות געקרייזלט. די מיידלעך האָבן אויסגעזען ווי כּלות, באַחנטע און צניעותדיקע, און די קינדער — אַלע כמעט אין נייע מלבושימלעך.

מ׳האָט אָפּגעדאַוונט מנחה, און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן ס׳פֿאַר-

קויפן די אותיות אָנצושרייבן אין דער נייער ספר תורה. אין דער גרויסער שטוב, אין סאַמע מיטן, איז געשטאַנען דער טיש, אויף וועלכן ס׳זענען געלעגן די הייליקע יריעות. דער טיש איז געווען איבערגעדעקט מיט אַ גרין פּלושן טישטוך. פון ביידע זייטן אויפן טיש האָבן געברענט צוויי גרויסע וואַקסענע ליכט, אַריינגעשטעלט אין זילבערנע לייכטער. די טירן פון די אַנדערע שטובן, וועלכע האָבן געפירט אין דער גרויסער שטוב אַריין, ווו די יריעות פון דער ספר תורה זענען געלעגן, זענען געווען אָפן. אַ שטילקייט. אַלע, ווי פאַרגליווערטע, האָבן איינגעהאַלטן דעם אָטעם, געקוקט, ווי ר׳ עזריאל דער טאָקער האָט באַפעסטיקט די „עץ החיימס״ צו די יריעות פון דער נייער ספר תורה, וועלכע ער האָט געמאַכט אַ מתנה.

מרים האָט אין יענער רגע אויסגעזען ווי אַ כּלה. זי איז געווען שיין, נישט צום אויסמאָלן: ווי אַ כּלה פאַר דער חופּה. אָנגעטון אין אַ ווייס שפּיצן קלייד — האָט זי אויף אַ זילבערנער טאַץ אַריינגעבראַכט די וויקלשנור און דאָס מענטעלע פאַר דער נייער ספר תורה, וואָס זי האָט אַליין אויסגענייט און אויסגעהאַפטן. די שטילקייט איז געוואָרן נאָך גרעסער, און די בליקן פון אַלע נאָך אָנגעשטרענגטער. יעדן האָט זיך געדאַכט, אַז אַ מלאך פון הימל איז אַראָפּגעקומען, און שטייט מיט אַ זילבערנער טאַץ פאַר ר׳ יצחקל סופר... ער האָט פון איר באַלד צוגענומען די אַלע זאַכן, וועלכע זי האָט אַריינגעבראַכט, און צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע יידן — וועלכע זענען געשטאַנען לעבן אים פון ביי־דע זייטן — האָט ער באַקוקט דאָס מענטעלע, וואָס איז געווען זייער שיין. אַלע האָבן זיך געחידושט, און זיך געהאַלטן אין איין פרעגן:

— וואָס איז דאָס: זייד, אָדער אַטלעס?

— בלויער טערקישער פּלוש, אַרומגעזוימט מיט רויטן שפּאַנישן סאַמעט, — האָט מרים רויט ווערנדיק קוים געקאָנט ענטפערן.

זי האָט זיך געשעמט, נישט געהאַט ווו די אויגן אַהינצוטון. אַלע האָבן געקוקט אויף איר, איינגעפלאַכטן זייערע בליקן

אינם מענטעלע, און ר׳ יצחקל סופר האָט זיך געהאַלטן אין איין חידושן:

— זייער שיין, זייער שיין... כ׳האָב דאָך שוין געזען אַ סך שיינע מענטעלעך, אָבער אַזעלכעס...

ער האָט זיך גאָרנישט געקאָנט אָפּרייסן דערפון, ר׳איז גע־וואָרן אַלעמאָל אויפגעלעבטער, יינגער, און מרימס פנים איז געוואָרן אַלעמאָל פלאַמענדיקער, נאָר אויך שענער און איידע־לער. ער האָט איר געווּנטשן, אַז איר פנים און איר מזל זאָלן איר אייביק אַזוי לייכטן און שיין זיין, ווי דאָס מענטעלע. רחלע איז פון פרייד צוגעלאָפן צו מרימען און זי געקושט, געקושט און געוויינט.

און דאָס מענטעלע, מיין קינד, איז טאַקע געווען זייער שיין. ווען מ׳האָט עס פונדערווייטנס געהאַלטן, האָט אויסגעזען ווי דער בלויער הימל פאַרנאַכט, באַזוימט מיט רויטע פאַסן פון דער פאַר־גייענדיקער זון. דער „מגן דוד״ איז געווען אויסגעהאַפטן מיט גאָל־דענע פעדים, און די צוויי לייבן אינעווייניק — ווי זיי וואָלטן געלעבט. אונטער די לייבן זענען געווען אותיות אויסגענייט, און מיט אַזעלכע מיני פאַרבן און קאָלירן, אַז זיי האָבן אויסגעזען ווי בליצנדע רעגנבויגנס, און זיך געלייענט: „גור אריה יהודה״. איי־בער די לייבן איז געווען אַ קרוין, וועלכע האָט געלויכטן און גע־בלענדט. אין דער קרוין זענען אויך געווען אותיות אויסגענייט, ווי פינקלענדיקע שטערן, און זיך געלייענט: „כתר תורה״. אַרום דעם מגן דוד איז געווען אַרומגעהאַפטן אַ קראַנץ, און ער האָט אויסגע־זען, ווי ער וואָלט געלעבט. די גרינע בלעטער האָבן אויסגעזען ווי זיי וואָלטן געפלאַטערט פון אַ ווינטל, און די רויזן — טונקל־געלע, האָבן אַרויסגעקוקט צו אַ פורפור־רויטער זון, וועלכע האָט גע־שוועבט איבער זיי — האָבן אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן אַלע שטיל געאָטעמט. מ׳האָט געפילט, אַז אין זיי איז דאָ עפּעס אַ לעבן, וואָס קאָכט און ברויזט ווי אַ ים. די איידעלע ווייסע ליליען האָבן אויס־געזען, ווי זיי וואָלטן געחלומט אין אַ טיפן שלאָף. דער קראַנץ האָט זיך געצויגן ביז הינטן, און זיך געשלייפט אין צוויי טיף־בלויע

פרענז. נאָר באַזונדערס חנעווּדיק זענען געווען די לילע אַקסל-בענדער.

אין די שטובן האָט די פייערלעכקייט זיך אַלע מאָל מער צעוואַקסן. איינער מיטן אַנדערן האָט געשמועסט, גערעדט, און די פייערן פון די לאָמפּן און ליכט האָבן געבליצט. מ׳האָט אָנגעצונדן נאָך ליכט, נאָך לאָמפּן. ס׳זענען זיך אָנגעקומען נאָך יידן און ווייבער — די, וועלכע האָבן זיך פאַרשפּעטיקט. אין די שטובן איז געוואָרן שרעקלעך ענג, אָבער די שמחה האָט אין דער ענגשאַפט זיך אַלע מאָל אַלץ שטאַרקער צעוואַקסן. הייליקייט און פריילעכקייט האָבן זיך אויסגעמישט איינעם.

רחלע מיט נאָך עטלעכע חשובע ווייבער האָבן שוין געמאַכט די לעצטע שטעך באַם צוזאַמענגייען די יריעות. דידאָזיקע הייליקע אַרבעט האָט ר׳ יצחקל סופר איבערגעלאָזט פאַר די פרויען, אַז זיי זאָלן אויך האָבן אַ חלק אין דער הייליקער תורה. די ווייבער האָב אַלע זיך געשטופּט צו דער הייליקער אַרבעט — אַלע האָבן געוואָלט האָבן אַ חלק אין דער הייליקער תורה — האָט יעדע איינע באַקומען די נאָדל צו מאַכן אַ שטאָך. אַז זיי האָבן שוין געהאַט די גאַנצע אַרבעט געענדיקט — האָבן זיי געטרונקען צווישן זיך זיסן בראָנפן, ליקער, זיך געווונטשן, און צוגעביסן פון די פאַרשידענע טאָרטן, לעקעכער, איינגעמאַכטס — פול אָנגעשטעלט אויף אַלע טישן — אַלץ, וואָס רחלע האָט אַליין געבאַקן און צוגעגרייט. זי האָט זיך געפרייט און געפּאַרעט, און וואָס מער זי האָט זיך געפּאַרעט — אַלץ שענער איז זי געוואָרן, אַלץ יינגער אויסגעזעען — ווי אַ יינג מיידל, ווען זי בליט און איז גליקלעך.

מ׳האָט פאַרקויפט שוין די לעצטע אותיות. איינער דעם אַנדערן האָט געוואָלט איבערשטייגן אין געלט. דער, וואָס האָט געקויפט, איז אויפגערופן געוואָרן, ווי שבת אין שול צו אַן עליה: „יעמוד, ר׳... מכבד מיט שרייבן אַ „ד״!

ר׳ יצחקל סופר האָט יעדן געוויזן ווו ער זאָל שרייבן און דעם, וועלכער האָט אָנגעשריבן דאָס אות, האָט יעדער געווונטשן מזל-טוב. דערנאָך האָט דער ייד באַקומען אַ גלעזל בראָנפן, אָדער לי-

קער — וואָס ער האָט געוואָלט — און געטרונקען לחיים צו אַלע. אַזוי איינער נאָכן אַנדערן, איינער נאָכן אַנדערן. איינער האָט געשריבן אַ „ו", דער צווייטער אַ „י", דער דריטער אַ „ה" — יעדער איינער האָט געשריבן אַן אות, אפילו דער, וואָס האָט נישט געקויפט.

דערנאָך האָט מען אויפגערופן דעם באַלעבאָס — ר' אברהמען דעם וואַלד־סוחר — ער זאָל שרייבן די לעצטע דריי ווערטער. די אותיות פון די לעצטע דריי ווערטער זענען נישט פאַרקויפט געוואָרן, מ'האָט זיי איבערגעלאָזט פאַר דעם חשובסטן אויף דער שמחה, און דער חשובסטער איז דאָך געווען ר' אברהם. באַלד האָט ער באַקומען אַן אַנדערן אויסזען, ווי אַ מחותן, ווען ער דאַרף בענטשן זיין קינד צו דער חופה. און אַז דער שמש, וועלכער האָט אים אויפגערופן, האָט דערמאַנט, אַז ער איז ' מלכּס אַן איידעם, רחלעס, דעם שניידערלס אייניקלס אַ מאַן — איז געוואָרן אַזאַ שטילקייט, אַז מ'האָט אַזש געקאָנט הערן ווי די ליכט ברענען... יעדן האָט זיך אָנגעהויבן דאַכטן, אַז די ליכט ברענען אַנדערש, זייערע פייערלעך זענען העלער געוואָרן, ווייסער, און זיי האַלטן איין דעם אָטעם ווי מענטשן... קיינער האָט זיך קיין ריר נישט געטון. ס'האָט זיך יעדן געדאָכטן, אַז ער זעט ר' פייוולען, דאָס הייליקע שניידערל — ער שוועבט אַרום אין די שטובן, איבער דער נייער ספר־תורה, וועלכע איז געלעגן צעוויקלט אויפן טיש.

ר' אברהם דעם וואַלד־סוחרס פּנים איז בלאַס געוואָרן, און די בליקן זיינע — דאָס האָט יעדער איינער באַשיינפּערלעך געזעען — האָבן גערעדט מיט וועמען... אויף דער אייגענער זילבערנער טאַץ, אויף וועלכער מרים האָט אַריינגעבראַכט דאָס מענטעלע מיט דער וויקל־שנור, האָט ער אַריינגעבראַכט דאָס צירונג פאַר דער נייער ספר־תורה — די כּלה. דאָס איז געווען אַ זילבערנער כּתר מיט גאָלד באַפּוצט, מיט טייערע שטיינער אויסגעזעצט, און אַ זילבערנער יד מיט אַ חשן משפּט אויף גאָלדענע קייטעלעך. ער האָט דאָס אַלץ אַנידערגעלייגט אויפן טיש לעבן דער כּלה, און מיט אַ ציטערנדיקער האַנט, ווערנדיק אַלעמאָל בלאַסער, האָט ער אָנגע-

שריבן די לעצטע דריי ווערטער אין דער תורה, וווּ ר׳ יצחקל סופר האָט אים געוויזן. דערנאָך האָט אַ ייד געליינט די לעצטע פּרשה פון דער לעצטער סדרה, און געענדיקט מיט די ווערטער, וועלכע ר׳ אברהם דער וואַלד־סוחר האָט אָנגעשריבן: „לעיני כל ישראל״. אַלע יידן, און אויך די פרויען — אפילו די קינדער — האָבן מיט אַלע כּוחות געשריגן: „חזק!... חזק!... ונתחזק!...

באַלד האָבן די קלעזמאָרים אָנגעהויבן שפּילן אַ פרייל עכן מאַרש. ס׳איז געוואָרן אַ פרייד, און די פייערלעך פון די ליכט און פון די לאָמפּן האָבן באַלד צוריק אָנגעהויבן ברענען ווי זיי האָבן פריער געברענט, האָבן געטאַנצט און געשפּרונגען... אַלע האָבן זיך געשטופּט צו ר׳ אברהמען, אים געווונטשן מזל טוב, און רחלע — איינגאַנצן צעמישט פון פרייד — איז צוגעלאָפן צו אים, און אים שיער אַרומגעכאַפּט... פון אירע אויגן האָבן זיך געגאָסן טרערן — פון גליק — און אויך אין ר׳ אברהמס אויגן האָבן זיך טרערן געשטעלט... באַלד האָט אַ ייד דערלאַנגט צוויי קליינע גלעזערלעך זיסן בראָנפן, איינס ר׳ אברהמען און ס׳צווייטע ר׳ יצחקל סופר. ביידע האָבן זיך אָנגעקוקט, נישט געקאָנט אַרויס־ברענגען קיין וואָרט פון זיך... נאָר באַלד האָבן זיך פון אַלע זייטן געגומען טראָגן קולות:

— לחיים!...

— לחיים!...

— לחיים!...

מ׳האָט געטרונקען און זיך געווונטשן. דערנאָך האָט ר׳ פּנחס — אַ ייד מיט אַ ווייסער באָרד — אַ געשריי גע־טון:

— און איצט צו דער חופּה!...

אַלע האָבן געשריגן:

— צו דער חופּה!... צו דער חופּה!...

— נאָך ליכט אָנצינדן!...

— די הבדלות!...

די קלעזמאָרים — די אייגענע דריי קאַפּעלעס, וועלכע האָבן

געשפּילט אויף רחלעס חתונה מיט ר׳ אברהמען — האָבן אָנגעהויבן
שפּילן. דער עולם האָט זיך אַרויסגעשטופּט דורך אַלע טירן, מ׳האָט
זיך געפּאַקט, געשטופּט, ביז די אַלע שטובן זענען איבערגעבליבן
ליידיק.

---

אינדרויסן זענען שוין געשטאַנען הונדערטער יידן, מיט
ברענענדיקע געפלאָכטענע הבדלות פון פאַרשידענע קאָלירן, מיט
לאָמטערלעך, געמאַכט פון פאַרשידנפאַרביק פּאַפּיר, וואָס האָבן גע-
לויכטן : מיט גרינע, רויטע, ווייסע, געלע, לילע, און נאָך אַנדע-
רע קאָלירן. אויף פערד זענען געזעסן רייטנדיקע זעלנער, פאַר-
שטעלט פאַר טערקן, טשערקעסן, און קאָזאַקן. אַלע מיט לאַנגע
הילצערנע שווערדן באַ די זייטן, מיט הויכע פּיקעס אין די הענט.
אויף וועלכע ס׳האָבן געפלאַקערט שטורקאַצן. דאָס זענען געווע.
די באַלעגאָלעס פונם שטעטל, די וואַסער-טרעגער, באַלמעלאָכעס,
און אויך בית המדרשניקעס. זיי האָבן זיך פאַרשטעלט מיט לאַנגע
שוואַרצע בערד, מיט הויכע ווינטערדיקע היטן — האָבן זיי אויס-
געזען ווי אמתדיק יידיש חייל טאַקע, גבורים, שטאָלצע און
שטרענגע. פיר הויכע יידן — אַלע מיט שוואַרצע בערד און
שוואַרצע אויגן, געזונטע — האָבן געהאַלטן די פיר שטאַנגען פון
דער נייער ווייס-זיידענער חופּה, וועלכע מ׳האָט עקסטרע געמאַכט
צו דער חתונה פון דער נייער ספר-תורה.

אונטער דער חופּה זענען אַרונטערגעגאַנגען ר׳ אברהם דער
וואַלד-סוחר. מיט דער נייער ספר-תורה — די כלה — אָנגעטון אין
די נייע מלבושים און טייער צירונג, ר׳ יצחקל סופר — געפירט
אונטער די אָרעמס — באַ זיין רעכטער האַנט, און ר׳ נתן —
דער גרעסטער למדן אינם שטעטל, אויך אַ זקן און אויך געפירט
אונטער די אָרעמס — באַ זיין לינקער האַנט. אַרום דער חופּה
האָבן זיך בחורים אַרומגעפלאָכטן אין אַ קייט, און דריי רייטער :
אייגער אין בלויע הויזן און אין אַ בלויען מונדיר, מיט אַ בלויער

טראָלב אַראָפּהענגענדיק פון זיין הוט — פּאָרויס, און צוויי: אין ווייסע הויזן און אין ווייסע מונדירן, מיט ווייסע אַראָפּהענגענדיקע טראָלבן פון זייערע הויכע היטן — נאָך אים. אַלע דריי רייטער, מיט די פענער פון די קאָלירן, אין וועלכע זיי זענען געווען אָנ־געטון, מיט אויפשריפטן: אויפן ערשטן פאָן — „דגל מחנה יהודה", אויפן צווייטנס, רעכטס — „גבורי ישראל", און אויפן דריטן, לינקס — „דוד מלך ישראל חי וקים". די דריי רייטער פאַר דער חופּה, די קלעזמאָרים הינטער זיי, שפּילנדיק אַלעמאָל שטאַרקער; די יידן, ווייבער, מיידלעך, יינגעלייט, און קינדער; אַלע אַרום דער חופּה, דאָס חייל אויף די פערד פון ביידע זייטן — זענען געגאַנגען איבער די גאַסן. פון אַלע פענצטער — חוץ פון די גויישע — האָבן געלויכטן לאָמפּן און ברענענדיקע ליכט. קיינער האָט אין שטאָט נישט געטאָרט שלאָפן, אפילו קליינע קינדער נישט. די לאָדן אַלע האָבן געמוזט זיין אָפן. פון די גאַניקעס — ווו עס האָבן געווינט רייכע — האָבן אַראָפּגעהאָנגען טייערע טע־פּיכער.

דעם ים ליכט פון די געפלאָכטענע הבדלות, פון די שטור־קאַצן און לאַמטערלעך פון פאַרשידנפאַרביק פּאַפּיר, וועלכע האָבן געלויכטן מיט צענדליקער קאָלירן; מיט די פייערן פון די ליכט און לאָמפּן פון די פענצטער אַרויס, מיט די מיליאָנען פייערלעך פונם צירונג, אין וועלכן די פרויען זענען געגאַנגען אָנגעטון, און וואָס האָט געבליצט קייגנאיבער די פייערן פון די לאָמפּן און ליכט; מיט דעם פינקלען פון די מיליאַסן שטערנדלעך אין דעם טיפן שיינעם נאַכטיקן הימל, מיט דעם שעמערירן פון די בלוילעכע פייערלעך פון דעם גלאַנצנדיקן שניי און דער שטאַרקער פראָסט, וועלכער איז פּונקט דעמאָלט געווען — דאָס אַלץ האָט אויסגעזעען... איך קאָן דיר גאָרנישט אָפּמאָלן, מיין קינד! —

— — — — — — — — — — — — — —

די יידן אַרום דער נייער ספר־תורה זענען געגאַנגען טאַנצנ־דיקערהייט. די ווייבער האָבן געטאַנצט, און אויך אפילו די פערד

אונטער די ריטער זענען געגאַנגען טאַנצנדיק. די קלעזמאָרים האָבן געהאַלטן אין איין שפּילן: די פלייטן, די פידלען, די טראָמפּייטן און די פּויקן האָבן קיין איין מינוט נישט אויפגעהערט. מ'איז געגאַנגען איבער דער גאַנצער שטאָט, איבער אַלע גאַסן, און אי־בערן מאַרק.

פלוצלינג האָט מען פונדערווייטנס דערזעען אַ שטאַרק פייער. יעדן האָט זיך שוין געדאַכטן, אַז עס ברענט אַ שרפה. נאָר באַלד — אַז מען איז צוגעקומען נענטער — האָט מען דערזען, אַז נישט קיין שרפה, נאָר פאַרן בית המדרש און פאַר דער שול זענען געשטאַנען בחורים, מיט אָנגעצונדענע גרויסע לאַמטערן, מיט שטורקאַצן, מיט ברענענדיקע בעזעמס, מיט שטעקנס, אַרומגעוויקלט מיט פּאַקעלעס און באַגאָסן מיט סמאָלע, האָבן געפלאַקערט. אַ סך האָבן געמאַכט פייער־קונצן: זיי האָבן אָנגענומען פולע מיילער מיט נאַפט, אַ שפּריץ געטון אויף די פלאַקערנדיקע בעזעמס, אויף די שטורקאַצן און אויף די שטעקנס אַרומגעוויקלט מיט פּאַקעלעס — האָט דאָס פייער אַ זעץ געטון צום הימל, אַז מ'האָט געמיינט עס ברענט.

עלטערע יידן זענען מיט ספרי־תורות פון דער שול און פונם בית המדרש אַרויסגעקומען, זענען אַקעגנגעגאַנגען דער כלה, האָבן געזונגען און געטאַנצט. באַלד האָבן זיי זיך אויסגעמישט מיט די יידן, וועלכע זענען געגאַנגען מיט דער חופּה, און אַלע צו־זאַמען: אין שטריימלען, אין סאַמעטענע היטלען, אין שוואַר־צע אַטלעסענע קאַפּאָטעס, מיט גאַרטלען אַרום די לענדן, מיט בליצנדע אויגן, מיט צעפלאַמטע און צעשטראַלטע פּנימער — האָבן ווילד געטאַנצט, ביז זיי זענען צוגעקומען צום בית המדרש און צו דער שול.

דאָ איז דאָס טאַנצן געוואָרן נאָך גרעסער, נאָך שטאַרקער, און נאָך ווילדער. די פרויען אַלע, די מיידלעך און די קינדער, האָבן געפּאַטשט מיט די הענט. די באַסן, די טאַצן און די פּויקן, האָבן געהאַלטן דעם טאַקט, די פידלען, די טראָמפּייטן, די פלייטן און די קלאַרנעטן, האָבן פריילעך געשפּילט, און אַזוי טאַנצנדיק,

שפּילנדיק, זינגענדיק און פּאַטשנדיק מיט די הענט, האָט דער עולם זיך אַריינגעלאָזט אין דער שול.

נאָר אין דער שול, מיין קינד, איז ערשט געווען די אמתדיקע שיינקייט. ס'האָבן געברענט הונדערטער ליכט אין צענדליקער לאָמפּן. אַ ליכטיקייט, אַז מ'האָט אַזש נישט געקאָנט אָפּן האַלטן די אויגן. די פיר יידן מיט דער חופּה האָבן זיך אַרויפגעשטעלט אויפן באַלעמער, אונטער דער חופּה ר' אברהם דער וואַלד־סוחר מיט דער כלה — די נייע ספר־תורה — און ר' יצחק־סופר מיט ר' נתן למדן אים פון ביידע זייטן. די קלעזמאָרים האָבן זיך אַרויפגעשטעלט אויף די טישן און געשפּילט. די יידן, בחורים און די חדר־יינגלעך, האָבן מיט ספרי־תורות און גמרות אין די הענט געטאַנצט אַרום באַלעמער. די ווייבער און די מיידלעך זענען געשטאַנען בײַ די ווענט, געפּאַטשט מיט די הענט, און געווונטשן: „פון היינט איבער אַ יאָר זאָל מען אַזוירנאָך אַקייגנגיין משיחן״! . . .

אינדרויסן — די, וועלכע זענען איבערגעבליבן, ווייל זיי האָבן מער נישט געקאָנט אַריין אין דער שול, צוזאַמען מיט די רייטער אויף די פערד — האָבן געזונגען, געפּאַטשט מיט די הענט און געטאַנצט. די פערד האָבן זייערע דינע פיס געשטעלט צום טאַקט, שטאָלץ געהויבן מיט די קעפּ אַרויף און אַראָפּ, געדרייט און געררוקט זיך הין און צוריק. און אויך די שטערן אויפן הימל האָבן געטאַנצט. ס'האָבן געטאַנצט די בליצנדיקע פייערלעך פון די בריליאַנטן און דימאַנטן, דער גלאַנץ פון די שוואַרצע אַטלעסענע קאַפּאָטעס, דאָס פינקלען פון די פאַרשידענע קאָלירן פון די זיידענע און סאַמעטענע קליידער, די פייערן פון די הבדלות, פון די שטורקאַצן, פון די לאָמפּן, פון די ליכט, און די קאָלירטע פייערלעך פון די הונדערטער פאַרשידנפאַרביקע פאַפּירענע לאַמטערלעך. אויך די בלוילעכע פייערלעך פונם שניי, דער הימל, די הייזער אין דער שטאָט — אַלץ, וואָס גאָט און מענטשלעכע הענט האָבן באַשאַפן, האָט געטאַנצט. שיין איז געווען די פראָסטיקע ווינטער־נאַכט, פול מיט געזאַנג, מיט טאַנץ, מיט פרייד און מיט ליכטיקייט. און אין

דעם אַלעמען, און איבער דעם אַלעמען, האָט אַ טיפער גרויסער און געטלעכער סוד געשוועבט.

דערנאָך איז ער אַרויס פון דער שול, און אַריין אין בית-המדרש. דאָ איז די ליכטיקייט שוין נישט פשוט געווען. דער סוף, די ווענט, די פאָדלאָגע — אַלץ, וואָס אינם בית המדרש איז געווען — האָט זיך געדוכטן, ברענט. און נישט פון די לאָמפּן און ליכט, וועלכע האָבן אינם בית המדרש געברענט אַזויפיל, אַז מ'וואָלט זיי גאָרנישט געקאָנט איבערציילן, איז די ליכטיקייט געווען. דאָס זענען געווען די פייערדיקע בליקן פון אויגן, וועלכע קיינער האָט נישט געזעען... זיי האָבן געלויכטן ווי טויזנטער זונען.

די פיר יידן מיט דער חופה, האָבן זיך, ווי אין דער שול, אַרויפגעשטעלט אויפן באַלעמער, אונטער דער חופה איז אַרונטער-געגאַנגען ר' אברהם דער וואַלד-סוחר מיט דער כלה, און אים פון ביידע זייטן ר' יצחקל סופר מיט ר' נתן למדן. די קלעזמאָרים האָבן זיך אַרויפגעשטעלט אויף די טישן און געשפּילט, די ווייבער און די מיידלעך בײַ די ווענט האָבן געפּאַטשט מיט די הענט, און געווונטשן. די יידן, די בחורים און די חדר-ייִנגלעך, מיט די ספרי תורות און גמרות אין די הענט, האָבן געטאַנצט אין אַ רעדל אַרום באַלעמער. באַלד זענען זיי אַרויף אויף די טישן און אויף די בענק און געטאַנצט אַלע מאָל שטאַרקער, אַלע מאָל התלהבות-דיקער. ס'האָט זיך זיי געדוכטן — אַזוי האָבן זיי דערנאָך דער-ציילט — אַז זיי האָבן אינם טאַנצן געפילט, ווי נאָך איינער — זיי האָבן אים נישט געזעען — האָט מיט זיי מיטגעטאַנצט... דער איינער האָט געהאַט אַ שטראַלנדיק פּנים. באַלד האָט אַ ראָד פון ווייסע הענט אויף ווייסע פּלייצעס און אַקסלען זיך געשלאָסן אַרום דעם איינעם מיט דעם שטראַלנדיקן פּנים, און ווי אַ נעפּל געפלאַ-טערט אַרום אים... פלאַטערנדיק האָבן געשוועבט זייערע גרויסע, ווייסע בערד, זייערע ליכטיקע פּנימער און זייערע פייערדיקע בליקן... דאַן האָבן די ווייסע הענט זיי אַלע אַרייַנגעצויגן אין דעם שוועבנדיקן ראָד. זיי האָבן מער שוין גאָרנישט געזעען, חוץ דעם ווייסן שוועבנדיקן נעפּל, און דעם איינעם מיט דעם שטראַלנ-

דיקן פנים, וועלכער האָט פונם ראָד אַרויס צו זיי געשמייכלט ווי א קינד. . זיי האָבן מער שוין גאָרנישט געפּילט, נאָר אַז זיי שוועבן, שוועבן און שוועבן. . .

דאָס, מיין קינד, איז געווען דאָס שניידערל צווישן אַ שאַר מלאכים, צווישן הייליקע צדיקים, וועלכע זענען מיט אים מיטגעקומען אין בית המדרש אַריין צום סיום הספר.

ערשט שפּעט, זייער שפּעט אין דער נאַכט — שוין נאָך חצות — האָבן די קלעזמאָרים געשפּילט „ויהי בנסוע", ר׳ יצחקל האָט געליינט די ערשטע פּרשה פון דער ערשטער סדרה אין דער נייער ספר־תורה — אין דער כלה נאָך דער חופּה — און דער עולם איז זיך צעגאַנגען.

די נייע ספר־תורה האָט מען איבערגעלאָזט אינם בית המדרש, ווייל דאָרט האָט דאָס שניידערל, זכותו יגן עלינו, כל ימי חיו געלערנט און געדאַוונט.

## IV.

די באָבע האָט איר אייניקל נאָך ווייטער דערציילט, אָבער מיט אַ שוואַך קול שוין:

— דער סיום הספר איז געווען שוין די לעצטע שיינקייט דאָ אינם שטעטל, מיין קינד. יעדער ייד האָט לאַנג נאָך געבענקט נאָך יענער צייט, ווען ער פלעגט זיך אַריינכאַפּן צום שניידערל אָפּעטעמען נאָך דעם פינצטערן, שווערן און גרויען וואָכעדיקן טאָג זיך מאַטערן, נאָך די אַזוי פיל ביטערקייט, צרות, יסורים, און דאגות פרנסה. און נישט נאָר אָפּעטעמען, נאָר אָננעמען זיך מיט נייע פרישע כוחות אויף ווייטער צו קאָנען שלעפּן די משא פון דעם שרעקלעכן לעבן דאָ אויף דער זינדיקער ערד, וועלכע איז דאָך נישט מער ווי אַ פּרוזדור צו דעם אמתן לעבן אויף יענער וועלט. אָבער מ׳האָט וועגן דעם שניידערל שוין כמעט מער גאָרנישט גע-

דענקט, מ'האָט אים איינגאַנצן פאַרגעסן. און אפשר — ווייל מ'האָט אים פאַרגעסן — איז דאָס לעבן אַזוי שווער און ביטער געוואָרן. דאַן האָט זיך אויך געמאַכט אַ שׂרפה, און דאָס לעבן אינם שטעטל האָט אינגאַנצן זיך שוין געענדערט.

דאָס איז געווען באַלד נאָכן סיום הספר. דאָס גאַנצע שטעטל איז דעמאָלט אַוועק מיטן פייער. יידן און ווייבער זענען אַרומגע-לאָפן איבער די גאַסן, האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיטן בעטגעוואַנט, מיט די מלבושים — מיטן גאַנצן ביסל אָרעמקייט. די גאָר קליינע קינדער האָבן זיי געטראָגן אויף די אָרעמס, די גרעסערע געפירט בײַ די הענט. די גלאָקן אינם קאָשטשאָל האָבן געקלונגען, אַ גע-וויינערײַ, אַ געשרייערײַ. דאָס, וואָס איינער האָט געהאַט אַרויסגע-ראַטעוועט פון זײַן שטוב, האָט ער אַוועקגעוואָרפן אין מיטן מאַרק. ער האָט נישט געהאַט ווו עס צו טראָגן. דאָס פייער האָט די שטאָט אַרומגענומען פון איין עק צום אַנדערן.

פרומע יידן און בית המדרשניקעס האָבן זיך געריסן צו דער שול, צום בית המדרש — די ספרי-תורות און די גמרות אַרויסצוראַטעווען. זיי האָבן אָבער נישט געקאָנט צוקומען. די גאַס, אין וועלכער די שול און דאָס בית המדרש האָבן זיך געפונען, איז געווען איין שטיק פייער, און אויסגעזען ווי אַ ברענענדיקער באַרג, אָדער ווי אַ ווילדע מכשפה מיט צעלאָזטע רויטע, פלאַמענ-דיקע האָר... ס'האָט קיינער נישט געקאָנט וואַגן דורך די שרעק-לעכע פלאַמען זיך דורכצורייסן, און צוגעזען — אַזוי האָט זיך יעדן געדוכטן — ווי די שול און דאָס בית המדרש, מיט דער נייער ספר-תורה און מיט אַלע גמרות, ווערן פאַרברענט. באַלד אָבער, אַזוי־ווי דאָס פייער איז גאָר געוואָרן עטוואָס קלענער — אויף איין רגע גאָר — האָבן זיך די יידן און די בחורים, מיט מסירת נפש, אַדורכגעריסן דורך די פלאַמען, און דערזעען: אַז די שול האָט טאַקע געברענט, אָבער דאָס בית המדרש און דאָס קליינע צעבראָכענע הייזל, אין וועלכן דאָס שניידערל האָט באַם לעבן געוווינט — כאָטש ביידע זענען געשטאַנען צווישן די פלאַ-מען — זענען געשטאַנען גאַנץ, — נישט אָנגערירט אפילו פונם פייער. די פלאַמען, ווי שרעקלעכע רויטע וועלף — וועלכע האָבן

אַלע הייזער אויפגעפרעסן, אויסגעלעקט מיט זייערע שרעקלעכע רויטע צונגען — זענען פונם בית המדרש און פונם שניידערלס הייזל, ווי דורך הענט צוריקגעשליידערט געוואָרן. די בחורים און די יידן זענען שטיין געבליבן צעמישט. נאָר באַלד האָבן זיי דערזעען, ווי ווייסע טויבן זענען אַרומגעפליגן איבער די צוויי דעכער... ווי משוגע זענען זיי געלאָפן צו די יידן און פרויען, וועלכע זענען איבער די גאַסן אַרומגעלאָפן צעמישטע, און זיי דאָס דערציילט. פון אַלעמענס הערצער האָט זיך אַרויסגעריסן: „רבונו של עולם!... העלף!... אינם זכות פונם הייליקן צדיק ר' פייוועלע"!...

באַלד האָט אָנגעהויבן רעגענען, און די שרפה האָט אויפגעהערט. אָבער פונם גאַנצן שטעטל איז מער נישט געבליבן ווי דאָס הייזל, אין וועלכן דאָס שניידערל, זכותו יגן עלינו, האָט באַם לעבן געוווינט, און דאָס בית המדרש. די יידן האָבן דעמאָלט גאָכאַמאָל דערזעען ווער דאָס שניידערל איז געווען, און פון זיין הייזל אויפגעבויט אַ גרויסע שול. די שול האָבן זיי אַ נאָמען געטון „דעם שניידערלס שול", און זי שטייט ביזן היינטיקן טאָג. דאָס בית המדרש הייסט אויך אויף זיין נאָמען: „ר' פייוועלעס פייער-בית-המדרש". דעמאָלט האָבן נאָך דער שרפה פּלוצים זיך באַוויזן רייכע יידן און „דאַטשן", און זיי האָבן אויפגעשטעלט אָט די גרויסע פאַבריקן מיט די הויכע קוימענס, מיט די אַלע גרויסע הייזער. באַלד האָט דאָס גאַנצע לעבן, ווי דורך אַ כישוף זיך געענדערט.

אַזוי איז מיט איינמאָל אַוועק דאָס גאַנצע שיינע לעבן דאָ אין שטאָט.

---

און אַלעמאָל מיט אַ שוואַכער קול האָט די באָבע איר אייניקל דערציילט:

— אוודאי, מיין קינד, איז דעמאָלט אויך געווען זייער אַ

שווער לעבן, זייער אַ ביטער לעבן. וואָס האָב איך דען, מ'שטיינס־געזאָגט, געהאַט פון מיין לעבן? כ'האָב געהאַט זיבצען קינדער, און געבליבן — נישט פאַר קיין שום ייד געדאַכט — באַ זעקס. דאָס ערשטע קינד האָב איך געהאַט, ווען כ'בין נאָך קיין גאַנצע זעכצען יאָר נישט אַלט געווען. דער זיידע — דיר צו לענגערע יאָרן — איז געשטאָרבן, ווען ער איז נאָך זייער יונג געווען: אַלט געווען צוויי און פערציק יאָר. ער איז תמיד געווען אַ ביסל אַ שוואַכער, געהוסט. אָבער ער איז געווען אַן ערלעכער ייד, יום ולילה איז ער געזעסן און געלערנט. (אַן אמתער ייד, מיין קינד, קאָן דאָך נישט זיין אַזוי געזונט ווי עשו.) בין איך דעמאָלט געבליבן אַן אלמנה מיט דרייצען קינדער, ווייל פיר זענען מיר אוועקגעקומען, ווען ער, עלו השלום, האָט נאָך געלעבט. וואָס זשע האָב איך גע־קאָנט טון? האָב איך דעם אייגענעם האַנדל, וואָס כ'האָב געפירט, ווען ער האָט געלעבט, ווייטער געפירט: געקויפט אַ פעסל סמאָלע, דזשעגעכץ, און פאַרקויפט. און מיך האָבן אַלע אינם שטעטל מקנא געווען, מיך געהאַלטן פאַר אַ נגידעסטע. און זיי האָבן מיך געמעגט מקנא זיין, ווייל אַנדערע איז נאָך אַ סך ערגער געווען ווי מיר.

יאָ, מיין קינד. אַ באַלמעלאָכע האָט געהאַרעוועט באַ טאָג און באַנאַכט, און נישט געהאַט אפילו קיין טרוקן שטיקל ברויט צו דער זעט. געוווינט האָט מען אין אַ קליין פינצטער שטיבל. די פיר שייבלעך אין דעם קליינעם פענצטערל זענען תמיד כמעט געווען אויסגעהאַקט, פאַרשטעלט מיטן פיש־ברעטל, אָדער פאַרפּאַקט מיט אַ שמאַטע. אַ שויב אַריינשטעלן האָט געקאָסט צוועלף גראָשן! די ווענט זענען תמיד געווען שוואַרץ, כאָטש מ'האָט אויף יעדן פסח געווייסט, און נאָס פון ווילגאָטש. די קיך האָט גערויכט. און האָט גערעגנט — איז דאָס וואַסער געווען אין שטוב. דער באַלעבאָס — אַ גרויסער אָרעמאַן — האָט זיין הייזל קיינמאָל נישט געקאָנט [illegible]ריכטן. יאָ, ווען ר' מלך, זכרונו לברכה, האָט געלעבט — — אָבער אויך דעמאָלט — איין פויגל קאָן קיין זומער נישט מאַכן...

און אין דעם איינעם שטיבל, מיין קינד, אַזוי גרויס ווי אַ

קבר און אויך נישט בעסער, האָבן אָפּט געווינט צוויי פאַרפעל־קער, וועלכע האָבן געהאַט צו אַכט, ביין קינדער. געשלאָפן איז מען אויף דער גאָלער ערד. און אין דעם שטיבל זענען אָפּט גע־שטאַנען צוויי וועדקשטאַטן. ווינטער איז געווען שרעקלעך קאַלט, אַז מ'איז שיער געפרוירן געוואָרן, כאָטש דאָס פענצטער איז אַ גאַנץ יאָר כמעט געווען גוט צוגעקלעפּט מיט ליים. תּמיד אַ מוישעף, אַז די ווערים האָבן געגעסן באַם לעבן. אין אַ סך אַזעלכע שטובן האָבן זיך נאָך אַרומגעדרייט צו עטלעכע עופות, וואָס די ווייבער האָבן געקויפט צום האנדל — צוצוהעלפן דעם מאַן צו דער פּרנסה. פונדעסטוועגן האָט מען געלעבט, האָט מען נישט געגעסן קיין פלייש. . . מ'האָט געקויפט פאַר פערצען־פינפצען גראָשן אַ פערטל קאַרטאָפליעס, באַם פויער אין דאָרף האָט מען געקריגן אַ ביסל אַרבעס, אַ ביסל פערלסגרויפן, קאַשע, אָדער אַ פאָר פונט רעטשע־נע מעל — אַלץ וואָלוול, נישט ווי היינט. ברויט האָט יעדער אַליין געבאַקן. פאַר פינף גילדן אַ וואָך האָט מען געקאָנט לעבן.

די באָבע האָט איר דערציילן פלוצים איבערגעריסן. זי איז עפּעס מיט איינמאָל זייער שוואַרץ געוואָרן, ווי עס וואָלט איר מיט איינמאָל אָטעם פאַרפעלט. ערשט אפשר נאָך אַ פערטל שעה, נאָכדעם ווי זי האָט זייער שווער אָפּגעזיפצט, האָט זי ווייטער אָנגעהויבן דערציילן, נאָר מיט זייער אַ שוואַך קויל שוין, זייער שטיל:

— די דאָזאָרעס — ווי היינט: גראָבע און פאַלשע מענטשן, אָן אַ פונק רחמנות, האָבן אָפּגעטון אַלדאָס בייז, אַז קיינער זאָל נישט וויסן, און געטראָגן אַטלעסענע קאַפּאָטעס, שטריימלען, לאַנ־גע טלית־קטנס, און געדאַוונט אין גרויסע תּפילין; האָבן נישט געקאָנט קיין עברי, און געהייסן פאַר זיך דרך־ארץ האָבן — האָבן דאָס שטעטל אויסגעזויגן ווי די פּיאַווקעס, און די אָרע־מע לייט גערודפט. עס איז געווען זייער שלעכט, זייער שלעכט, אָבער —

דאָס אייניקל האָט געקוקט דער באָבען אין מויל אַריין, געוואַרט אויף דעם, וואָס זי וועט ווייטער זאָגן, אָבער די באָבע

האָט מער שוין נישט געקאָנט דערציילן. זי האָט נאָר געשטאַמלט נאָך, אַז עפּעס איז איר ענג באַם האַרץ, מ'זאָל מיט איר זאָגן ווידוי — מ'איז געקומען זי רופן. צעמישט איז דאָס אייניקל אַרויסגעלאָפן מיט אַ געוואַלט, און ווען זי איז צוריק אַריינגעקומען מיט דער מוטער — אפשר מיט צוויי מינוט שפּעטער — איז די באָבע שוין געווען טויט, איינגעשלאָפן ווי אַ הון. נאָר איין אויג איז באַ איר געבליבן אָפן, און אַ טרער איז דעריגען שטיין געבליבן.

* * *

די גבאיטע פון דער חברה קדושה, וועלכע האָט די באָבע אָפּגעדעקט, האָט די טרער אין איר אָפן אויג דערזעען, און געזאָגט:

— די טרער איז נישט, ווייל זי האָט נישט געוואָלט שטאַרבן. באַ ניינציק יאָר וויל מען שוין רוען. אָבער איר ביטער לעבן — —

— ניין, די באָבע האָט דערציילט וועגן שניידערל, וועגן סיום הספר, און אירע אויגן האָבן אַזוי געגלאַנצט!... — האָט דאָס אייניקל, וואָס איז פּונקט דערביי געווען, די גבאיטע איבערגעשלאָגן.

— איך ווייס דאָס, מיין קינד, איך ווייס. אָבער דו דאַרפסט דאָ איצט נישט זיין, גיי גלייבער אַרויס.

זי האָט דאָס צוועלף-יעריקע מיידל אָנגענומען באַ דער האַנט, און זי אַרויסגעפירט. ווען זי האָט די טיר שוין געהאַט צוריק צוגעמאַכט, האָט זי צו די אַנדערע גבאיטעס געזאָגט:

— תמיד, ווען זי האָט גערעדט וועגן שניידערל, זכותו יגן עלינו, וועגן דעם סיום הספר, וועלכער איז שפּעטער געווען — די לעצטע שיינקייט פונם אַמאָליקן לעבן דאָ אינם שטעטל — האָבן

ליכטיקע שטראַלן אין אירע אויגן זיך אָנגעצונדן. אָבער ווען זי האָט זיך דערמאַנט אָן איר אייגן ביטער לעבן, וואָס איז אפשר גאָרנישט אַזוי שלעכט געווען קעגן דעם פינצטערן לעבן דעמאָלט פון אַנדערע, האָבן זיך טרערן געשטעלט אין זיי.

# I.

דער רב, אַ ייד אין די מיטעלע יאָרן, האָט געהאַט אַ מאַ־יעסטעטישן אויסזעען: אַ הויכער, אַ שלאַנקער, מיט אַ געלער כמעט גאָלדענער באָרד, און קלוגע אויגן. און ער איז געווען זייער אַ קלוגער מענטש, אַ גרויסער לערנער. ער האָט געהאַט אַ שאַרפן מוח, און אַ סך געוווסט, וואָס עס טוט זיך אין דער גרויסער און ברייטער וועלט. דאָס איז פאַר אים אין דעם קליינעם שטעטל, כאָטש ס׳האָט זיך שוין אָנגעהויבן דעריבּען אַ נייַ לעבן, געווען אַ גרויסער חסרון. אין זיך איז אפילו כמעט יעדער אייגער געווען צופרידן מיט אים, ווייל ער האָט קיינעמען נישט געשטערט זיין אַרט לעבן, ווי דאָס איז פריער געווען; נישט געמישט זיך, נישט געזאָגט קיין דעות, און אַז מ׳איז אַמאָל אין אַ יובל געקומען צו אים פרעגן אַ שאלה — איז זי תמיד געווען כשר... אָבער אַז צוויי יידן האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן — האָבן זיי צווישן זיך אויף דעם רב אויסגערעדט אסור לדבר: אַז ער איז אַן אפיקורוס, אַן אויפגעקלערטער — געכאַפט שוין אין דער עברי... מ׳האָט

זיך געקלאָגט אויף דער שרעקלעכער צייט, װעלכע איז אַזוי פאַר־דאַרבן.

אָבער אייגנטלעך האָט יעדער איינער אינם שטעטל געמוזט אַזוי רעדן, כדי אויף אים אַליין זאָל נישט פאַלן קיין חשד. האָט יעדער איינער, אין דעם װאָס ער האָט זיך געפּילט, געזאָגט אויפן רב: אַז ער דאַוונט נישט — װײַל יענער אַליין האָט נישט געדאַוונט, אַז דער רב מעסט בלויז נאָר אָן דעם טלית און די תּפילין — װײַל יענער אַליין האָט אַזוי געטון. נאָך דעם רבס אַרײַנגיין איז שוין אויף אָן אמת קיינעמען נישט געפעלן, און בלויז דערפאַר, װײַל ער איז תּמיד געגאַנגען גלײַך, נישט אײַנגעבויגן, דעם קאָפּ אַרויף, זויבער — װי אַ קייסער טאַקע — װי יעדער איינער האָט אים שוין גערופן. אַ סך יידן, װען זיי האָבן אים געזען גיין, האָבן צווישן זיך חוזק געמאַכט:

— אַ כּראַביע...

אינם שטעטל האָט מען געוווּסט, אַז ער לייענט גוייִשע ביכער, און אַז ער לערנט אַנדערש װי יעדער איינער — עפּעס אַ־בערגעדרייט... דאָס אָבער, װאָס ער איז געווען אַ קלוגער מענטש, אַ געלערנטער — איז פאַר דעם שטעטל געווען אַ גרויסע מעלה: ער האָט געפירט די ביכער, צו װעלכע מ׳האָט תּמיד געמוזט האָבן נאָך אַ רב — אַ קאַזיאָנע ראַבינער, און דעריבער זענען אַ סך יידן אין דעם שטעטל, די מער ערלעכע, מיט אים געווען אינגאַנצן צופרידן, און דאָס געזאָגט גאַנץ אָפן.

די ייִנגעלייט אין דעם שטעטל, בית־המדרשניקעס, נאָך אַ ביסל שוין װאַקלענדיקע אין זיך, זענען בײַ דעם רב געווען אָפטע אײַנגייערס. נישט איינעם, און נישט איינמאָל, האָבן פרומע געטראָפן שפּעט אין דער נאַכט אַהינגיין צום רב, און פאַרטאָג ערשט צוריקגיין. און דאָס איז שוין אפילו די, װעלכע זענען מיט אים געווען אינגאַנצן צופרידן, נישט געפעלן. נאָך פּלוצלינג איז גאָר אויסגעבראָכן אַ מגפה אינם שטעטל, קליינע קינדער האָבן אָנגעהויבן שטאַרבן, און ס׳איז געוואָרן אַ שרעקלעכער רעש.

דאָס איז געווען אין אַ נאָך פּסח, װען די ערד האָט אָנגע־

הויבן גרין ווערן, ביימער האָבן אָנגעהויבן בליען, און די און האָט די גאַנצע וועלט געוועקט צום לעבן. די יינגע האָט זיך געדוכטן, אַז זיי האָבן באַקומען פליגל, געוואָלט פליען... דעמאָלט האָט מען אין דעם שטעטל, אַלעמאָל פון אַן אַנדער געסל דערהערט אַ פאַרצווייפלט געשריי פון אַן אומגליקלעכער מאַמע: „מיין קינד איז פאַרביי!..." ווייבער, גבאיטעס, זענען געלאָפן אין בית־המדרש אַריין, אין שול אַריין, האָבן אָנגעצונדן ליכט, צוזאַמענגערופן יידן זיי זאָלן זאָגן תהילים; זענען געלאָפן אויפן בית־עולם אַרויף, האָבן אויפגעוועקט די מתים פון די קברים, דעם הייליקן צדיק דאָס שניידערל — אָבער דאָס אַלץ האָט נישט געהאָלפן. די מלמדים האָבן ל״ג בעומר זייערע תלמידים געגעבן ביקסלעך, זענען אַוועק מיט זיי אין אַ וואַלד אַריין, זיך אויסגעשטעלט אין צוויי מחנות: איינע האָט געהייסן „לעבן", און די צווייטע „טויט". ס'האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה. די מחנה, וועלכע האָט געהייסן „לעבן" האָט מנצח געווען, זי האָט פאַריאָגט די מחנה, וועלכע האָט געהייסן „טויט" — דעם מלאך המות. אָבער אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן. דעמאָלט האָט מען אינם שטעטל אָנגעהויבן נאָכזוכן יעדנס עבירות. „קליינע קינדער זינדיקן דאָך נישט, ריינע נשמהלעך, אומשולדיקע שעפעלעך — זיי שטאַרבן דורך די זינד פון די גרויסע".

און מ'האָט די זינדיקע געפונען. „דער רב איז שולדיק! ער האָט די גאַנצע שטאָט אַראָפּגעפירט פונם גלייכן וועג!" די ווייבער האָבן געשריגן, אַז די אויסגעלאַסענע חצופות, וועלכע שלעפּן זיך אַרום גאַנצע נעכט מיט יינגען, זענען שולדיק, און אַלטע יידן — אַז די פאַבריקן זענען שולדיק. מ'האָט פון קהל געשיקט רופן די עלטערן פון די אויסגעלאַסענע חצופות, זיי געקנסנט פאַר די זינד פון זייערע טעכטער: „זיי זענען שולדיק, האָבן זייערע קינדער שלעכט דערצויגן". די אָרעמע טאַטעס און מאַמעס האָבן געוויינט, געטענהט, אַז זיי קאָנען זיך נישט העלפן קיינן זייערע קינדער, זיי האָרכן זיי נישט, לאַכן אויס זיי, אַז זיי זענען „פאַרנאַטשעט", אָדער „פאַרנאַשט". אָבער דאָס האָט זיי נישט געהאָלפן, און אויך די מגפה האָט נישט אויפגעהערט.

דעמאָלט איז אינם שטעטל אַריין אַראָפּגעקומען אַ רבי, און יידן און ווייבער האָבן געהאָפּט ס׳זאָל שוין ווערן נאַכט, זיי זאָלן אינם בית־המדרש הערן זיין דרשה. ווי אַ ציטער פון אַן עלעק־טרישן שטראָם איז דעם רבינס קומען דורכגעלאָפן דורך די לייבער פון די אַלטע, וועלכע האָבן געטענהט, אַז דער שטאָט פעלט ס׳שניידערל — ס׳פעלט אַ רבי. אין די אויגן פון די אומגליקלעכע עלטערן, וואָס זייערע קינדער זענען געלעגן קראַנק, האָט זיך אַ ליכט פון האָפנונג אָנגעצונדן. קיינער האָט נישט געוואוסט ווער דער רבי איז, פונוואַנען ער איז געקומען — אַ מלאך פון הימל. . .

ס׳איז געקומען פאַרנאַכט, און ווי אַ גרויסער שטילער סוד האָבן זיך יידן און ווייבער געלאָזט אין בית המדרש אַריין. דאָס בית המדרש איז געוואָרן פול געפאַקט. דער רבי, איינגעהילט אין אַ טלית, איז געשטאַנען אויפן באַלעמער און גערעדט וועגן דער מגפה. אַלע האָבן די קעפ געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט. אַלע מאָל האָט זיך דערהערט אַ שווערער קרעכץ — אַרויסגעריסן פון די טיפעניש פון אַ צעווייטיקט האַרץ, אַ דערשטיקט געוויין, וואָס איז באַלד אין זיך איינגאַנצן דערשטיקט געוואָרן. פונם באַלעמער אַראָפּ האָט דער רבי געשריגן:

— אַז עס שטאַרבן קליינע קינדער אין אַ שטאָט — זענען שולדיק די טאַטעס און די מאַמעס — יעדער בר־דעת אין דער שטאָט!

אינם ווייבערישן בית המדרש האָט אויסגעבראָכן אַ שרעקלעך געוויין. צווישן די מאַנספּערשוינען האָט מען אַלעמאָל דערהערט אַ כליפּען ווי צווישן קליינע קינדער. דעם רבינס בייזע באַשולדיקונגען האָבן זיך פונם באַלעמער אַראָפּגעטראָגן אַלע מאָל אַלץ העכער און העכער:

— די שטאָט איז זינדיק!

דאָס געוויין איז געוואָרן נאָך שטאַרקער. יעדער ייד האָט זיך דערפילט זינדיק און אומבאַהאָלפן. דערפילט די שווע־ריקייט פון זיין שולד. דער רבי האָט גערעדט אַלע מאָל מיט אַלץ

שטאַרקערע און שענערע משלים, און געענדיקט מיט דידאָזיקע ווערטער:

— איך בין גוזר, אַז די מגפה זאָל אויפהערן!

אַלע אינם בית המדרש האָבן אָפּגעזיפצט, אָפּגעאָטעמט, און שטיין געבליבן צעטומלט. זיי האָבן זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטן, ווי זיי וואָלטן געוואָלט זעען דעם מלאך־המות פון דער מגפה אַנט־לויפן. באַלד איז יעדן גרינגער געוואָרן אויפן האַרץ און ליכטי־קער פאַר די אויגן.

דער רבי, גלייך ווי ער האָט געענדיקט די לעצטע ווער־טער, איז אַראָפּ פונם באַלעמער. דער עולם האָט זיך צערוקט, גיך געשפּאָלטן זיך אין צוויי רייען, דורכצולאָזן דעם רבין. זיין פּנים האָט קיינער כמעט נישט געזעען, ווייל יעדער איז פאַרציטערט גע־וואָרן, אַ קעלט איז אים דורך די ביינער דורכגעלאָפן, ווען אים האָט זיך געדאַכטן, אַז דער רבי גייט פאַר אים פאַרביי... ס׳האָט קיינער נישט באַמערקט, ווען ער איז אַרויס פונם בית המדרש צוזאַמען מיטן גבאי און מיטן שמש, וועלכע זענען מיט אים מיטגעקומען. אינם שטעטל האָט זיך געקאָכט: ס׳האָט יעדער געזאָגט, אַז דער רבי איז געווען אַ מלאך פון הימל, און אפשר... דאָס שניי־דערל! — —

אין דער זעלבער נאַכט איז אַ יינגע פרוי זייער שווער גע־גאַנגען צום קינד. דער מאַן פון דער פרוי איז אַרומגעלאָפן זוכן דעם רבין. ער האָט אים אָבער אין ערגעץ נישט געטראָפן, נאָר געהערט פון אַ באַלעגאָלע, אַז דער רבי איז געפאָרן צו דער באַן. באַלד האָט דער יינגערמאַן זיך געלאָזט לויפן צו דער באַן — אפשר וועט ער נאָך טרעפן דעם רבין. און ער האָט אים געטראָפן: דער רבי האָט געוואַרט אויפן צוג, וועלכער האָט באַלד געדאַרפן אָנ־קומען. אָבער דער גבאי מיטן שמש האָבן אים צום רבין נישט צו־געלאָזט. דער יינגערמאַן האָט זיך באַ זיי געבעטן מיט טרערן אין די אויגן, געוויינט, אָבער זיי האָבן אים נישט געוואָלט צולאָזן. ער האָט זיי געוואָלט געבן אַ סך געלט, אָבער דאָס אַלץ האָט אים נישט געהאָלפן. האָט ער מיט געוואַלט זיך צוגעריסן צום רבין, אים געפאַלן צו די פיס, און אין איילעניש, מיט אַ ציטערנדיקער שטי־

מע, פֿאַרהאַקנדיק זיך אַלעמאָל, דערציילט דעם רבין זיין בקשה. אינגאַנצן דערציילן האָט ער נישט געקאָנט, ווייל ער האָט פשוט מער נישט געקאָנט רעדן, אָבער דער רבי האָט שוין פֿאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט, און אים געזאָגט דידאָזיקע ווערטער:

— דאָס, וואָס דער שמש מיינער מיטן גבאי האָבן דיך נישט צוגעלאָזט צו מיר, איז געווען אַ צייכן פֿאַר דיר, אַז אויוון אין הימל לאָזט דער קטיגור מיט זיינע מלאכי רע נישט צו די תּפילות פֿון די צדיקים פֿאַרן הקדוש ברוך הוא. אָבער דער מענטש, ווען ער וויל עפּעס דערגרייכן, מוז די וואַנט פֿון שטערונג דורכברעכן. און איצט גיי אַהיים צו דיין ווייב, און נאָך איידער דו וועסט אַריבערטרעטן די שוועל, זאָלסטו צו איר הויך אַ געשריי טון: דער רבי האָט געזאָגט, אַז ווי באַלד דו וועסט נישט גלייך האָבן דאָס קינד, מיט אַ שטאַרקן געשריי, וועט ער צו דיר קומען מיט זיין שטעקן, און דיך אַרויסטרייבן פֿונם בעט!

דער יינגערמאַן איז שיער נישט אומגעפֿאַלן פֿון שרעק, ווייל ווען דער רבי האָט אים דאָס געזאָגט, האָט ער צו אים אַזוי הויך געשריגן — אַז ער האָט געמיינט ער שרייט אויף אים... אָבער ער האָט געטון ווי דער רבי האָט אים געהייסן, און גלייך האָט זיין פֿרוי געהאַט דאָס קינד. דאָס האָט זיך באַלד פֿאַרשפּרייט איבערן גאַנצן שטעטל, און חשובע באַלעבאַטים האָבן זיך גלייך געלאָזט צו דער באַן. זיי האָבן דעם רבין נאָך געטראָפֿן וואַרטן אויפֿן צוג — האָבן זיי אים נישט אָפּגעלאָזט, געבעטן, אַז ער זאָל בלייבן אין שטאָט. אָבער דער רבי האָט נישט געוואָלט. ער האָט זיי מבטיח געווען, אַז די מגפה וועט אויפֿהערן, און אַזוי גרינג, ווי די געווינערין האָט געהאַט דאָס קינד. „דאָס קינד האָט געבערענגט לעבן פֿאַר אַלע קינדער אין דער שטאָט". דעמאָלט האָבן די באַלעבאַטים דעם רבין נאָך שטאַרקער געבעטן, אַז ער זאָל בלייבן אין שטאָט, זיי האָבן אים געזאָגט, אַז זיי וועלן אים נישט אָפּטרעטן ביז זיי וועלן דאָס פּועלן: „זיי וועלן די וואַנט פֿון שטערונג דורכברעכן", און ער האָט זיי צוגעזאָגט, אַז ער וועט באַלד נאָך שבועות צוריקקומען.

## II.

דער זומער איז געווען אַ הייסער. אינם שטעטל האָט זיך געקאָכט. באַ פּרץ שענקער — אַן אָנגעזעענער באַלעבאָס — איז איינגעשטאַנען דער רבי. באַ אים איז איינגעשטאַנען יעדער רבי, יעדער מגיד, וואָס איז אין דעם שטעטל אַריין אַמאָל אַראָפּגעקו־מען. ער האָט נישט געהאַט קיין קינדער און שוין געווען אויף דער עלטער. אָבער ער האָט געגלייבט און געהאָפט, אַז אין דעם זכות וועט ער געהאָלפן ווערן. אין אַלע שטובן זענען באַ אים גע־ווען יידן און ווייבער, וועלכע זענען צום רבין געקומען מיט קוויט־לעך. פונוואַנען דער רבי איז האָט נאָך קיינער נישט געוווסט, נישט געוווסט, ווי מ׳רופט אים אַלס רבי: פּאָקשיווער אָדער קוז־מירער — ווייל אַ רבי מוז דאָך האָבן אַ נאָמען. דאָס איז פּאַר אַ סך יידן אפילו געווען פּשיקרע, אָבער זיי זענען דאָך געגאַנגען צו אים. זיי האָבן זיך געפרעגט: „האָבן מיר דען, ווען ער איז דאָס ערשטע מאָל דאָ געווען, געטראַכט דערפון?...‟ אַ סך האָבן זיך אפילו דערויף באַלד געענטפערט: „אַז מען טרינקט זיך — כאַפּט מען זיך אָן אפילו אָן אַ שטרוי‟... אָבער זיי האָבן באַלד געפונען דעם ריכטיקן ענטפער: „אויף גאָטס שלוחים פרעגט מען נישט קיין קשיות.‟

אויף צוויי לאַנגע טישן זענען געלעגן צעעפנט די אַלע ספרים, וועלכע דער רבי האָט אַליין געשריבן, און אַליין געלאָזט דרוקן. אויף די ערשטע בלעטלעך פון יעדן ספר זענען געווען אַ סך הסכמות פון גרויסע רביים, און צוויי יינגע באַלעבעסלעך — זיידענע יינגעלייט, איידעמס אויף קעסט — האָבן די ספרים פאַר־קויפט. זיי האָבן געשוויצט, קוים באַוויזן באַ יעדן צוצונעמען דאָס געלט, וואָס מ׳האָט זיי פון אַלע זייטן געשטופּט אין די הענט אַריין, הונדערטער ווייבער און מאַנספערשוינען האָבן זיך צו די

טישן געפּאַקט און געקויפט דעם רבינס ספרים אָבער צומיינסט האָבן אַלע פאַרלאַנגט אַ קליין ספרל, וואָס האָט געהייסן „רפואות יהושע", אין וועלכן ס'איז אין עברי־טייטש געווען באַשריבן אַ סך קראַנקייטן, ווי זיי הייסן, ווי אַזוי זיי זעען אויס, פון וואָס זיי קומען, און וואָס מ'זאָל טון, אַז זיי זאָלן אַוועקגיין. ווי אַזוי מ'זאָל מאַכן די רפואות, וויאַזוי מ'זאָל זיך היטן פאַר אַן עין הרע, וועגן סגולות און אָפּשפּרעכונגען.

ס'האָט אינעם שטעטל געקאָכט און געררוישט. באַ פּרק שענקער האָבן די טירן נישט גערוט איין רגע. אַ סך טירן זענען שוין געווען אַרויסגעריסן, צעבראָכן, ווייל מ'האָט די יידן און ווייבער, וועלכע האָבן געהאַלטן אין איין קומען צום רבין, אַזויפיל נישט געקאָנט אַריינלאָזן. אין די שטובן איז מען שוין געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ. ווער ס'האָט געקאָנט שרייבן לשון קודש האָט דעם גבאי צוגעהאָלפן שרייבן די קוויטלעך, וועלכע מ'האָט דעם רבין אָפּגעגעבן מיט גרויסע פּדיונים. פּרק שענקער אַליין איז געשטאַנען לעבן רבין און אים משמש געווען. שיינע באַלעבאַטים האָבן געשוויצט באַם עפענען די טירן, זענען שוין הייזעריק געווען פון שרייען. יעדער איינער, וואָס איז געקומען צום רבין, האָט אויך גלייכצייטיק געאַרבעט באַ אים, צוגעהאָלפן דעם שמש און דעם גבאי און געווען גליקלעך, וואָס ער האָט די זכיה באַם רבין צו אַרבעטן...

די יידן, וועלכע האָבן די ערשטע טעג מהרהר געווען וועגן רבין, האָבן דערנאָך שטאַרק חרטה געהאַט דערויף. „האָבן זיי דען נישט באַלד געזעען ווער ער איז?... אַ געווינערין, וואָס איז אַזוי שווער געגאַנגען צום קינד — האָט עס דערנאָך אַזוי גרינג געבוירן, ווען דער רבי האָט איר דאָס באַפוילן!... ער האָט גוזר געווען די מגפה זאָל אויפהערן, און זי האָט אויפגעהערט!... און די דרשה זיינע אין בית־המדרש?... און די אַלע קלוגע פאַרבאָרגענע רייד זיינע?..." און באַלד איז מען אויך געוויר געוואָרן זיין גאַנצן יחוס, ווער זיין זיידע איז געווען, זיין טאַטע, און אפילו זיין עלטערזיידע. ווער זיין מאַמע איז געווען, די באָבע, און די ברידער, פעטער — ביז צום צענטן דור. דערפאַלט האָבן די

גרעסטע באַלעבאַטים אים געבעטן, אַז ער זאָל בלייבן אויף תּמיד אין שטאָט. זיי האָבן אים געזאָגט:

— גאָט האָט אייך — אַ שלוח פונעם הימל אין אונזער שטאָט אַריין אַראָפּגעשיקט — מוזט איר דאָ בלייבן! איר מוזט די שטאָט ראַטעווען פון דער זינד, וואָס די פאַבריקן — — —

דערויף האָט זיי דער רבי געענטפערט:

— אויב איר זעט דאָס, אייערע אויגן האָבן זיך געעפנט דאָס צו זען — בלייב איך דאָ.

און ער איז אויף תּמיד שוין געבליבן אינם שטעטל, און [illegible] גערופן: „דער קאָ—לער רבי".

צו דעם נייעם רוישיקן און קאָכעדיקן לעבן אין דעם שטעטל פון די פאַבריקן און געשעפטן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן נאָך דער שרפה וואַקסן און זיך אַנטוויקלען — איז צוגעקומען נאָך איינס, וואָס האָט נאָך שטאַרקער גערוישט און געקאָכט: חסידות, וואָס איז שוין לאַנג געווען אָפּגעשטאָרבן, און איז קיינמאָל, אפילו ווען דאָס שניידערל האָט געלעבט, אַזוי שטאַרק נישט געווען. פון אַרום און אַרום, פון אַלע שטעט און שטעטלעך, זענען ווייבער און יידן גע־קומען צום רבין. אַ סך מאָל האָט זיך געדוכטן, אַז דאָס נייע לעבן, וואָס דער רבי האָט אַריינגעברענגט אין דעם שטעטל — דאָס רוחניותדיקע — פאַרשלינגט אין זיך דאָס פריערדיקע גשמיותדיקע לעבן פון די פאַבריקן. ס'האָט זיך געדוכטן, אַז די פאַבריקן שטעלן זיך אָפּ, זייער פייפן איז אַ רופן נאָך הילף קייגן דעם נייעם שטראָם לעבן פונם רבין און די חסידים, וואָס פלייצט ווי אַ צעבערזינטער ים און וויל זיי דערטרינקען. . . די הויכע קוימענס האָבן געקעמפט מיט אַלע כּוחות: זיי האָבן אַרויסגעלאָזט גאַנצע וואָלקנס רויך, שוואַרץ געמאַכט דעם הימל, געשפּיגן מיט פייער, געוויזן, אַז מ'וועט זיי נישט מנצח זיין. זיי האָבן מתרה געווען:

— דאָס לעבן אין אונז וועט קיין שום אַנדער לעבן נישט קאָנען אויסלעשן! הערשן וועלן מיר, דער טאָן פונם נייעם לעבן געהערט אונז! מיר זענען די שטאַרקסטע אין דער איצטיקער צייט — אין אונז איז פייער און שטאָל! . . .

אָבער גלייך ווי זיי זענען שטיל געוואָרן — באַנאַכט — האָט

מען זיי איינגאַנצן פאַרגעסן, גאָרנישט געפילט אפילו, אַז זיי זענען דאָ. און דעמאָלט האָט דאָס לעבן באַם רבין זיך ערשט אָנגעהויבן: די חסידים זענען זיך צונויפגעקומען, מ׳האָט געטרונקען תּיקון, געזונגען, געטאַנצט.

## III.

די איבערקערעניש אינם שטעטל, וואָס איז געשען נאָך דער שׂרפה, נאָכדעם, ווי מ׳האָט אויפגעשטעלט צווערשט איין פאַבריק, דאַן אַ צווייטע און אַ דריטע — איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. פון אַ סך באַלמעלאָכעס איז געוואָרן פאַבריק־אַרבעטער, און זיי האָבן באַלד זיך אַזוי געענדערט, אַז די איבעריקע באַלמעלאָכעס האָבן זיך מיט זיי אָנגעהויבן שעמען. דאָס אייגענע איז אויך געשען מיט אַ סך פרומע יידן, וועלכע האָבן זייער גאַנץ לעבן פריער אָפּגעלעבט מיט בטחון צום רבונו של עולם. אָרעמע בית־המדרש־ניקעס, יינגעלייט פון געוועזענע באַלעבאַטישע היימען, זענען געוואָרן „פּראָלעטאַריער".

אינם שטעטל, וואָס איז מיט איינמאָל געוואָרן כּמעט אַ שטאָט, האָבן זיך אָנגעהויבן אויסבילדן דריי קלאַסן. פרומע יידן, סוחרים, קרעמער, און אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געהאַלטן פאַר יחסנים — איין קלאַס: דעם רבינס חסידים. באַלמעלאָכעס — דער צווייטער קלאַס, און די, וואָס האָבן געאַרבעט אין די פאַבריקן — דער דריטער קלאַס: פּראָלעטאַריער. דער ערשטער קלאַס פונם דריטן קלאַס האָט זיך כּסדר און אַלץ שטאַרקער אָפּגעטיילט, אָפּגעגרעניצט — נישט געוואָלט קומען אין קיין שום באַרירונג צווישן זיך. דאַן האָבן צווישן די פּראָלעטאַריער, און אויך צווישן די באַל־מעלאָכעס, זיך אָנגעהויבן געפינען אַזעלכע — דווקא פריערדיקע בית־המדרשניקעס — וואָס האָבן אָנגעהויבן רעדן עפּעס נייע ווער־טער: „סאָציאַליזם", „אַרבעטער־זאַך", „קאַרל מאַרקס", „אינטער־

נאַציאָנאַל", „בורזשואַזיע", און נאָך אַזעלכע ווערטער, וועלכע
קיינער האָט זיי נישט פאַרשטאַנען. אַ סך האָבן די ווערטער גאָר-
נישט געקאָנט נאָכזאָגן, נישט געדענקען. פריילעכע ייִנגען צווישן
די אַרבעטער און די באַלמעלאָכעס — די גאָר פאַרגרעבטע —
האָבן די אַלע ווערטער איבערגעדרייט, צעבראָכן, און אַזוי אַרויס-
געזאָגט, אַז זיי האָבן זיך אַליין געקאָליערט פון געלעכטער. די
ערנסטע אָבער, וואָס האָבן מיט זייערע שווערע קעפּ דווקא גע-
וואָלט וויסן און פאַרשטיין די ווערטער און דאָס, וואָס די פריער-
דיקע בית-המדרשניקעס — זייערע חברים איצט — האָבן אין זיי
אַריינגעקנעלט — האָבן אָנגעהויבן „פילאָזאָפירן". זיי האָבן די
ווערטער אָנגעהויבן צעקייען און אויסטייטשן. „אַרבעטער-זאַך" —
דאָס האָבן זיי גלייך פאַרשטאַנען: דעם אַרבעטערס זאַך. . . „קאַרל
מאַרקס" — אַ משה רבינו. . . זיי האָבן געזעען זיין בילד. נאָר
„סאָציאַליזם", „אינטערנאַציאָנאַל" און נאָך אַנדערע אַזעלכע ווער-
טער, האָבן זיי בשום אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין. זיי זענען
אַרומגעגאַנגען תמיד פאַרטראַכטע, פאַרמוחטע. די פריילעכע ייִנגען
האָבן זיך איבער זיי לוסטיק געמאַכט, אַלע מאָל האָט אַן אַנדערער
אַ פרעג געטון:

— זייגוול! וואָס מיינט מען „קאַר מאַר"?...

— און „אינטער. . . נאַ"?...

נאָר ווי פון דער ערד אַרויסגעוואַקסן האָבן זיך פלוצים באַ-
וויזן עפּעס צוויי פרעמדע ייִנגעלייטלעך, מיט ווייכע צעקנייטשטע
שוואַרצע קאַפּעלושלעך און מיט ברייטע רענדער, מיט בלאַסע
פּנימער און מיט לאַנגע שוואַרצע האָר, אין בלוזעס און צעריסענע
שיך און אַלץ האָט צווישן די אַרבעטער און די באַלמעלאָכעס
מיט איינמאָל זיך געענדערט. די פריילעכע ייִנגען זענען מיט
איינמאָל ערנסט געוואָרן, זענען אויך שוין אַרומגעגאַנגען פאַר-
טראַכטע, פאַרמוחטע, און די ערנסטע פון פריער שוין האָבן אויס-
געזעען צעטראָגן.

אינם שטעטל האָט מען געשמועסט, אַז די צוויי ייִנגעלייט
זענען אוודאי וואַרשעווער, און פילאָזאָפן מסתמא: זיי טראָגן דאָך
גרויסע שוואַרצע קאַפּעלושן, האָבן לאַנגע האָר און אַזעלכע מאָדנע

אויגן... די אַרבעטער אָבער און באַלמעלאָכעס האָבן זיך געסודעט צווישן זיך: „די דעלעגאַטן"... דאַן האָבן אַ סך געזאָגט, אַז זיי זענען לערער, זיי זענען אַראָפּגעקומען אין דעם שטעטל אַריין זיך אויפמאַכן אַ שולע, ווי ס'איז אין אַלע גרויסע שטעט. דאָס זענען די באַלעבאַטים באַלד געוואָרן געוויר געוואָרן און זיי האָבן באַשלאָסן, אַז זיי ווען די צוויי ייִנגעלייט — וואָס קיינער ווייסט נישט ווער זיי זענען — קיין דירה נישט פאַרדינגען.

אין בית המדרש האָט זיך געטומלט. אַ ליאַרם, געשרייען:

— ווער דאַרף דאָ אַ שולע?... צו לערנען די „פילאָזאָפיעס" זייערע?... ניין, דאָ אין דער שטאָט וועט קיין גוייִשע שולע נישט זיין!... ס'זענען דאָ חדרים, און שרייבן קאָן מען אין חדר אויך לערנען!...

דערווייל האָבן די צוויי ייִנגעלייט זיך אויפגעהאַלטן צווישן די אַרבעטער, געשלאָפן באַ זיי — יעדע נאַכט באַ אַן אַנדערן — און געלערנט מיט זיי. די אַרבעטער זענען זיך יעדע נאַכט צוזאַמענגעקומען צו אַן אַנדערן, זיך געטיילט אין גרופּן, און פלייסיק געלערנט. פון די קאָטשעטעס און לאָפּעטעס, וואָס זיי האָבן צו ערשט געמאַכט, זענען אויסגעוואַקסן אותיות, כאָטש תמיד נאָך אַנדערע, ווי די לערער האָבן זיי געלערנט. אַ „ג" אָדער אַ „ז" האָט אויסגעזען ווי אַ סערפּ, אַ „ו" ווי אַ קלאָניצע, און אַ לאַנגע „ן" ווי אַ דראָנג. און אַז די אותיות האָבן זיך אויסגעשטעלט אין ווערטער, האָבן זיי אויסגעזען ווי זעלנער מיט ביקסן, ווען זיי גייען אין אַ מלחמה אַריין... געלייענט האָבן זיי — ווי מ'לייגט ביימער, אָדער ווי מ'זעצט שטיינער באַם ברוקירן... אַ סך האָבן געהאַט גוטע קעפּ און גיך זיך אויסגעלערנט פּויליש און רוסיש. דערנאָך האָבן באַ די לערער אויך מיידלעך זיך אָנגעהויבן לערנען. פריער, פאַרשטייט זיך, שניידער-מיידלעך, זאָקנמאַכערינס און אַנדערע אַרבעטערינס, און שפּעטער — בסוד סודות, אַז קיינער זאָל נישט וויסן — אויך באַלעבאַטישע מיידלעך. זיי האָבן דאָך נישט געקאָנט אויסהאַלטן דעם נסיון. אַז איבם שטעטל דרייען זיך אַרום צוויי פרעמדע ייִנגעלייט אין שוואַרצע קאַפּעליושן מיט ברייִ-

טע רענדער, מיט שוואַרצע לאַנגע האָר, און מיט אַזעלכע פייער־דיקע אויגן, וואָס קוקן אויף זיי אַזוי. . . און זיי זאָלן זיך מיט זיי נישט באַקענען. „און זיי זענען דאָך מסתּמא זייער געבילדעטע, אינטעליגענטע; דאָס זעט מען זיי דאָך גלייך אָן. . .״

די מיידלעך זענען תּמיד רויט געוואָרן, באַהאַלטן די שעמעוודיקע פייערדיקע אויגן, ווען זיי האָבן די צוויי יינגעלייט דערזען. אַ סך האָבן געחלומט פון ליבעס, פון הייסע ברענענדיקע קושן, און אַ סך — פון עפּעס הימלישס, וואָס זיי האָבן גאָרנישט געקאָנט פאַרשטיין.

נאָר מיטאַמאָל האָט אין דעם שטעטל זיך באַוויזן אַ שולע, פאַר קלענערע און גרעסערע, וואָס די צוויי יינגעלייט האָבן געעפנט, און מיט אַ דערלויבניש פון די הויכע פענצטער אין לובלין. די באַלעבאַטים און אַנדערע פרומע יידן, וועלכע האָבן געהאַלטן אין איין טון דאַקעגן, זענען דערנאָך געוווּיר געוואָרן, אַז אין דעם איז שולדיק דער רב: ער האָט קיין לובלין צום גובערנאַטאָר געשריבן, אַז די יידישע באַפעלקערונג אין דעם שטעטל ק., ווו ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ ברייט פאַבריק־לעבן ווי אין אַ גרויסער שטאָט, נויטיקט זיך אין אייגענע שולן, ווו מ'זאָל לערנען די רוסישע שפּראַך. באַלד דערנאָך האָט אַ ציוניסטישער יינגערמאַן פון דעם שטעטל — הער הימלבלוי — אויפגעמאַכט אויך אַ העברעישע שולע.

אין דעם שטעטל האָט דאָס לעבן אָנגעהויבן ווערן אַלע מאָל פאַרשידנפאַרביקער, און קעגנגעזעצטער: דער אויפגעקלערטער און געבילדעטער רב קעגן רבין, די נייע שולן קעגן די אַלטע חדרים, און די פּראָלעטאַריער קעגן די חסידים. ס'זענען צוגעקומען נאָך נייע ווערטער: „שטרייק״, „רעוואָלוציע״, „פּאַלעסטינאַ״, „ד״ר הערצל״. אין שטובן, פון וועלכע ס'האָט קיינער נישט געוווּסט, נאָר די, וועלכע זענען זיך דאָרט צוזאַמענגעקומען, אין וואַלד הינטער דער שטאָט — האָט מען געהאַלטן פייערדיקע רעדעס וועגן סאָציאַליזם, געפירט דיסקוסיעס, געהיצט זיך, און געזונגען רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־לידער. די באַלעבאַטישע — שוין אויפגעקלערטע — יינגעלייט און רייכע מיידלעך, פאַרבענקטע און פאַרחלומטע —

האָבן געזוּנגען לשון־קדושע לידער. אינם שטעטל האָבן זיך באַוויזן צייטונגען, בראָשורן און ביכלעך. נאָר געהיטן זיך באַם לייענען האָבן אַלע: די אַרבעטער — פאַר דער פּאָליציי, און די ציוניסטן — פאַר די עלטערן. אין די אויגן פון די אַרבעטער האָט געברענט אַ פייער, וואָס האָט געדראָט און אין די אויגן פון די פאַרבענקטע און פאַרחלומטע מיידלעך, און די אויגן פון די באַלעבאַטישע ייִנגעלייט, האָבן קליינע סודותדיקע און הייליקע נר־תמיד־פלעמלעך זיך אָנגעצונדן.

## IV.

יוסף, ר׳ אברהם דעם וואַלד־סוחרס זון, איז געווען איינגאַנצן אַריינגעראָטן אין זיין טאַטן: ליב געהאַט צו חלומען און צו שניצן מיט אַ קליין מעסערל. אַ סך מעלות פון זיין זיידן ר׳ מלך, איז דורך זיין מאַמען צו אים איבערגעגאַנגען בירושה: ער איז געווען אַ גרויסער עניו און באַהאַלטן אין זיך אַ טיפע חכמה. זיין עלטער־זיידן, דאָס שניידערל, האָט ער פאַרגעטערט, אָבער ער איז נישט געגאַנגען אויף זיין וועג. פון דער מאַמען האָט ער געהאַט אין זיך די ווייכקייט, גוטסקייט און שיינקייט. ביז אַ יאָר זיבעצן האָט ער מיט פלייס געלערנט אין בית המדרש. שפּעטער אָבער האָט ער זיך אָנגעהויבן וואַקלען... ער איז באַטאָג נאָך געגאַנגען אין בית המדרש אַריין, אָבער נישט מער לערנען: ער איז געזעסן איבער אַ גרויסער אָפענער גמרא ווי פריער, נאָר נאָכגעדענקט וועגן די אַלע געדאַנקען, וועלכע האָבן אים געמאַטערט. דערביי האָט ער אין דעם טיש, בײַ וועלכן ער איז געזעסן, געשניצט מיט דעם קליינעם, פערלמוטערנעם מעסערל, וועלכעס ער האָט אַרומגעטראָגן בײַ זיך אין וועסטל־קעשענע. אינדערהיים איז ער ביז שפּעט אין דער נאַכט געזעסן און געצייכנט, געמייסטערט מיט אַ העקל און מיט נאָך אַנדער געצייג. אין זיין פאַנטאַזיע האָט זיך

געפּלאָנטערט דער פּאַלאַץ, וועלכן די מייסטער פון צור האָבן פאַר שלמה המלך אויפגעשטעלט, מיט די אַלע געזימסן און קופּאָלן, און ער האָט זיך פאַרגעגומען פון דעם קליינעם הילצערן הייזל, וועלכעס דער פאָטער האָט נאָך דער גרויסער שרפה געלאָזט פאַר זיך אויפשטעלן, אַזאַ פּאַלאַץ צו מאַכן. די מאַמע האָט זיך באַ אים געבעטן:

— קינד מיינס... יוסף... דו וועסט דיך דאָך נאָך חס ושלום פאַרמאַטערן. זע, ווי דער שווייס גיסט זיך פון דיר.

אָבער ער האָט זי נישט געהערט: ער איז אין זיין אַרבעט געווען זייער שטאַרק פאַרטון, געפלויגן אין דער פאַנטאַזיע. אים האָט זיך געדאַכטן, אַז ער רעדט מיט שלמה המלך, מיט דעם גרעסטן חכם פון דער וועלט, וועלכער האָט פאַרשטאַנען אַלע שבעים לשונות און אויך די שפראַך פון אַלע חיות און פייגל. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט די צייט, ווען דער גרויסער חכם האָט גע-קיניגט איבערן יידישן פאָלק, געפירט מלחמות און באַהערשט אַלע אומות פון דער גאַנצער וועלט... די יידן זענען אין זייער לאַנד געזעסן אין זייערע וויינגערטנער, און די פייגנביימער, אָדער אין די וועלדער פון צעדערביימער, באַקסנביימער און איילבירטנ-ביימער... ווי בלוי דער הימל איז דאָרטן!... און ווי שיין זע-נען די יידישע שוואַרץ-חנעוודיקע טעכטער, מיט די שוואַרצע בליצנדיקע מאַנדל-אויגן, אָדער מיט די קיילעכדיקע ווארעמע און גוטע אויגן, ווי באַ שעפסן!... זיי שפּאַצירן אויף די בערג פון לבנון, און אין די טאָלן פון שרון צווישן רויזן און ליליען...

ער איז געפלויגן אין זיין פאַנטאַזיע, געזעען דאָס בית המקדש, וועלכעס שלמה המלך האָט אויפגעשטעלט, דעם פּאַלאַץ פון לויטער גלאָז און שפּיגלען, אין וועלכן ער האָט פאַרנאַרט די מלכה שבא, די קעניגין פון אַלע שדים, אשמדאיס ווייב און זי דאָרט פאַרשעמט פאַר אַלעמענס אויגן... ער האָט געזעען די שטול, אויף וועלכער דער קלוגער קעניג איז געזעסן: זי איז גע-ווען געמאַכט פון לויטער גאָלד, מיט פייגל און חיות פון גאָלד און

זיי האָבן געלעבט! ... זיי זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט אויף די שטאַפּלען פון דער שטול, און אַז דער קעניג האָט באַטרעטן דעם ערשטן שטאַפּל, האָבן זיי זיך געבוקט צו אים, און אָנגעהויבן ברומען... זיי האָבן זיינע פיס פון איין שטאַפּל אויפן צווייטן געהויבן, ביז זיי האָבן אים אַרויפגעזעצט אויף דער שטול, צו וועלכער ס'זענען געווען צוועלף זילבערנע שטאַפּלען... דאַן האָט דער לייב, וועלכער איז געשטאַנען אויפן לעצטן שטאַפּל פון דער שטול, אַרויפגעזעצט אויפן קעניגס קאָפּ די קרוין, וועלכע איז געווען געמאַכט פונם גרעסטן סאַפּיר, וואָס איז נאָר אויף דער וועלט געווען... דעם סאַפּיר האָט דער לויתן פון ים הגדול געבראַנגט אַ מתנה דעם קעניג פאַר זיין גרויסער פרומקייט... דער זוים פון דער קרוין איז געווען באַזעצט מיט צוועלף די גרעסטע שמאַראַגדן פון דער וועלט און אויפן שפּיץ פון דער קרוין איז געווען אַ בלויער טורקוס, בלוי ווי דער הימל אין ירושלים, און געלויכטן ווי דער מאָרגנשטערן, אין וועלכן מ'קאָן נישט אַריינקוקן... אין אים איז געווען אויסגעקריצט דעם שם המפורש מיט פייערדיקע אותיות... צום קעניגס לינקער האַנט איז געשטאַנען אַ שלאַנג — אין דער געשטאַלט פון חוהן — און אים דערלאַנגט דעם גאָלדענעם סצעפּטער...

ס'איז שוין געווען באַלד פאַרטאָג, ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון דידאָזיקע פאַנטאַזיעס זיינע. ער האָט זיך אויסגעריבן די אויגן, זיך געריבן דעם שטערן און זיך אַ שטאַרקן טרייסל געטון: „בין איך געשלאָפן און האָב געחלומט? ... ווי קומען צו מיר איצט דידאָזיקע פאַנטאַזיעס? ... זיי זענען טאַקע זייער שיין, תמיד האָב איך דעם מדרש ליבער געהאַט, ווי די גמרא, אָבער...“

ר' אברהם דער וואַלד-סוחר האָט זיך צוגעקוקט צום זונס אַרבעט און געהאַט דערפון גרויס נחת. ער האָט אין אים געזען דעם רוח פון בצלאל בן אורי, און אין הארץ, קיינער זאָל נישט וויסן, אפילו זיין ליבע רחלע נישט, האָט ער געהאָפט, אַז דאָס בייע בית-המקדש, וואָס וועט שוין קיינמאָל נישט חרוב ווערן, וועט זיין זון אויפבויען... די מאַמע האָט געהאָפט, אַז ער וועט ווערן

רב — ער קאָן דאָך אַזוי גוט לערנען!... אָדער ער וועט געהיס איבערנעמען איר זיידנס ירושה — ער וועט ווערן רבי...

און יוסף האָט דאָס קליינע הילצערן הייזל אַזוי אויסגעפוצט, אַז מענטשן האָבן זיך נישט געקאָנט אָפּרייסן דערפון קוקנדיק דערויף. ער האָט עס פונדרויסן — פון אונטן ביז ווייניקער ווי אין דער העלפט אַריין — באַשלאָגן מיט גלאַטיקע פיין אָפּגעהובלעוועטע ברעטלעך, וועלכע ער האָט אָפּגעפאַרבט אַזוי, אַז אפילו פונדערנאָנט האָט מען געמיינט, אַז דאָס הייזל שטייט אויף אַ ים צווישן צעבראָכענע כוואַליעס... די אַנדערע העלפט — ביז אַרויף צום דאַך — האָט ער באַמאָלן ווייס — האָט עס אויסגעזען ווי פון מאַרמאָר... די פיר זייטנווינקלען האָט ער באַשלאָגן מיט גאָלד-געפאַרבטע געזימסן און אונטערן דאַך — געפלאָכטענע קאַרניזן פון שוואַרץ עבנהאָלץ — האָבן זיי אויסגעזען ווי שוואַרצע צעפּ אַרום אַ ווייסן פרויען-שטערן... אַרום און אַרום האָט ער דאָס הייזל אַרומגעקייטלט מיט קינסטלערישע שניצונגען, און די לעדן אָפּגעפאַרבט בלוי. דאָס הייזל האָט אויסגעזען ווי אַ קליין פאַנטאַסטיש פּאַלאַצל, אַרומגערינגלט מיט אַ גאָרטן, אין וועלכן ס'זענען געוואַקסן פאַרשידענע בלומען.

טאַטע מאַמע האָבן געהאַט גרויס נחת פון זייער זון. זיי האָבן אין אים געזען אַלץ, וואָס זיי האָבן אין אים געוואָלט זען. נאָר באַלד איז זייער גאַנצע פרייד פאַרשוואונדן. יוסף, וועלכער האָט אָנגעהויבן אַריינגיין צום רב, האָט אויפגעהערט אינגאַנצן צו גיין אין בית-המדרש אַריין און דערקלערט זיינע עלטערן, אַז ביז אַהער האָט ער אומזיסט פאַרלוירן זיין לעבן בײַ דער גמרא, אין נאַרישע פאַנטאַזיעס, און מער וויל ער נישט. אַ באַגייסטערטער פון נייע געדאַנקען און אידעען — וועלכע ער האָט נאָך אַליין נישט גאַנץ פאַרשטאַנען — האָט ער דעם צעשראָקענעם טאַטן און דער מבולבלדיקער מאַמען געזאָגט, אַז פון איצט אָן הייבט ער אָן אַ נייעם לעבן, ער — — —

רחלע האָט זיך צעוויינט:

— איז דאָס מיין קינד?... יוסף?...

אויף [illegible] אומגליק פון דער טאָכטער, האָט זי זיך נישט געריכט.

---

יוסף האָט זיך איצט געבערנגט צו טראָגן אַלעמאָל אַן אַנ־דער בוך, געלייענט טאָג און נאַכט. ער האָט די ביכער פשוט גע־שלונגען. דער טאַטע האָט אים דערינען נישט געשטערט: ער האָט דאָך בחורוויז אויך געלייענט ביכער. אָבער קיין נחת האָט ער פונדעסטוועגן דערפון נישט געהאַט. ער האָט געשוויגן, ווייל ער איז אין אַלגעמיין קיינמאָל קיין גרויסער ריידער נישט געווען. ער האָט תמיד ליב געהאַט צו שווייגן, אויסצוהערן יענעם, וואָס האָט אים עפּעס דערציילט, און דערביי געקוקט מיט זיינע אומע־טיקע אויגן... און וואָס עלטער ער איז געוואָרן — אַלץ מער שווייגער איז ער געוואָרן, אַלץ מער פאַרטראַכט האָט ער אָנגע־הויבן אַרומגיין, און אַלץ אומעטיקער זענען זיינע אויגן געוואָרן. ס'האָט קיינער נישט פאַרשטאַנען זיין פאַרטראַכטקייט, זיין אַרומ־דרייען זיך ווי אַ פאַרבלאָנזשעטע שאָף, זיין בענקען.

אין די שטובן באַ ר' אברהם דעם וואַלד־סוחר איז תמיד געווען שטיל, תמיד, ווי ס'וואָלט דאָרט עפּעס געפעלט. אפשר דער עקשנותדיקער און פאַרבענקטער ניגון פון לערנען, וועלכער זאָל קלינגען: „בית הלל אומרים... זאָגט די גמרא...״ איז אָבער ר' אברהם דער וואַלד־סוחר קיינמאָל קיין גרויסער לערנער נישט געווען, און ווען ער האָט אַמאָל יאָ געלערנט — האָט מען אים אויך נישט געהערט. ער האָט ליב געהאַט שטיל צו לערנען, צו פאַרטראַכטן זיך, צו חלומען — ווי בחורוויז. יוסף ווידער האָט אינדערהיים קיינמאָל נישט געלערנט, תמיד אין בית המדרש. נאָר אין דער לעצטער צייט האָט ר' אברהם דעם וואַלד־סוחרס האַרץ אָנגעהויבן זייער שטאַרק באַדרוקט צו ווערן, מער ווי אין אַלע צייטן, און דאָס האָט רחלע, וועלכע האָט איר מאַן אַזוי ליב געהאַט און געווען אַן אמת אשת חיל, געזען. זי האָט אָבער נישט געוואַגט

איר מאַן וועגן דעם צו פרעגן — איז זי אַרומגעגאַנגען אַ שטילע, מיט אַראָפּגעלאָזטע טרויעריקע אויגן, און געהאַט גרויסע יסורים דערפון, וואָס איר מאַנס האַרץ איז אַזוי דערדרוקט. צו דער סודותדיקער שטילקייט אָבער, צו דער באַהאַלטנקייט — עפּעס אַזוינס, וואָס מ׳קאָן מיטן מויל נישט אַרויסזאָגן — איז אין דער לעצטער צייט צוגעקומען נאָך עפּעס אַזעלכעס, דריקענדעס, שווערס און נאָכמער באַהאַלטנקייט.

רחלע האָט מיט אַ שטום פרעגנדיקן בליק געקוקט אויף איר מאַן און אויף איר זון. זי האָט געקלערט וועגן זייער ביידנס שווייגן, וועגן זייער ביידנס פאַרטראַכטקייט, און ביידע נישט פאַרשטאַנען. און ווען יאָ — האָט זי דערינען נישט געגלייבט. זי האָט צו זיך תמיד געזאָגט:

— ווי קאָן איך, זינדיקע אישה, זיי פאַרשטיין, וויסן, וואָס אין זייערע מאַנסבילשע הערצער טוט זיך? נישט קיין קלייניקייט זענען די געדאַנקען פון אַ מאַנסביל! אַז אַ מאַנסביל איז פאַרטראַכט, רעדט נישט — איז דאָס וועגן גרויסע זאַכן, וואָס קיין אישה קאָן נישט און דאַרף נישט פאַרשטיין, כאָטש זי ווייסט אפשר וועגן וואָס זיי טראַכטן, דאָס הייסט: עס דאַכט זיך איר, אַז זי ווייסט.

ר׳ אברהם דער וואַלד־סוחר האָט אין דער לעצטער צייט כמעט אינגאַנצן אויפגעהערט האַנדלען. אין דעם וואַלד אַריין, וועלכן מ׳האָט אָנגעהויבן האַקן, איז ער זעלטן געפאָרן. רחלע האָט געוווסט, אַז איר מאַן האָט צו דעם וואַלד צוגעלייגט אַ סך געלט, און ס׳איז איר געקומען אַ געדאַנק אין קאָפּ אַריין: „יעדער מאַכט היינט גוטע געשעפטן, ווערט רייך, און מיין מאַן“... זי האָט זיך אָבער באַלד צוריקגעכאַפּט, גיך דערשטיקט אין זיך דעם געדאַנק, און זיך געמאַכט פאָרוואורף: „כ׳בין טאַקע נישט מער ווי אַ זינדיקע אישה! מער, ווי וועגן דעם זינדיקן גוף, קען קיין אישה נישט טראַכטן!“ זי האָט דעריבער שוין אינגאַנצן אויפגעהערט טראַכטן וועגן איר מאַן, און באַשלאָסן בײַ זיך: „אייגנטלעך איז ער דאָך תמיד געווען אַ פאַרטראַכטער, אַ שטילער, אַ פאַרבענקטער און אַזוי איז אויך יוסף. ער גראָט דאָך

איינגאַנצן אין זיין פאָטער אַריין." נאָר דאָס, וואָס ער האָט אויפ־
געהערט גיין אין בית המדרש אַריין לערנען. לייענט ביכער —
דאָס האָט זי שוין בשום אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין. אָבער גלייך
האָט זי זיך אויך דערויף געענטפערט: „וואָס ווייס איך?" אַן אַנ־
דערע שרעק האָט זיך אָבער באַ איר אָנגעהויבן פון צייט זי איז
געוווּיר געוואָרן, אַז אין שטאָט רעדט מען אויף איר טאָכטער. זי
האָט געטראַכט וועגן דעם, וואָס זי האָט געהערט פון אַ פרוי, און
די הויט האָט אויף איר געציטערט, ס'איז איר קאַלט געוואָרן אין
אַלע איברים, די פיס האָבן זיך איר אונטערגעבראָכן, און אַ קאַל־
טער שווייס האָט איר פנים באַדעקט. אַ שווערער זיפץ האָט זיך
אַרויסגעריסן פון איר האַרץ:

— גאָטעניו! ווען דאָס, וואָס מ'זאָגט אויף מיין קינד, זאָל
חלילה אמת זיין! — —

נאָר זי האָט גלייך אויפגעהערט טראַכטן וועגן דעם, נישט
געקאָנט מער. ס'איז איר ווידער הייס געוואָרן, קאַלט, די הענט
האָבן זיך איר שוואַך אַראָפּגעלאָזט, ווי אין חלשות, און די פיס
האָבן איר געציטערט. הייסע טרערן האָבן זיך פון אירע מאַמע־אויגן
געגאָסן, גערונען איבער אירע באַקן, וועלכע זענען באַ איר שוין
געווען איינגעדאַרט און בלאַס פון אַזויפיל זאָרגן וועגן אירע קינ־
דער, וועלכע זענען באַ איר אַזוי אָפּגעציטערט געווען. זי האָט הויך
אַרויסגעוויינט:

— רבונו של עולם אין הימל!... — —

באַלד אָבער האָט זי זיך צוריקגעכאַפּט:

— ניין, ס'איז נישט אמת, וואָס שונאים האָבן אויף מיין קינד
אויסגעטראַכט, אַז... ניין, דאָס איז נישט אמת, דאָס זענען בלויז
בייזע צונגען, וועלכע זאָגן אַזעלכעס אויף מיין קינד! אויך אויף
מיר האָט מען אַ מאָל אַזעלכעס אויסגעטראַכט, ווען כ'בין נאָך גע־
ווען אַ מיידל, און מסתמא איז דאָס, וואָס מ'זאָגט איצט אויף מיין
קינד פונקט אַזוי אמת, ווי ס'איז געווען דאָס, וואָס מ'האָט געזאָגט
אויף מיר. מרים איז אַ כשר קינד! זי איז ר' פייוועלעס אַן אור־
אייניקל, און ר' מלכס אַן אייניקל!... זיי וואָלטן דאָס אויהן אין
הימל נישט דערלאָזט, אַז זייער אייניקל זאָל זיי דאָ אויפטון אַנטוּן

אזא בושה! און מיין מאַמע עליה השלום, די באָבע — די הייליקע נשמות, וואָס זענען אין ליכטיקן גן-עדן — וואָלטן זיי דאָס דער-לאָזט? וואָלטן זיי דערלאָזט, אַז זייער קינד, פאַר וועלכעס זיי האָבן זיך באַ זייער לעבן תמיד אַזױפיל געזאָרגט, זאָל איצט אַזאַ בושה דערלעבן? ניין, ס'איז נישט אמת, וואָס בייזע צונגען רעדן אויף מיין קינד! די מענטשן איצט אין דער שטאָט — כ'וויל נישט זינדיקן מיט קיין לשון הרע, אָבער — ניין, ס'זענען נישט מער די מענטשן פון אַמאָל, נישט מער די אייגענע, וועלכע זענען גע-ווען אין מיין יידנס צייטן, און אפילו נישט מער די, וואָס זענען געוועזן פריער, איידער די פאַבריקן זענען געווען. אַלץ איז אין דער שטאָט אַזוי איבערגעקערט געוואָרן — נישט צו דערקענען מער: נישט די שטאָט, און נישט די מענטשן.

זי האָט דערפילט, אַז איר איז אַ ביסל גרינגער געוואָרן אויפן האַרץ, און געוואָלט זיך נעמען עפּעס צו טון אין שטוב. אָבער אַ הייסער שטראָם טרערן האָט זיך פון אירע אויגן ווידער אַ גאָס געטון, און זי האָט ווידער אָנגעהויבן וויינען. איצט אַזוי שטאַרק, אַז זי האָט שוין גאָר מער נישט געקאָנט איינהאַלטן. זי האָט אין איר האַרץ ווידער דערפילט אַ שרעק, ווען זי האָט זיך פאַרטראַכט וועגן דעם אויסזעען פון מרימען אין דער לעצטער צייט. „ניין, זי זעט נישט מער אַזוי אויס, ווי זי האָט אויסגעזעען. אי-רע אויגן — עפּעס קוקט פון זיי אַרויס אַ מאָדנע געלעכטערל, אַזאַ בייזס און פאַרשייטס... די באַקן אירע זענען אַנדערש געוואָרן, גאָר אַן אַנדערע פאַרב האָבן זיי באַקומען, אַזאַ בליענדע, ראָזע, און בלאַסע, ווי באַ אַ יינג ווייבל ערשט נאָך דער חתונה, ווען זי שטייט אויף אינדערפרי פון בעט... און דאָס מויל אירס, די ליפּן, די האָר — —"

זי האָט אָנגעהויבן טראַכטן וועגן איר מאַן: „ווער ווייסט, אויב ער זעט דאָס נישט, און אַ מאַנסביל זעט דאָך אַלץ קלאָרער, טיפער, ווייטער. דעריבער איז זיין האַרץ אין דער לעצטער צייט אַזוי דערדרוקט. אַ מאַנסביל זעט דעם אמת באַלד אין דער ערש-טער רגע, נאָר ער רעדט נישט פאַר קיינעם, טראָגט אַלץ באַ זיך אין האַרץ און שווייגט. כ'האָב דאָך אַליין באַם בעקער — ווען

בין אריינגעקומען קויפן א ברויט — געהערט, ווי צוויי ווייבער האָבן גערעדט צווישן זיך וועגן מיין קינד! ווען זיי האָבן מיך דערזעען — האָבן זיי גלייך אויפגעהערט. אָבער עטלעכע ווערטער — אוי! . . . זיי הערן נישט אויף ווי מיט אייזערנע האַמערס צו קלאַפּן אין מיין מוח — האָב איך געהערט: אַז דעם פּויערס זון, וועלכער אַרבעט אין דער מיל. . ."

זי האָט זיך פאַרגעשטעלט, און געזעען, ווי איר קינד — מרים — שפּאַצירט מיט אַ שגץ אויף די וועגן צווישן די פעלדער, וועלכע פירן צו דער אַלטער מיל, זי זיצט מיט אים באַם וואַסער, ער האַלט זי אַרום. . . זי האָט אויפגעציטערט, זיך צוריקגעכאַפּט: „ניין, דאָס איז נישט אמת! בלויז אַ שקר-בלבול, וואָס בייזע צונגען האָבן אויף מיין קינד אויסגעטראַכט! מיין קינד איז ריין ווי די זון! איך זינדיק קייגן איר מיט אַזעלכע מחשבות!"

און ווידער האָט זי זיך באַוואַשן מיט אַ שטראָם הייסע טרערן. אָבער זי האָט דערפילט, אַז איצט איז איר אויפן האַרץ וועגן קינד שוין אינגאַנצן לייכט געוואָרן. איר קינד איז אַ כשר קינד, האָט זי באַ זיך באַשלאָסן, און שוין מער נישט געוואָלט טראַכטן וועגן דעם. און אויך וועגן איר מאַן, האָט זי באַשלאָסן באַ זיך, שוין מער נישט צו טראַכטן. „איך טאָר וועגן אַ מאַנסביל נישט טראַכטן", — האָט זי צו זיך געזאָגט. „ווי קום איך צו טראַכטן וועגן די הויכע מחשבות, וואָס אַ מאַנסביל טראָגט אין זיך? קאָן איך דען וויסן, וועגן וואָס אַ מאַנסביל טראָגט אין זיך? קאָן איך דען וויסן, וועגן וואָס אַ מאַנסבילס נשמה ווערט טרויעריק? ווייס איך דען די אַלע גרויסע סודות פון די הייליקע ספרים, אין וועלכע דער מאַנסביל לערנט? און די סודות פון די הימלען, פון די הויכע וועלטן, צו וועלכע אַ מאַנסביל שטרעבט? ניין, איך טאָר גאָרנישט וועלן וויסן אפילו, וועגן וואָס אַ מאַנסביל טראַכט! און מיין מאַן איז געוויס נישט קיין קלייניקייט, אַז מיין טאַטע, עלו השלום, ר' פייוועלעס זון, האָט אים געגומען פאַר אַן איידעם! מיין מאַנס טרויעריקייט איז נישט וועגן פרנסה און אויך נישט וועגן מרימען! אפשר וועגן יוספן, ווייל ער האָט אויפגעהערט גיין אין בית המדרש אַריין לערנען, אָבער דאָ טאָר איך מיך שוין גע-

וויס נישט אַריינמישן! מסתּמא האָט ער געמוזט אויפהערן לער־נען, אפשר דערווייל בלויז אויף אַ קורצער צייט נאָר. וואָס קאָן איך וויסן? מיין זון איז מסתּמא אויך נישט קיין קליי־ניקייט! ער גראָמט אין זיין זיידן דעם גרויסן חכם, און אין זיין עלטער־זיידן דעם גרויסן צדיק! מיין מאַן און מיין זון — צוויי גרויסע נשמות — ווי מעג איך נאָר וועלן וויסן זייערע גע־דאַנקען?"

---

יוסף האָט געזען, ווי זיין מאַמע גייט אַרום פאַרזאָרגט, ווי אירע אויגן טרוקענען נישט פון טרערן — כאָטש זי האָט זיך גע־היטן, אַז קיינער זאָל אין שטוב נישט זען, ווי זי וויינט — און ער האָט פאַרשטאַנען איר צער. ער האָט אירע געדאַנקען פון איר פּנים אַראָפּגעלייענט און געטראַכט בײַ זיך, אַז נישט אַלץ ווייסט זי וועגן אים. וועגן דעם טאַטן ווייסט זי גאָרנישט און דאָס, וואָס זי שטויסט זיך אָן וועגן מרימען — איז בלויז נאָר דער שאָטן פון דעם, וואָס עס איז באמת. און ער איז געווען צופרידן דערפון, וואָס זי פאַרשטייט נישט אַלץ, קאָן נישט פאַרשטיין. אַ סך מאָל האָט ער נאָך געזען, אַז זי זאָל טאַקע נישט וויסן, נישט פאַרשטיין, די גרויסע ליידן, וועלכע האָבן ווי אַ באַרג שטיי־נער געפּרעסט זיין האַרץ. ער האָט כמעט אַלץ געוווּסט, גע־זען און פאַרשטאַנען, וואָס אין זיין טאַטנס האַרץ איז פאָרגעקו־מען. ער האָט געוווּסט, וועגן וואָס זיין טאַטע ליידט אַזויפיל אין דער לעצטער צייט און געגלייבט, אַז זיינע ליידן וואָלטן מסתּמא נאָך אַ סך שווערער געוואָרן, ווען ער זאָל דאָס אַלץ, וואָס ער אַנט נאָר בלויז, קלאָר וויסן, זען און באַגרייפן. ער האָט דע־ריבער מיטן טאַטן מער נישט געוואָלט רעדן וועגן די אַלע זאַכן, וועגן וועלכע ער האָט מיט אים פריער גערעדט. „נישט יעדער קאָן

דאָך קוקן אין פייער אַריין״. האָט ער געשוויגן און געטראַכט בײַ זיך:

— ס׳האָט אַ שטראַל זיך באַוויזן און איז פאַרשוווּנדן, אַ בליאַסק געטון — און נישטאָ. שטום זוכט איצט דער פאַרבענקטער דאָס פייער פון דער זון, ס׳זאָל אים וואַרעמען. אומזיסט. ס׳האָט אַ שטורמווינט דעם פרילינג געטייט. ס׳פרירט דאָס גרינע גראָז איצט, און וועלקט.

מיט אָפענע אויגן האָט יוסף איצט שוין געקוקט אויף אַלץ, וואָס ער האָט פריער בלויז נאָר ווי אין חלום געזען, אָדער ווי דורך אַ נעפּל. ער האָט איצט באַגריפן די גרויסקייט פון זיין עלטערזיידן ס׳שניידערל, פאַרשטאַנען די לעגענדעס, וועלכע מ׳האָט וועגן אים דערציילט. ער האָט געטראַכט בײַ זיך: „אַ גרויס פייער האָט זיך אין דעם שטעטל באַוויזן, דאָס פייער האָט אין יעדן האַרץ באַדאָרפן זיך צו צעפלאַקערן, אין יעדן האַרץ נישט בלויז נאָר אין דעם שטעטל, נאָר אין יעדן יידישן האַרץ פון דער גאַנצער וועלט! אַן אַנדער פייער אָבער, אַ שרעקלעכערס, האָט זיך צעפלאַקערט!״ און ער האָט וועגן דעם מיטן טאַטן נישט געוואָלט רעדן, ווייל ער האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט זיין צער נאָך גרעסער מאַכן. און וועגן דער מאַמע, וועלכע ער האָט זייער שטאַרק ליב געהאַט, האָט ער געטראַכט:

— צו וואָס זאָל זי וויסן וועגן דער גרויסער טראַגעדיע, וועלכע ווערט געבוירן באַם אָנהייב פונם דריטן דור נאָך איר גרויסן זיידן? העלפן וועט זי סיי־ווי נישט קאָנען, זי וועט אפילו די טראַגעדיע אין איר גאַנצער גרויס נישט פאַרשטיין. און ווען יאָ? קאָן איך אַליין דען עפּעס טון דאַקעגן? וועט גענוג זיין פאַר איר, אַז זי וועט מוזן איבערהאַלטן די גרויסע קאַטאַסטראָפע, וועלכע וועט קומען, ווייל זי מוז קומען, און וועלכע זי פילט שוין. זי וועט מוזן איבערהאַלטן דאָס שווערע אומגליק, פאַר וועלכעס זי שרעקט זיך אַזוי, דאָס שווערע אומגליק, וועלכעס זי זעט און פילט, וועט קומען איבער איר קינד. יאָ, זי וועט מוזן געוווירווערן דעם שרעקלעכן אמת, פאַר וועלכן זי שרעקט זיך אַזוי.

יוסף האָט געוווּסט, וואָס מיט זיין שוועסטער קומט פאָר, און

ער האָט זי נישט באַשולדיקט, הגם ער האָט אַנדערש געדענקט. פאַר אים איז דער געדאַנק, אַז זיין שוועסטער ליבט אַ קריסט, נישט געווען אַזוי שרעקלעך. ער האָט געטראַכט באַ זיך:

— זי האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין שטראָם פון נייעם לעבן, וואָס איז געבוירן געוואָרן נאָך אַ שרפה, אין פאַבריקן מיט מאַשינען. יאָ, זי האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין אַ שטראָם פון „נייע" אידעען, ווייל זי האָט נישט געוווּסט וועגן די „אַלטע", וועגן דעם גרויסן פייער פון איר עלטער-זיידע דאָס שניידערל, וועלכעס האָט אויך זי געקאָנט וואַרעמען, און וועלכעס וועט אַלע הערצער דאָך אַמאָל מוזן אָנצינדן! די נייע אידעען — פאַרקריפּלטע, קליינע פיצלעך פון די אַלטע — וועלן פאַרשווינדן! פאַר איר זענען די נייע אידעען פון דעם נייעם לעבן איצט אין דעם שטעטל זייער גרויס, זי איז פון זיי מיטגעריסן געוואָרן, ווי פון מעכטיקע כוואַליעס אויף אַ צעשטורמטן ים, זי ווערט געוואָרפן פון איין כוואַליע צו דער צווייטער, פון ציוניזמוס צו סאָציאַליזמוס, און זי ווייסט נישט וואָס זי טוט. זי ליבט אַ קריסט. ניין, זי לאָזט זיך בלויז פון אַ קריסט ליבן, ווייל דאָס איז אַן אידעע איצט, אַ שטראָם פונם נייעם לעבן, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין איין נאַכט, און כּשופט איר יוגנט, איר ריינקייט. דאָס הייסע בלוט אין אַ יינגן גוף, ווען ס'הייבט אָן קאָכן, ווערט תּמיד פאַרכאַפּט פון ערשטן שטראָם, וועלכער קומט עס אַ קעגן. אָבער דאָס, וואָס עס דערוואַרט זי, נאָכדעם ווי איר גליק — און אומגליק פאַר דער מאַמען — וועט שוין זיין פאַרביי — וועט זיין שרעקלעך! די נייע אידעען — טויטע פאַרקריפּלטע פיצלעך פון די אַלטע, געבוירענע אין פאַבריקן באַ מאַשינען — וועלן, פון די מאַשינען צעריבן ווערן! דעם זיידנס אידעע, באַר אין אַן אַנדערער פאָרם, וועלכע וועט אין זיך אַריינגעמען אַלע אידעען פון דערלייזן אַלע מענטשן, די גאַנצע וועלט — וועל איך אויפלעבן! און נישט סאָציאַליזם וועט די אידעע הייסן, און זיין וועט זי סאָציאַליזם! נישט חסידיזם וועט זי הייסן, און זיין וועט זי חסידיזם! מיין וועג — דעם זיידנס און ישעיהוס — זאָל קיין שום נאָמען נישט האָבן! מיין זיידע דאָס שניידערל האָט נישט געוואָלט, אַז מ'זאָל אים רופן רבי — ער האָט נישט געוואָלט

קיין נאָמען! די, וועלכע זענען צו אים געקומען, זענען געווען פריינט, נישט קיין חסידים! ער האָט געוווּסט, וואָס אַ נאָמען איז, וואָס פון אַ נאָמען וואַקסט אַרויס! שרעקלעך איז אַ נאָמען!

ער האָט באַשלאָסן אַוועקצופאָרן אין אַ גרויסער שטאָט אַריין, קיין וואַרשע: דאָרט וועט ער לערנען, שטודירן. „איך מוז אַ סך וויסן״ — האָט ער באַ זיך באַשלאָסן — אַ סך, כּדי איך זאָל קענען אויף מיין זיידנס וועג מיט מיר מיטציִען אַלע מענטשן, די גאַנצע וועלט.״

## V.

אין דעם שטעטל האָט אין אַ קליין צעבראָכן הייזל געוווינט אַ ייד, האָט ער געהייסן וואָלף דוד. דאָס הייזל האָט ער געהאַט בירושה פון זיין זיידן ר׳ מיכאל, וועלכער איז אַמאָל געווען גבאי באַם שניידערל. דאָס הייזל איז אין דער גרויסער שרפה נישט פאַרברענט געוואָרן, ווייל ס׳איז געשטאַנען מן הצד פון דער שטאָט און דאָס פייער איז דאָרט אַהין נישט צוגעקומען. איצט איז דאָס הייזל אַ חורבה, די ווענט זענען ביז דער העלפט אין דער ערד איינגעזונקען, פאַרפוילט, איינגעפאַלן און אונטערגעשפּאַרט פון אַלע זייטן מיט דרענגער. קליינע פענצטערלעך, און די שויבן — טייל אויסגעהאַקט, די לעכער פאַרפאַקט מיט שמאַטעס און די, וועלכע זענען גאַנץ — זענען פאַרשמירט, פעט און גלאַנציק. דער דאַך — אַ שטרויענער, פאַרפוילט, מיט מאָך באַוואַקסן, גרין, און ווייסע ציגן פאַשען זיך אויף אים, שפּרינגען אַרום און מעקען. מאַמעס זעצן דאָרט אַרויף זייערע קינדער, אַז די זון זאָל זיי וואַרעמען, און זיי שפּילן זיך: מאַכן חלות פון זאַמד, געריטנדלעך און שטייגן צו כאַפּן פייגל. זיי שלעפּן די ציגן באַ די הער-

גער, זעצן זיך אויף זיי אַרויף רייטן און מאַכן אַ קאָזשעליק אַראָפּ.

פונדערווייטנס מאַכט דאָס הייזל אַזאַ איינדרוק: באַנאַכט — ווי שדים וואָלטן דערינען געוווינט, עס וואַרפט אָן אַ פּחד. און באַטאָג, ווען די זון באַשיינט עס, די פּעטע שויבן צינדן זיך אָן פון די שטראַלן און שימערן מיט טויזנטער קאָלירן פייערלעך; די ווענט, מיט מיליאָנען לעכערלעך פון ווערים, אָנגעפּילטע מיט געלער פּראַכנע; מיט די פאַרפוילטע פאַרשידנפאַרביקע שמאַטעס, אָנגעהאָנגען פון אַלע זייטן, כּדי דאָס הייזל ווינטער צו שיצן פון פרעסט און שנייען; מיט דעם גרינעם דאַך, מיט די ווייסע ציגן, וועלכע שפּרינגען אַרום אויוון און מיט די קינדערלעך, וואָס שפּילן זיך דאָרט — זעט אויס ווי אַ שטיק חפץ פון דער שטאָט, יעדן אַזוי ליב, איינגעבאַקן אין האַרץ און טייער. די זשיקע — נישט ווייט פון דעם הייזל: אַ שמאָל ברודיק וואַסערל, אַ שטייענדיקס, איבערגעצויגן מיט אַ גרין פּעט הייטל — זאָגן לצים, אַז דאָס איז דער ים פאַרן פּאַלאַץ...

די שכנים, וועלכע וווינען דאָרט, זענען אַלע גויים, אַלע שטריק-און-טאַשמע-מאַכער. זיי האַלטן זייערע וווינונגען תּמיד אָפן און דעם פלאַקס, מיט די פאַרטיקע טאַשמעס און שטריק, לאָזן זיי ליגן אינדרויסן. זיי האָבן נישט קיין מורא, אַז וואָלף דוד — אַ שרעקלעכער גנב — וועט זיי באַגנבענען. זיי לאָזן אָפן זייערע כליווען, וווּ זיי האַלטן די חזירים, די אָבאָרן, וווּ זיי האַלטן די בהמות און די ציגן — ווייסן נישט, וואָס עס הייסט אַ שלאָס, און עס פעלט זיי קיינמאָל גאָרנישט. אדרבא, זיי זענען באַ זיך זיכער, אַז שכנים מיט וואָלף דודן — וועט זיי קיינער נישט באַגנבענען, און אַזוי איז טאַקע. זיי קומען אַריין צו אים, טרונקען באַ אים טיי, עסן-מיט מיט אים קאַרטאָפליעס אין די שאָלן מיט הערינג, מאַכן אַ געזונטע כּוסה באַ אים, און באַקומען פון אים אַ גמילת חסד, ווען זיי דאַרפן. אַז איין גוי מיטן אַנדערן רעדט וועגן וואָלף דודן, זאָגט ער:

— וואָלף דוד — טאָ יעסט פּאָזשאָנדני זשיד!

אויפן הויף, וועלכער איז אָן אַ פּלויט, דרייען זיך אַרום

גאַנצע סטאַדעס הינער פון די שכנים, און פּאַשען זיך אינײנעם מיט וואָלף דודס הינער. די הינער לײגן אײער, און אָפּטמאָל, אַז אַ הון פון אַ שכן לײגט אַן איי און וואָלף דוד זעט גראָד — נעמט ער דאָס איי, טראָגט עס אַרײַן צום שכן, און זאָגט אים:

— נאַ, סטאַך! ס'איז פון דײַן הון, ס'איז נאָך וואַרעם!

דער גוי נעמט צו דאָס איי, און פּילט, אַז בײַ אים אין האַרץ האָט זיך עפּעס אָפּגעריסן, ס'האָט אים אַ שטאָך געטון, און אַ גאַנצן טאָג וואַרטשעט ער:

— מײַן אַלטע טוט דאָס נישט. זי, אַז זי געפינט אַן איי, נעמט זי עס צו. און פּשיאַקרעוו — אַ פרומע, גײט אין קאָשטשיאָל אַרײַן, ספּאָוויאַדעט זיך פאַרן קשיאָנדז. וואָלף דוד איז אַ גנב, אַ זשיד, און — —

---

וואָלף דודן איז געשטאָרבן די מאַמע, ווען ער איז נאָך געווען אַ קלײן קינד. באַלד דערנאָך איז אים אויך געשטאָרבן דער טאַטע, און דער זײדע, ר' מיכאל — דער גבאי בײַם שנײדערל — האָט אים גענומען צו זיך, צו דערציען אים פאַר אַ לײַט. פאַר קײן באַלמעלאָכע האָט ער אים אָבער נישט געוואָלט מאַכן, ווײַל דאָס האָט פאַר אים נישט געפּאַסט — אַ שײנער ייִד — איז וואָלף דוד, שפּעטער, ווען ער האָט געדאַרפן האָבן געלט און נישט געהאַט, געוואָרן אַ גנב. דער זײדע האָט אים אפילו — אַ [illegible]ל מיט אַ געזונטן פּאַטש, און אַמאָל מיטן וואָרט „גוי" — געשיקט אַלע מאָל אין בית-המדרש אַרײַן לערנען, אָבער וואָלף דוד האָט נישט געוואָלט, און אויך נישט געקאָנט. ער האָט געהאַט אַ שווערן קאָפּ, געווען אַרײַנגעראָטן אין זײדן. ער האָט אפילו נישט געקאָנט נאָכזאָגן די ווערטער, ווען דער זײדע האָט פון אַ גראָבן סידור אַרויס מיט אים געדאַוונט. ס'האָט אים תמיד מער געצויגן צו גײן אין דער היים און זען, ווי דער זײדע באַהאַלט אַלע מאָל עפּעס אונטערן בעט אַרונטער, אויפן בוידעם אַרויף, אָדער אין אַ קעלער

אריין, וואָס אַ גוי, אָדער אַ ייד, האָט אים אַריינגעבראַנגט אונטער דער פּאָלע, אָדער אַרויסגעשלעפּט פון בוזים — ווי צו גיין אין בית־המדרש אַריין לערנען. אַז ער האָט די קליינע שוואַרצע אותיות־לעך, ווי קליינע פּינטעלעך, אַנגעדיכטעוועט אין די פולע שורות אויף די גרויסע געלע בלעטער פון דער גמרא, גאָרנישט געקאָנט זעען אפילו! זיי האָבן אים פאַר די אויגן אַזוי משונהדיק גע־טאַנצט — ווי קליינע פליגעלעך...

ווי מיט אייזערנע קייטן האָט עס אים געצויגן צו זיין אין דער היים און צו זעען, ווי דער זיידע באַצאָלט דעם גוי, אָדער דעם ייד, פאַר די אַריינגעבראַנגטע זאַכן. ער באַצאָלט אים דאָס געלט אין אַ ווינקל, אַז קיינער זאָל נישט זעען, און דערנאָך, אַז יענער איז שוין אַוועקגעגאַנגען, שלעפּט ער אַרויס פון דער הויזנ־קעשענע אַ מאַנאַפּאָלקע מיט אַ גרין קוויטל און ציט... און נאָך מער האָט עס אים געצויגן צו פאָרן אויף אַ פור, און אַליין האַלטן די לייצעס. און שפּעטער, ווען ער איז גרעסער געוואָרן און נישט געהאַט צו וואָס זיך צו נעמען, איז ער געוואָרן אַ שמייסער בּאַ אַ באַלעגאָלע. בּאַ דעם באַלעגאָלע האָט ער אָבער נישט געקאָנט לאַנג זיין, ווייל ער האָט תמיד בּאַ אים געליטן הונגער, געמוזט גנבענען ברויט, שווער אַרבעטן, און דערצו נאָך באַקומען מכות רצח. איז ער אַנטלאָפן פון אים צו דעם הויכן קאַזשעק, אַ געוועז־טער גוי, וועלכער האָט דעם זיידן תמיד אַריינגעבראַנגט עפּעס אונ־טער דער פּאָלע, און בּאַ אים איז ער געוואָרן אַ לייט... דער גוי האָט אים מיטגענומען צו „אַ שטיקל אַרבעט", געוויזן אים, גע־לערנט, ביז ער האָט זיך די „מלאכה" אויסגעלערנט, און דאַן זיך גענומען צו איר. בּאַ צוואַנציק יאָר האָט ער חתונה געהאַט, גע־נומען אַ ווייב, „וואָס זאָל מיט אים קאָנען שטיין אויף איין ברעט" — ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט — האָט זי אים דריי חדשים נאָך דער חתונה געבוירן אַ יינג.

---

געווען איז וואָלף דוד אַ הויכער, אַ ברייטער, מיט ברייטע פּלייצעס, מיט צוויי געזונטע אַקסלען, מיט צוויי לאַנגע און גראָבע הענט, מיט אַ קאַרק, און מיט צוויי ברוסטן ווי בּאַ אַ פרוי. אַז ער איז געגאַנגען, האָבן די שטיינער אונטער זיינע טריט געציטערט. געהאַט האָט ער אַ באָרד, אַ גרויסע, אַ ברייטע, אַ לאַנגע, און אַ געלע. אַנגעטון אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע, אין אַ פּאָר הויכע שטיוול, און אין אַ יידיש היטל. שבת איז ער געגאַנגען שבתדיק אָנגעטון: אין אַ שוואַרצער טוכענער געהאַקטער קאַפּאָטע, מיט אַ גראָבן וואָלענעם גאַרטל אַרום, מיט אַ זיידענער פאַטשיילע אויפן האַלז, און אין אַ סאַמעטענעם הוט. ער איז געגאַנגען אין שול אַריין דאַווענען, געזאָגט, אַז אַ ייד מוז דאַווענען. אַ טלית האָט ער געהאַט אַ גרויסן, אין וועלכן ער האָט זיך געקאָנט איינהילן ביז איבערן קאָפּ אַריבער, און געווען אַ כהן. אַז ער האָט געדיכנט — האָט מען זיין „יברכך" געהערט נישט נאָר אין דער שול, נאָר אינם גאַנצן שטעטל. קויפן אַן עליה איז בּאַ אים געווען די גרעסטע זאַך, און באַצאָלט — אַז אַ האַלבן דאַך פון דער שול פאַרריכטן, אָדער האָלץ אויף אַ גאַנצן ווינטער — האָט מען פאַר זיין געלט תמיד געקאָנט.

די תלמיד תורה אינם שטעטל האָט וואָלף דוד כמעט אַליין אויסגעהאַלטן. ער האָט געגעבן געלט פאַר דער חברה קדושה פאַר דער הכנסת כלה — אויף אַלץ, וואָס מ'האָט אין דעם שטעטל בּאַדאַרפן. ער האָט געזאָרגט פאַרן שניידערלס בית־המדרש, פאַר דער שול, און להבדיל פאַרן באָד. אַז אין שטעטל האָט זיך געפונען אַן אַלטע מויד, וואָס האָט קיין נדן נישט געהאַט, געווען אָרעם און מיאוס און נישט געקאָנט קריגן קיין חתן — איז מען געקומען צו וואָלף דודן, און ער האָט שוין געזעען, אַז די מויד זאָל נישט פאַרזיצן. ער האָט אין דעם שטעטל, אָדער אין אַן אַנדערס דערלעבן, אָדער אין אַ דאָרף, אויסגעזוכט אַ געזונטן יינג, אַן אַלטן בחור, אָדער אַן אלמן. ווייל קיין גרוש איז בּאַ אים קיין סחורה נישט געווען. „אַז ער האָט פאַר יענעם ווייב נישט געטויגט, אָדער דאָס ווייב האָט פאַר אים נישט געטויגט, און ער האָט פון איר קיין לייט נישט געקאָנט מאַכן — טויג ער אין דער ערד אַריין", —

האָט ער געזאָגט. „אַ מאַן דאַרף זיין אַ מאַן, אַ יינג מיט ביינער, און געלט זאָל ער קאָנען פאַרדינען! קיין גנב נישט, ווייל אַ גנב האָט חתונה מיט אַזעלכער, וואָס קאָן שטיין מיט אים אויף איין ברעט, נישט מיט קיין וויטעשע". האָט ער אויסגעזוכט אַ שוסטער, אַ שניידער, אַ קאָוואַל, אַ באַלעגאָלע, אָדער אַ וואַסער-טרעגער, אים געגעבן אַ קלאַפּ איבער די פּלייצעס, אַז יענער האָט זיך אַזש אַראָפּגעזעצט צו דער ערד, און אים געזאָגט:

— הער! דו האָסט חתונה מיט דער גראָבער זלאַטע אָדער מיט דער שוואַרצער פעסע!

דער יינג האָט געמוזט האַלטן דאָס מויל און פאָלגן. נדן האָט ער געגעבן, געמאַכט די חתונה, און געזאָגט דעם פאַרפאָלק, אַז זיי זאָלן זיך נישט קריגן. אַז ס'איז נישט געווען קיין פּרנסה — האָט ער געגעבן, אָבער קריגן זיך — איינגעשטעלט מיטן לעבן וואָלט דער מאַן געווען.

אַ פאַרפאָלק אינם שטעטל, וואָס האָט קיין שלום נישט געהאַט צווישן זיך, איז עס אַהינגעגאַנגען צו וואָלף דודן, און ער האָט זיי שוין אויסגעגלייכט... דאָס זעלבע, אַז איינער צום אַנדערן האָט עפּעס געהאַט: מ'איז נישט געגאַנגען צו קיין דין תורה, נאָר צו וואָלף דודן. נאָך וואָס צו אַ רב, אַז וואָלף ייד האָט אויסגעגלייכט בעסער ווי אַ רב... ס'איז תמיד געגוג געווען איין וואָרט זיינס, ווייל קיין פּאַטש האָט פון אים קיינער נישט געוואָלט אַריינכאַפּן. און ער האָט אכטונג געגעבן, אַז אינם שטעטל זאָל דער שבת ווערן אָפּגעהיטן. האָט ער וועלכן יינג שבת געטראָפן רייכערן אַ פּאַפּיראָס — איז יענעם געווען וווּנד און ווי. אָדער, אַז ער האָט אַ שגץ געפּאַקט באַ דער האַנט איבעררייסן אַן ערוב — וואָכן לאַנג איז יענער דערנאָך געלעגן אין בעט, פון זיינס איין פּאַטש נאָר. קינדער האָבן געמוזט דרך-ארץ האָבן פאַר זייערע עלטערן, חתן כלה האָבן נישט געטאָרט אָפּלאָזן דעם שידוך, מאַן און ווייב זיך נישט גטן — מיט איין וואָרט: איינער דעם אַנדערן האָט קיין עוולה נישט געטאָרט טון. ס'האָט יעדער געמוזט פאָלגן דעם רב פון דער שטאָט, אפילו דעם שמש. אַז איין ייד דעם אַנדערן זאָל פאַרקלאָגן אין געריכט — לעבעדיקערהייט וואָלט זיך יענער

גראָבן, ס׳וואָלט אים נישט געהאָלפן קיין באַהאַלטן זיך, קיין אַנט־לויפן אין אַן אַנדערע שטאָט אַריין, ווייל פון אומעטום, פון הונ־דערט מייל ווייט וואָלט מען אים צוריקגעברענגט און איבערגע־געבן וואָלף דודן אין דער האַנט אַריין. דער סטראַזשניק — אַז ער האָט עפּעס געהאַט צו אַ ייד: יענער האָט געגאָסן פּאָמיעס פאַר דער טיר — האָט ער נישט געשריבן קיין פּראָטאָקאָל, נאָר איז אַהינגעגאַנגען צו וואָלף דודן און אים דערציילט בזה הלשון:

— גאָספּאָדין סטאַרשי! מאָשעק האָט פאַרבראָכן קייגן זאַקאָן!

דאָס איז געווען געגוג: דער ייד האָט דערנאָך אָנגעזאָגט אַ צענטן, קיין פּאָמיעס פאַר דער טיר מער נישט צו גיסן. און האָט דער סטראַזשניק יאָ געשריבן אַ פּראָטאָקאָל — איז דער ייד, אָדער דער גוי, אַריינגעקומען צו וואָלף דודן, און פאַרמסרט דעם סטראַזשניק. דעמאָלט איז וואָלף דוד זיך אַרויסגעגאַנגען אין מאַרק אַריין, געטראָפן דעם סטראַזשניק — דווקא ווען יענער איז געווען אָנגעטון פעלנע פאָרם: מיט דער שווערד אויף איין זייט און דעם רעוואָלווער אויף דער צווייטער זייט, און אים געגעבן צוויי פּעטש: אויף איין זייט און אויף דער צווייטער זייט — אַז דאָס היטל מיט דער קאָקאַרדע איז אים באַלד אַראָפּגעפאַלן פון קאָפּ. דער סטראַזש־ניק האָט זיך אָפּגעווישט דאָס מויל, פאַרשטאַנען: אַז דער סטאַר־שע זיינער, דאָס געריכט — איז וואָלף דוד. ויאָלף דוד איז זיך דאַן ווייטער געגאַנגען זיין וועג, גאָרנישט, ווי ס׳וואָלט גאָרנישט געווען.

איינמאָל האָט אַ חברה פּויערים, וועלכע זענען געקומען זונ־טיק אין קאָשטשאָל אַריין, זיך פאַרגלוסט צו טשעפּען מיט אַ ייד. זענען זיי דערנאָך געלעגן צעשיט איבערן גאַנצן מאַרק ווי סנאָ־פּעס שטרוי, אין אַלע רינשטאָקן — פון וואָלף דודס פּעטש. און ער האָט קיינעמען נישט געשוינט. אַז איינער פון זיין חברה האָט ווען געטשעפּעט, אָדער געגנבעט אַן זיין וויסן — איז ער דער־נאָך געלעגן אַ צעהרגעטער אין היץ, זיך נישט געקענט שטעלן

אויף די פיס. ער האָט דערנאָך באַשטעלט צו אים דעם רופא, אָבער דאָס, וואָס ער האָט פאַרדינט, האָט ער געקריגן.

יעדער איינער האָט פאַר וואָלף דודן געציטערט. ער איז געווען באַוווּסט בײַ אַלע פון זיין פאַך אין דער גאַנצער געגנט. אפילו יענע, וועלכע זענען אויף דער פריי נישט געווען, האָבן אין די קרימינאַלן געהערט וועגן אים, און חברה: גויישע און יידישע, שטאַל־באַלמעלאָכעס, בוידעם־קריכער, נאַכטגייער, ציער, און אפילו געוואַלטמאַכער — אַלע האָבן געזעען אין אים זייערס אַן אמתן גוטן־ברודער, און אים אויסגעקליבן פאַר זייערס אַ רבי. פאַר זיינס אַ פאַטש האָט דער גרעסטער גבור געציטערט. יינגען — מיט מעסערס אין די הענט — זענען קייגן וואָלף דודן קיין קנאַקער נישט געווען, כאָטש ער האָט עשלאָגן בלויז מיט ליידיקע הענט.

וואָלף־דוד האָט מיט אַ מעסער, מיט אַן אָרטשיק, מיט אַן אייזערנער הענטשקע, אָדער אפילו מיט אַ שטעקן, זיך קיינמאָל נישט באַנוצט. אַזאַ איינעם, וועלכער האָט זיך באַנוצט מיט כּלים, האָט ער גערופן „דער שטרויענער גזלן”. פאַר אים איז גענוג געווען, אַז ער האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די קאַפּאָטע, און מיט ביידע הענט, ווי אַ שווימער, אָנגעהויבן לייגן רעכטס און לינקס, דעמאָלט זענען ווי שטרוי געפאַלן די אַל[illegible] יינגען מיט די מעסערס, מיט די אייזערנע הענטשקעס — מיט זייער גאַנץ כּלי זיין.

איז זיין פאַך האָט ער זיך געפירט אַזוי: ער אַליין איז נישט געגאַנגען גנבענען, חוץ אין אַ הויף אַריין אַ פערד אַרויספירן, אָדער אַ באַן־מאַגאַזין אויסליידיקן — ווו ער האָט קיין אַנדערן נישט געקענט שיקן — און אָפּנעמען געלט פאַר דער „סחורה” בײַ די פאַסערס. די רעשט, אַלץ וואָס געהער צו דעם פאַך, האָבן געטון די יינגען, וועלכע האָבן זיך בײַ אים אויפגעהאַלטן. און געטון האָבן זיי אַלץ מיט אַ סדר. וואָלף דוד האָט יעדן געגעבן זיין אַרבעט, אים געזאָגט ווו ער זאָל גיין, וואָס ער זאָל נעמען, און צו וועלכן פאַסער ער זאָל אָפּשטעקן. ער האָט יעדן געהאַט אויפן אויג, געוווּסט, ווו ס'איז יאָ דאָ וואָס צו נעמען, און ווו נישט, בײַ קיין אָרעמאַן האָט מען נישט געגנבעט. פאַרקערט:

אַז ער איז געווויר געוואָרן פון אַן אָרעמער שטוב, ווו ס'איז קיין וועש נישטאָ, קיין בעטגעוואַנט — האָט ער צוגערופן איינעם פון זיין חברה, און אים געזאָגט:

— דו זאָלסט היינט באַנאַכט, דאָרט און דאָרט, בא יענעם און יענעם, נעמען וועש, בעטגעוואַנט, און עס אַהינטראָגן צו יענעם און יענעם. זאָלסט אים זאָגן, אַז ער זאָל קיין מורא נישט האָבן — איך האָב עס אים געשיקט.

וואָלף דוד האָט אַכטונג געגעבן, אַז ס'זאָל נישט זיין קיין רייכע און קיין אָרעמע. אַז מ'האָט וועמען באַגנבעט, האָט זיך יענער — אַז יענער איז געווען אַ נגיד — אָפּגעווישט דאָס מויל. איז ער געווען אַן אָרעמאַן — ס'איז פאָרגעקומען אַ טעות — איז ער אַהינגעגאַנגען צו וואָלף דודן, און האָט אים געפרעגט: „היתכון?... ווו איז יושר?..." האָט יענער זיינע זאַכן שוין צוריק געהאַט בא זיך אינדערהיים. און דאָ איז בא אים נישט געווען קיין נפקה מינא: אַ ייד, אָדער אַ גוי. די ריכטער פון אַלע סאָנדעס האָבן אים געקענט, די פּאָליציי, די קרימינאַל־וועכטער, און זיך באַצויגן צו אים, ווי נישט צו קיין גנב. אַז מ'האָט אים אַרעסטירט, און ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט קומען צום טערמין, ווען מ'וועט אים דאַרפן — האָט מען אים צוריק אָפּגעלאָזט אַהיים. אינם קרימינאַל, ווו ער איז געזעסן, האָט ער געהאַט צו שאַפן, און נישט דער וועכטער: ער איז דאָרט געווען באַלעבאָס... קיין אַרעסטאַנט איז פונם קרימינאַל, אַזוי לאַנג, ווי ער איז דאָרט געזעסן, נישט אַנטלאָפן.

— האָסט געגנבעט, מ'האָט דיך געפּאַקט — זיץ!

אַמשטרענגסטן איז ער געווען צו אַ ייד, ווען ער האָט אים געטראָפן בא עפּעס נישט כשרס... ער האָט אים געפרעגט:

— וואָס ביסטו? אַ ייד, אָדער אַ גוי? ביסטו אַ ייד — זיי אַ ייד! אַ גוי — גיי זשע אין קאַשטשאָל אַריין!

אַ גנב האָט געמוזט טראָגן אַ בלוי היטל מיט אַ גלאַנציקן דאַשעק.

— אַז דו ביסט אַ גנב — טראָג דעם נומער פונם קרימינאַל

אויף די פּלייצעס, זאָל מען וויסן ווער דו ביסט! נישט באַהאַלטן זיך, ווי דער זיידע מײַנער, דער פּאַסער, וועלכער האָט אָפּגעקויפט אַלץ, וואָס מ'האָט באַ אים אָפּגעשטעקט, און זיך געפּוצט פּאַר אַ שיינעם ייד!

ער האָט זײַן זיידן אין אַלע זײַנע יאָרן פֿיינט געהאַט, געהאַסט. אַז ער האָט זיך וועגן אים דערמאַנט, האָט ער יעדן וועמען ער האָט געטראָפֿן אָפּגעשטעלט, און געזאָגט:

— ווען מײַן זיידע וואָלט היינט געלעבט — כ'וואָלט אים דעם גאָרגל אַרויסגעריסן! דעמאָלט בין איך געווען אַ קלענער יאַט, נישט פֿאַרשטאַנען.

נישט יעדער, וואָס האָט געקאָנט וואָלף דודן, האָט אים פֿיינט געהאַט. נאָר וועגן די אַרבעטער אין דעם שטעטל — וואָס זיי טוען, און צו וואָס זיי גרייטן זיך — האָט ער נישט געוווּסט.

# VI.

יאָסל וואָלף דודס — אַזוי האָט מען אים גערופֿן — האָט כמעט יעדע נאַכט, אַלע מאָל באַ אַן אַנדערן, אָפּגעליידיקט דעם בוידעם וועש. דער טאַטע האָט אָבער נישט געוואָלט, אַז דער זון זאָל זײַן אַ גנב, און אים געשלאָגן שיער צום טויט. נאָר דאָס האָט נישט געהאָלפֿן, און ער איז מיט אים אַוועק צום רבין, ער זאָל אים בענטשן, אַז ער זאָל קיין גנב נישט זײַן. גראָד איז אין יענעם מאָמענט אַרײַנגעקומען שבֿעלע, דעם רבינס ייִנגסטע טאָכטער: זי איז אַרײַנגעקומען דעם טאַטעשי עפּעס פֿרעגן, און מיט אירע צנועהדיקע אַראָפּגעלאָזטע אויגן — נישט ווילנדיק — אַ קוק געטון אויף יאָסלען. זי איז באַלד אַרויסגעגאַנגען, נאָר יאָסל איז שטיין געבליבן ווי עפּעס געליימט. דער קאָפּ האָט זיך געדרייט מיט אים, און באַם האַרץ איז אים געווען אַזוי הייס. . .

און דאָס אַיז געווען צומאָרגנס נאָך שמחת תורה. יאָסל האָט אַ גאַנצע נאַכט זיך אַרומגעדרייט אונטערן רבינס פענצטער, ווי שבעלע איז געשלאָפן. אַ גאַנצע נאַכט האָט ער געקלערט, ווי אַזוי ער זאָל זי באַגעגענען, ווען זי וועט אינדערפרי, אין איר בלוי וואַליטשקעטעם שאַלעכל, נאָך נישט גאַנץ אָנגעטון, האַלב פאַרשלאָפן, אַרויסקומען עפענען זיעם לאָדן פון איר פענצטער. ער האָט זי שוין עטלעכע מאָל געזען אינדערפרי, ווען זי קומט אַרויס עפנען דעם לאָדן. זי איז דעמאָלט אַזוי שיין, אירע אויגן — ווען זי זאָל אויף אים דעמאָלט אַ קוק טון — וואָלט ער דאָס נישט אויסגעהאַלטן, ער וואָלט נישט געוווסט, ווו ער זאָל זיך דעמאָלט אין יענער רגע אַהינטון.

ער האָט באַ זיך באַשלאָסן, אַז ער וועט איר זאָגן גוטמאָרגן: „גוטמאָרגן...” אָדער... ניין, ער וועט איר זאָגן: „גוטמאָרגן דעם רבינס טאָכטער!...” ער וועט זיך בוקן צו איר, ווי ער האָט יום כיפור אין דער שול זיך געבוקט. דער טאַטע האָט אים מיטגענומען אין דער שול אַריין ער זאָל בעטן, און ווען אַלע האָבן זיך אַראָפּגעלייגט צו דער ערד, האָט ער אים געטון אַ כמאַל אין קאַרק אריין, און געזאָזט: „גוי! פאַרוואָט לייגסטו דיך נישט אַראָפּ צו דער ערד? דו זעסט דאָך, ווי אַלע יידן — דאָס הייסט כורעים, בוקן זיך צו גאָט!” אַזוי וועט ער אויך טון, ווען זי וועט אַרויסקומען: ער וועט זיך טון אַ טראָמאַסק אין קאַרק אַריין, פעסט, מיטן גאַנצן כות, און וועט אַ פאַל טון פאַר איר צו דער ערד... ער וועט זיך בוקן צו איר, ווי ער האָט יום כיפור אין דער שול זיך געבוקט צו גאָט. דערנאָך וועט ער נישט גלייך צוריק אויפשטיין פון דער ערד, נאָר ער וועט איר זאָגן, אַז זי זאָל זיך אויף אים אַרויפשטעלן, און שטייענדיק אויף אים, זאָל זי עפענען דעם לאָדן...

אַ גאַנצע נאַכט האָט ס'האַרץ אין אים געקלאַפּט: „זי וועט שטיין אויף מיר מיט אירע פיס... דעם רבינס טאָכטער וועט אויף מיר שטיין... ער האָט דעם שענסטן אָנצוג זיך אָנגעטון, אַז זי זאָל אויף זיין שענסטן אָנצוג שטיין. ער האָט געטראַכט; „דאָס אָרט פון דער מאַרינאַרקע, ווו זי וועט שטיין, האָב איך באַדאַרפן

מיט די פערל און דימאַנטן, וועלכע כ'האָב חול המועד סכּות געגנבעט, אויסנייען!... כ'וועל מיך גוט אַראָפּבייגן צו דער ערד, גוט, אַז דאָס פּנים זאָל מיר אַזש אין דער ערד אַריינקריכן — זי זאָל זיך קענען גרינג אַרויפשטעלן אויף מיר... זי איז דאָך אַזאַ קליינע... אַ קינד..." ער האָט אָנגעהויבן פינטלען מיט די אויגן, דאָס האַרץ האָט אין אים שרעקלעך געקלאַפּט: „זי קאָן זיך נאָך חס ושלום עפּעס טון באַם עפענען דעם לאָדן... דער פּרענט קען איר אַראָפּפאַלן אין פּנים אַריין, און..." ער האָט נישט געוואָלט ווייטער דענקען, ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער זעט דאָס אַלץ, און ער האָט צוגעמאַכט די אויגן.

מיט אַזעלכע געדאַנקען און פאַנטאַזיעס האָט ער זיך אַ גאַנצע נאַכט אַרומגעדרייט אונטערן רבינס פענצטער, ווו שבעלע איז געשלאָפן. אַ גהינום פון ליבע האָט געברענט אין זיין האַרץ. ער האָט געקלערט, וואָס ער זאָל טון פאַר איר, אַז ער זאָל איר געפעלן. דעם שענסטן אָנצוג האָט ער זיך אָנגעטון, אויף זיין שענסטן אָנצוג זאָל זי מיט אירע פיס שטיין, און מיט אַמאָל — אַ געדאַנק ווי אַ שוואַרצער שד, מיט אַ מעסער אין האַנט — האָט אין זיין געהירן אַ שנייד אַריין געטון:

— דער אָנצוג, יאָסל, אין וועלכן דו גייסט אָנגעטון, איז אַ געגנבעטער! פון שלמה שטערנס געשעפט!

זיין גאַנץ גליק, אַלע זיינע געדאַנקען, זענען אויף שטיקערצעשניטן געוואָרן. ער האָט געקריצט מיט די ציין:

— זי טאָר נישט שטיין מיט אירע הייליקע פיס אויף אַ געגנבעטער מאַרינאַרקע! זי איז אַ רבינס אַ טאָכטער!

ער האָט געוואָלט אַהיים גיין, אָבער ער האָט נישט געקאָנט. האָט ער באַ זיך באַשלאָסן, אַז ער וועט נעמען אַלע זיינע אָנצוגן, אַלץ, וואָס ער האָט געגנבעט, און יעדן צוריק אָפּגעגעבן זיינס. ער וועט יעדן אָפּטראָגן די זאַכן אַהיים, און זאָגן: „דאָס איז אייער, נאַט אייך צוריק." דערנאָך וועט ער זיך אין מיטן מאַרק אַרויפשטעלן אויף אַ קאַסטן, און שרייען:

— כ'בין שוין נישט מער קיין גנב! כ'בין אַ ייד גלייך מיט אַלע יידן! כ'וועל ווערן פרום!

ער איז פריילעך געוואָרן.

דער דראָבנער רעגן האָט אַ גאַנצע נאַכט געקאָפּעט, און אים דורכגענעצט. ס'איז געווען קאַלט, דער ווינט האָט געבלאָזן פון צפון, און געריסן. פינצטער, אַ נעפּל. נאָר יאָסלען האָט דאָס אַלץ נישט געאַרט, ער האָט דאָס אַלץ נישט געפילט. ער האָט אַ גאַנצע נאַכט זיך געדרייט אונטערן פענצטער הין און צוריק, און געפילט איין זאַך נאָר: דאָרט שלאָפט זי, דעם רבינס טאָכטער...

ווען ער איז אָוועקגעגאַנגען פון דער היים, איז ער פאַרביי־געגאַנגען פאַרן בית־המדרש. אים האָט אַ פאַרלאַנג געצויגן דאָרט אַריין: „דאָרט איז ליכטיק, וואַרעם, היימלעך...״ ער האָט אַרייַנגעקוקט דורך אַ פענצטער, און געזען, ווי אַלטע יידן און ייִנגע בחורים זיצן איבער גרויסע גמרות און לערנען. ער האָט זיך אייַנגעהערט צו זייערע פאַרבענקטע טענער, פאַרחלומטע, שטילע, און מיט איינמאָל אויפפלאַמענדיקע, לויפנדיקע, אַרויפשטייגנדיקע, בליצנדיקע, און דער פאַרלאַנג דאָרט אַרייַנצוגיין איז בּאַ אים געוואָרן אַלע מאָל שטאַרקער. אָבער ער איז נישט אַרייַנגעגאַנגען, זיך געפרעגט:

— מעג איך דאָרט אַרייַנגיין? בּאַם רבּין — אַלע יידן האָבן געטאַנצט — און מיך מיטן טאַטן האָט מען געלאָזט שטיין. ווייל כ'בין אַ גנב, און דער טאַטע —

מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ איז ער אָוועקגעגאַנגען פון פענצטער, איינגעקוּרטשעט זיך ווי אַ געשלאָגענער הונט, זיך געשלעפּט אין דער פינצטערער נאַכט איבער די טויטע און שלאָפנדיקע גאַסן, אין רעגן און געטראַכט: „וויפיל מאָל בין איך מיט דער חברה אַרייַנגעגאַנגען אין בית המדרש וואַרטן ביז ס'וועט גוט שפּעט ווערן, ווען מ'קען?... כ'האָב געבראָטן קאַרטאָפליעס אין אויוון... די יידן האָבן געלערנט... ס'איז געווען אַזוי גוט...״ איצט אָבער האָט זיך אים געדוכטן, אַז עמעץ האַלט אים בּאַם קאָלנער, און שרייט אים אַריין אין אַן אויער:

— דו ביסט אַ גנב! טאָרסט דאָרט נישט אַרייַנגיין!

ס'איז געווען שוין בּאַלד פאַרטאָג, יאָסלען האָט אָנגעהויבן

קאַלט ווערן. ער איז מיד געוואָרן פון אַ גאַנצער נאַכט אַרומדרייען זיך הינטערן פענצטער הין און צוריק, שלעפעריק, נאַס. ער האָט געקוקט אויפן הימל, אויב עס טאָגט שוין נישט. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער דערהערט די הענער קרייען. ער האָט געהערט די האַרטע טרויעריקע און מאָנאָטאָנע טריט פון די נאַכט־וועכטער, זייער טרעטן מיט די שווערע שטיוול איבער די שטיינער פון די גאַסן.

ער האָט אַ קאַלטן שמייכל געטון: זיי היטן די פאַרמאַכטע געשעפטן, די שלאָפנדיקע הײַזער, מ׳זאָל נישט באַגנבענען... זייערע טריט האָבער האָבן אים אין האַרץ ווי מיט אַ האַמער געקלאַפט. אַ געפיל, פאַר וועלכעס ער האָט זיך קיינמאָל נישט געשראָקן, האָט אים מיט איינמאָל באַהערשט. אים איז אײַנגעפאַלן אַ געדאַנק: וואָס וואָלט געווען, ווען אַ וועכטער קומט צו אים צו, און זאָגט אים: „יאָסעק!..." און גלייך טוט ער אַ פײַף, עס קומען צו נאָך וועכטער...

ער האָט אַ טאַפּ געטון דאָס מעסער אין דער כאַלעווע.

מיט זיין שטאַרן בליק האָט ער זיך אײַנגעהערט אין דער טויטער שטילקייט פון דער נאַכט, זיך אײַנגעהערט צו יעדן טריט פון די נאַכט־וועכטער, צום קלאַפּן פון זייערע גראָבע שטעקנס איבערן ברוק, צום פאַלן פונם דראָבנעם רעגן ווי שטעכנדיקע נאָדלען, און זיך אײַנגעזויגן אין דער גראָבער פינצטערניש. ער האָט נאָכאַמאָל בײַ זיך באַשלאָסן, אַז אויף דער מאַרינאַרקע, אין וועלכער ער גייט, וועט זי זיך נישט אַרויסשטעלן, ווײַל זי איז אַ געגנבעטע, און נאָס איצט, קאַלט, און זי איז דאָך אַזאַ איידעלע, אַ רבינס אַ טאָכטער.

ער האָט זיך פּלוצלינג דערמאַנט אין דער צייט, ווען ער איז געגאַנגען אין חדר אַרײַן. דער טאַטע האָט אים געשלאָגן מיט אַ שטריק, מיס אַ שטיק האָלץ, אַז ער זאָל גיין אין חדר אַרײַן לערנען — וועט ער ווערן אַ רב. אָבער ער האָט נישט געוואָלט. און ווען ער זאָל איצט זיין רב... ער איז תמיד אַנטלאָפן פון חדר, ליב געהאַט צו גיין אין וואַלד, צו כאַפּן פייגעלעך. איינמאָל האָט ער געכאַפּט אַ פייגעלע, וואָס האָט נישט געקאָנט פליען: ס׳איז אַרומגעשפּרונגען צווישן די קושאַקעס, געפּישטשעט און געציטערט.

ער האָט עס געוואָלט דערוואַרעמען, געהויכט דערויף — איז עס גינשטאָרבן אין זיינע הענט. ער האָט גראָבע הענט, שווערע, און דעם רבינס טאָכטער — זי איז דאָך אויך אַ פייגעלע. . .

ער האָט באַשלאָסן בײַ זיך, אַז אויב ער וועט מיט איר חתונה האָבן, וועט ער זי קיינמאָל נישט אָנרירן, און איצט, אַז זי וועט אַרויסקומען עפּענען דעם לאָדן, וועט ער, גלייך ווי ער וועט זי דערזעען, צולויפן צום לאָדן, אים עפענען, און באַלד אוועקגיין.

ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן. דער ווינט איז מיט איינמאָל זייער שטאַרק געוואָרן, און דער רעגן, וועלכן מען האָט קוים נאָך געשפּירט, האָט אינגאַנצן אויפגעהערט. באַלד זענען אויך פאַרשוווּנדן אַלע שווערע וואָלקנס, וועלכע האָבן דעם גאַנצן הימל ווי מיט בליי באַדעקט, און דער טאָג האָט זיך אָנגעהויבן דורכברעכן.

יאָסלען האָט דאָס האַרץ אָנגעהויבן אַלעמאָל שטאַרקער קלאַפּן. ער האָט דערזעען די גאַנצע שטאָט פאַר זיך, אַ טויטע שטאָט, ווי די מענטשן אַלע וואָלטן געווען אויסגעשטאָרבן. דער מאַרק איז געווען פּוסט, די געוועלבער אַלע פאַרהאַקט, מיט אייזערנע פרעגל איבערגעלייגט, און גרויסע שלעסער האָבן געהאָנגען. די לעדן פון אַלע פענצטער זענען געווען צו, אַ ווייס פרעסטל — דאָס ערשטע — איז געלעגן אויף די דעכער. ער האָט געציטערט.

— עך! מ'דאַרף זיך אַ ביסל דערוואַרעמען, נישט ווי צ באָבע!

און ער האָט אָנגעהויבן וואַרפן מיט ביידע הענט איבער דער ברוסט. נאָר פּלוצים איז ער שטיין געבליבן דערשראָקן: פון אַ שמאָל געסעלע צווישן צוויי הויכע געמויערטע הייזער, ווו נאָר איין מענטש האָט קוים געקענט דורכגיין, איז אַרויסגעקומען אַ יינגערמאַן, דאַר און הויך, מיט ברענענדיקע אויגן, און געקוקט אויף אים. . . ער האָט געוווּסט, אַז דורך דעם געסעלע קען מען זיך איינשפּאָרן אַ סך וועג, ווען מען וויל גיין אין בית המדרש אַריין, אָדער צוריק. אָבער קיינער איז דורך דעם געסעלע קיין מאָל נישט געגאַנגען. באַנאַכט, אָדער פאַרטאָג, ערשט אוודאי נישט.

ווייל דעמאָלט זענען דאָך די שדים יעדן מזיק. . . און נישט איינער, אפילו ווען ער איז געגאַנגען אין טלית קטן, אָדער אַ פרוי, ווען זי איז געגאַנגען אָנגעטון אינם פאַרטוך, איז באַנאַכט, אָדער פאַר־טאָג, בלויז נאָר פאַרבייגייענדיק פאַר דעם געסעלע, געכאַפּט גע־וואָרן.

— אין דעם „שטשאָנקעלע״ — אַזוי האָט מען גערופן דאָס געסעלע — האַלטן זיך אויף שדים ! — האָט יעדער אינם שטעטל געזאָגט.

אין דעם שטשאָנקעלע איז תמיד געווען פינצטער, אפילו באַטאָג. תמיד האָט מען פון דאָרט געהערט שרעקלעכע קולות, אַזעלכע משונהדיקע און גרוילעכע, אַז האָר און נעגל האָבן זיך קאַפּויער געשטעלט. עפּעס ווי קעץ וואָלטן דאָרט געמיאַוקעט. נאָר אַז ס׳איז געקומען די נאַכט — דעמאָלט האָט זיך ערשט אָנגע־הויבן די אמתע חתונה. מ׳האָט געהערט קוויטשען, קראַצן, דראַ־פּען ; הונדערטער קולות, אַלטע, יונגע, און ווי פון קינדער. מען האָט געהערט ביינער קנאַקן אונטער ציין, וויינען, לאַכן, טאַנצן, שפּרינגען און כאַפּן זיך אויף ווענט. דאַן אַ לויפן, אַ יאָגן זיך, און באַלד ווי אַ שיטן זיך פון הונדערטער און טויזנטער מתים.

— דורך דעם געסעלע וועט קיינער נישט זיין קיין ווילער־יונג דורכצוגיין ! — האָט יאָסל אַ טראַכט געטון. דער רויטער עליק האָט זיך אַמאָל געוועט, אַז ער וועט צוועלף באַנאַכט דורכ־גיין דורך דעם שטשאָנקעלע ; ער איז אַ יונג, וואָס קען זיך נעמען אויף צען פויערן, און איז נישט דורכגעגאַנגען. צוויי ברענענדי־קע אויגן האָבן אויף אים אַ קוק געטון, ווייסע שאַרפע ציין — איז ער געפאַלן חלשות, און אפשר צוויי שעה געלעגן אַ טויטער. דערנאָך האָט ער דערציילט, אַז צום ערשט האָט ער געמיינט, אַז אַ שוואַרצע קאַץ האָט אויף אים אַ קוק געטון. אָבער באַלד האָט ער דערזען, אַז דאָס איז געווען זיין טאַטע, וועלכער איז שוין געווען צען יאָר טויט. און יעדן, ווער ס׳וויל נאָר דורכגיין דורך דעם שטשאָנקעלע, טוען די צוויי אויגן אַ קוק אָן — זיי שפּריצן מיט קאַלט פייער — מוז יענער צוריקגיין.

דאָס אַלץ האָט יאָסל געוווּסט, און געגלייבט דערין. זיין שרעק איז דעריבער אַלע מאָל גרעסער געוואָרן, ווען ער האָט געזען, אַז דער ייִנגערמאַן מיט די ברענענדיקע אויגן, וועלכער איז אַרויסגעקומען פון שטשאָנקעלע, דערנענטערט זיך אַלע מאָל מער צו אים, און קוקט אים אַלע מאָל אַלץ שטאַרקער אין פּנים אַריין. נאָר אַז ער איז צו אים צוגעקומען שוין גאַנץ נאָנט, האָט ער אים דערקענט: דאָס איז געווען שלמהלע חיהלע בוזשעס, מיט וועלכן ער האָט אַמאָל צוזאַמען געלערנט אין איין חדר. זיין שרעק איז נאָך גרעסער געוואָרן, ווייל ער האָט געוווּסט, אַז אין שטאָט זאָגט מען אויף שלמהלען, אַז ער האָט צו טון מיט די נישט גוטע: פון צופיל לערנען איז ער אַראָפּ פון גלייכן וועג און גע-כאַפּט געוואָרן פון די שדים. ווען שלמהלע איז אָבער צוריק פאַר-שווונדן דורכן שטשאָנקעלע אין בית המדרש אַריין, האָט ער דער-פילט אַ שטאַרקע ליבשאַפט צו אים, און ס'האָט אים באַנג גע-טון, פאַרוואָס ער איז מיט אים נישט מיטגעגאַנגען. ער האָט זיך געוואָלט עפּעס דערמאַנען וועגן אים, איז אָבער אין דעם מאָמענט צו אים צוגעקומען אַ נאַכטוועכטער מיט אַ פאַרלאָשענער לאַמ-טער אין דער האַנט, און אים געפרעגט:

— ווען, יאָסעק, האָסטו שוין די נאַכט צורעכט געמאַכט?

יאָסל האָט אויף דעם אַלטן מיכאַל אַ קוק געטון פון אונטן אַרויף און — יענער אַן איינגעאַרבעטער פון אים אַוועקגע-גאַנגען.

---

ס'איז געווען שוין אַרום אַכט אַ זייגער, און יאָסל איז נאָך אַלץ געשטאַנען אונטערן פענצטער, ווו שבעלע, דעם רבינס טאָכ-טער, איז געשלאָפן. ערגעץ האָט אַ לאָדן זיך געעפנט, און אַ ייד אין אַ קאַפּל, אין דער קאַפּאָטע, איז אַרויסגעקומען פון אַ הויז. ער איז שטיין געבליבן אויף דער שוועל, געקוקט, און אַ הויכן גע-

בעץ געטון. זיין פּנים איז געווען בייז, אָנגעכמורעט. ס'האָט אים געקרענקט, פאַרוואָס די שטאָט שלאָפט נאָך, און געמורמלט:

— פּאַפּן נאָך... אָנגעשיכּורט זיך... געכלאַיעט ווי די חזרים... שמחת תּורה געווען... אַ שיינער רבי...

יאָסל איז אויף דעם ייד בייז געוואָרן. ער האָט נישט געוווּסט פאַרוואָס, אָבער ער האָט געפילט, אַז ער האָט דעם ייד פיינט. ער האָט אָנגעשטעלט זיינע אויגן אויף דעם ייד אים איינצושלינגען. דאָס בלוט האָט אים אַ זעץ געטון אין קאָפּ אַריין, און די הענט האָבן זיך אים צוזאַמענגעקראַמפּט אין פויסטן. ער האָט שוין געוואָלט צוגיין צו דעם ייד אים געבן עטלעכע געזונטע קלעפּ, איז יענער פּונקט אין דעם מאָמענט צוריק אַריינגעגאַנגען אין שטוב. גלייך האָט זיך אים אָנגעהויבן דאַכטן, אַז ער הערט אירע טריט: אַזעלכע לייכטע... ער האָט אָנגעשפּיצט די אויערן ווי אַ הונט. קאַלט איז אים שוין מער נישט געווען: ס'איז אים אַלעמאָל וואַרעמער געוואָרן אַרום האַרץ, הייס... די נאַסע מלבושים אויף אים האָט דער ווינט שוין געהאַט אויסגעטרוקנט.

דער הימל איז שוין געווען לויטער, די וואָלקנס אַלע פאַרשווּנדן. דאָס שטעטל איז ביסלעכווייז אויפגעקומען פון שלאָף. די פאַבריקן האָבן שוין לאַנג גערוישט. די געוועלבער האָבן זיך געעפנט, און יידן, מיט טלית און תּפילין אונטערן אָרעם, האָבן געאיילט אין בית-המדרש אַריין דאַוונען. פיר וואָכן געווען יום-טוב — גענוג. די קרעמער, מיט זויערע פּנימער, האָבן זיך אַוועקגעשטעלט אויף די שוועלן פון זייערע קראָמען, געגלאַנצט מיט די אויגן — אויסגעקוקט קונים. יאָסל איז אויף זיי בייז געוואָרן. בײַ אים איז נאָך געווען יום-טוב, און יענע האָבן שוין געשמעקט מיט די נעז ווי הינט, געניוכעט, געלאָפן איבערן מאַרק.

— פּלוצלינג — אַ קלאַפּ! אַ פרענט איז אויפגעשפרונגען, און אַ לאָדן בײַם רבין האָט זיך געעפנט. יאָסל האָט גלייך ווידער אָנגעשפּיצט די אויערן. ער האָט געהערט די רביצין רעדן, און דעם רבין לערנען. זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעהויבן איינעסן אין דעם שטיק אייזן, וואָס איז געווען איבערגעלייגט איבערן לאָדן פונם פענצטער, ווּ שבעלע איז געשלאָפן. ס'האָט זיך אים געדאָכטן,

אַז אַט, אָט שפּרינגט אויף דער פּריענט, זי צ'יט אַרויס דעם סקאָ־
בעל. . . ס'האָט זיך אים געדאָכטן אַז ער זעט זי: זי שטייט נאַ־
קעט אויף איר בעטל, בלויז אין זיידענעם העמד מיט שפּיצלעך
פאָרנט, און אָן אַרבל. . . ער זעט אירע ווייסע איידעלע אָרעמס,
איר שיינעם איידעלן האַלז, און די נאָך גאַנץ קליינע ברוסטן,
שטייפע. . . נאָר איר איז קאַלט, זי ציטערט. . .

ס'האָט זיך אים געדאָכטן, אַז ער שרייט אַריין צו
איר:

— וואַרט!. . . איך וועל עפענען דעם לאָדן! . . . מיט איין
צי. . . דו דאַרפסט נישט אַרויסנעמען דעם סקאָבעל . . . לייג
דיך צוריק אין בעט אַריין, דעק דיך גוט צו מיט דער ראָזער
זיידענער קאָלדרע, ביז איבערן קאָפּ אַריבער, עס זאָל דיר זיין
וואַרעם. . . ריר נישט אָן דעם סקאָבעל, ער איז געפרוירן! . . .
באַנאַכט איז געווען אַ פראָסט, און דיינע הענטעלעך זענען דאָך
אַזעלכע איידעלע. . . אַ גאַנצן טאָג זאָלסטו היינט ליגן אין בעט...
איך וועל שטיין אונטערן פענצטער, באַנאַכט וועל איך דעם לאָדן
צומאַכן, און באַטאָג עפענען. . . אַזוי וועל איך תמיד טון, כּדי דו
דו זאָלסט נישט דאַרפן אַרויסגיין עפענען און פאַרמאַכן די
לעדן. . .

זיינע ליפּן האָבן זיך צעצויגן ווי ביי אַ נעגער, און ער האָט
פאַר תענוג געלאַכט ווי אַ חסר דעה: „כי־כי־כי. . . ווען זי וועט זיין
מיין ווייב. . .”

נאָר באַלד האָט ער זיך צוריקגעכאַפּט: „איך בין דאָך אַ
גנב! מיין טאַטע אַ גנב! און זי —”

ער האָט פּלוצלינג דערזען פאַר זיך די גראָבע מאַלגאָשע
מיט די לעכער אין פּנים, מיט דער גראָבער נאָז, ווי זי וואָלט
פאַר אים געשטאַנען, און ער האָט אַ קריץ געטון מיט די ציין. ער
האָט מיט דער פויסט זיך אַ זעץ געטון אין שטערן אַריין, און צו
זיך געזאָגט;

— יאָסל וואָלף דודס! . . .

ער האָט זיך דערמאַנט, אַז ערשט יענע וואָך איז ער גע־
ווען אין דאָרף בא דער שיקסע, מיט וועלכער ער שלעפּט זיך

ארום שוין מער ווי אַ יאָר. ער האָט ווידער געוואָלט אַהיימגיין, אָבער ער האָט ווידער נישט געקענט. ער האָט זיינע אויגן נישט געקענט אָפּרייסן פון פּרענט, זיי האָבן זיך צוגעקלעפּט צו דעם שטיק אייזן. פּלוצלינג זענען משונהדיקע געדאַנקען אים געקומען אין קאָפּ אַריין:

— ווען זי זאָל מיט מיר חתונה האָבן, וואָלט איך פאַר איר דאָס גאַנצע געלט, וואָס געפינט זיך אין דער באַנק, אַרויסגעגנבעט! די זעלנער מיט די ביקסן — זיי מעגן זיין אפילו הונדערט — וואָלט איך אַוועקגעלייגט! מיט בלויז לעקעכלעך און ווין וואָלט איך זי געקאָרמעט! אַלע גענז פון די דערפער, די פעטסטע, וואָלט איך פאַר איר געגנבעט! איך וואָלט זיי אָפּגעדרייט די קעפּלעך, אָפּגעפּליקט די פעדערן, אַרויסגענומען די קישקעלעך, און אָפּגעבראָטן! יעדן אינדערפרי וואָלט איך איר אין בעט אַריין געגעבן אַ גאַנצע גאַנז אויפצועסן, אין בעקן גלייך פון אויוון אַרויס, מיט פרישע זעמל פון בעקער! דעם אויוון וואָלט איך פאַר איר אַ גאַנצן טאָג געהייצט, אַז ער וואָלט אַזש געפּלאַצט! קיין איין רגע וואָלט איך דאָס פייער נישט געלאָזט אָפּגיין! ווארעם זאָל זיין אין שטוב, ווארעם, אַז מען זאָל זיך אַזש קענען שמייסן ווי אין באָד! איך וואָלט זי נישט אָנגערירט, קיינמאָל נישט, אפילו נישט מיט קיין פינגער! אַלץ וואָלט איך פאַר איר געטון: גע-שפּרונגען אין ברענענדיקן אויוון אַריין — מיט איין שפּרונג וואָלט איך געוועזן צווישן די פלאַמען — ווען זי וואָלט מיך נאָר געהייסן!

און ער האָט געפילט, ווי ער טוט דאָס אַלץ.

יידן זענען שוין צוריקגעגאַנגען פון בית המדרש, די פּאַפּ-ריקן האָבן שוין דאָס צווייטע מאָל געפייפט, און יאָסל איז נאָך אַלץ געשטאַנען אונטערן פענצטער. דאָס וועטער האָט זיך גע-האַלטן אין איין בייטן: זון, רעגן, וואָלקן, ווינט, קעלט. און אַזוי ווי דאָס וועטער איז געוועזן, איז געוועזן יאָסלען אויפן האַרץ. דאָס לעבן איז אים שרעקלעך געוואָרן. „ער וועט זיך אויפהענגען!“ — האָט ער באַ זיך באַשלאָסן. ער האָט זיך דערמאַנט, אַז אינדער-היים שטייען נאָך די צוויי פערד, וועלכע דער טאַטע האָט גע-

ברענגט פון קאַנאַפּניצער הויף: ער קאָן זיי נישט פּאַרקויפן, ווייל דער פּריץ האָט אומעטום אַרויסגעשיקט זיינע פּאַראַבקעס זיי זאָלן היטן — וועט ער פון די פערד אַראָפּנעמען א לייצע, זי פּאַרלייגן אין שטאָל איבער א בעליק — זי וועט זיך נישט צערייסן. . . נאָר פּלוצים האָט ער זיך א טרייסל געטון און אויפגעריסן די אויגן. ער האָט דערהערט, ווי דער סקאָבעל פונם פּרענט, אויף וועלכן ער האָט די גאַנצע צייט געקוקט, ווערט אַרויסגעצויגן. דאָס האַרץ האָט אין אים אָנגעהויבן קלאַפּן ווי מיט א האַמער. באַלד איז טאַקע שבעלע אַרויסגעקומען. זי איז געווען אָנגעטון אין א ווייס וואָליטשקע קליידל, און א בלויער שאַל, דורכגעוואָרפן מיט דינינקע ראָזע שטרייפן, איז געווען אַרויפגעוואָרפן אויף אירע שמאָלע צאַרטע אַקסלען. זי האָט אויסגעזעען נאָך האַלב פאַר־שלאָפן, קינדעריש געפּיעשטשעט, נאָר די ליכטיקע אויגן האָבן געפינקלט, אויסגעזעען ווי געוואַשן אין טוי.

יאָסל איז שטיין געבליבן, ווי געליימט. שבעלע — זעענ־דיק, אז א יינגערמאַן קוקט אויף איר אַזוי — איז צעטומלט גע־וואָרן. נאָר אין קינדערישן קעפּל האָט זיך איר געפּלאָנטערט, אז זי האָט דעם יינגנמאַן, וועלכער זעט אויס ווי א בער עפּעס, שוין אַמאָל געזען. זי האָט אויף אים נאָכאַמאָל א קוק געטון, און אים גלייך דערקענט. דאָס האַרצל האָט אין איר אָנגעהויבן קלאַפּן, און ווי זי וואָלט גערעדט צו דער מאַמעשי, האָט זי קינדעריש צו זיך געטענהט אין דער פאַנטאַזיע:

— נעכטן איז ער מיטן טאַטן — מיט דעם הויכן ייד, וועלכער האָט א רויטע באָרד — געווען באַ אונז. אַמאָל איז ער געקומען מיט אים, אז דער טאַטעשי זאָל אים בענטשן, ער זאָל נישט זיין קיין גנב. ער האָט אויף מיר דעמאָלט אַזוי געקוקט ווי איצט. נעכטן האָט ער אויך אַזוי אויף מיר געקוקט. ער מיינט, כ׳ווייס נישט. נעכטן באַנאַכט, ווען די חסידים זענען אַוועקגעגאַנ־גען — א גאַנצן טאָג האָבן זיי געטרונקען מעד, געזונגען און גע־טאַנצט — האָט די מאַמעשי געזאָגט דעם טאַטעשי, אז ס׳איז נישט גוט, וואָס דער הויכער, מיט דער גרויסער רויטער באָרד — דער

גנב — קומט צום טיש מיטן זון. און איך וויל אויך נישט, אַז ער זאָל קומען, ער זאָל אויף מיר אַזוי קוקן.

זי האָט ווידער אַ קוק געטון אויף יאָסלען, און איצט זיך אַזוי דערשראָקן פאַר אים, אַז זי האָט שיער אַ געשריי געטון. נאָר באַלד איז זי ווידער געקומען צו זיך, און אויף יאָסלען שוין געקוקט מיט איר רייגעם אומשולדיקן קינדערישן בליק. איר אויס־דרוק צו אים איז איצט געווען, ווי פון אַ קליין שוועסטערל צו איר ברודערל, וועלכן זי האָט שוין לאַנג נישט געזען. פון יאָסלס אויגן האָט אַרויסגעקוקט אומבאַהאָלפנקייט, געפּאַלנקייט. ווי אַ קעלבל האָט ער געקוקט מיט זיינע גרויסע, גוטע, און תמעוואַטע אויגן. אים האָט זיך געדאַכטן, אַז שבעלע פרעגט אים:

— יאָסל... דו ביסט דאָך נעכטן געווען בּאַ אונז?... מיטן טאַטן... האָסט געבּרענגט ווייַן צום טיש...

און איר האָט זיך געדאַכטן, אַז ער ענטפערט איר:

— יאָ... נעכטן... נעכטן... נעכטן איז געווען שמחת תורה... מ'האָט געטאַנצט מיט דער תורה... אַלע יידן האָבן גע־טאַנצט, און מיך מיטן טאַטן...

ער האָט זיינע אויגן אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד, אויך זי אירע, און ביידע זענען געשטאַנען ווי צוויי פאַרשעמטע קינ־דער.

דאָס האַרץ אין יאָסלען האָט ווידער אָנגעהויבּן קלאַפּן. ער איז ווייס געוואָרן, און שבעלע — פון זיין איצטיקן פאַרענדערן זיך און שווייגן — האָט זיך ווידער דערשראָקן. זי איז שטיין גע־בּליבּן מיט אַ האַלב אָפן מיילעכל, ווי אַ קנאָספּ פון אַ רויז, ווען זי עפנט זיך ערשט אויף, און ווידער געוואָלט אַ געשריי טון. נאָר דער געשריי איז איצט ווידער צווישן אירע ציינדלעך, ווי צווישן פּערלעך, פאַרהאַלטן געוואָרן, און אין אירע ברייט־אויפגעריסענע אויגן פאַרגליווערט געוואָרן.

יאָסל האָט דאָס דערזעען, און ער איז נאָך בלאַסער גע־וואָרן. און נישט דערפון, וואָס ער האָט מורא געקריגן, אַז קוים טוט זי אַ געשריי וועלן מענטשן זיך צונויפקומען, ס'וועט אַרויסקומען דער רבי, די רביצין, און דער טאַטע וועט אים דערנאָך אין דער

הײם אַ ריפּ צעבּרעכן. דערפאַר האָט ער הײניק מורא געהאַט. אָבער אים האָט אין האַרץ װי מיט אַ מעסער אַ שניט געטון, װען ער האָט דערזעען, אַז ער האָט שבעלען איבערגעשראָקן. ער איז גרײט געװען, מיט דעם מעסער, װעלכעס ער האָט געטראָגן אין דער כאָלעװע, דעם האַלז זיך אַדורכצושנײדן, אין האַרץ עס זיך אַרײנשטעכן, דעם בױך זיך אױפצושאַרפן — װײל ער האָט שבעלען איבערגעשראָקן. ער איז געשטאַנען צעמישט, נישט געװוּסט װאָס ער זאָל טון. ער האָט זיך נישט געקאָנט קײן ריר טון, װי ער װאָלט געלײמט געװאָרן. די הענט זענען בּאַ אים װי צװײ שטיקער בּלײ געװאָרן, די פיס װי צװײ קאַנען װאַסער. ער האָט איר געװאָלט עפּעס זאָגן, האָט ער זיך אַ בּיס געטון אין דער צונג אַרײן, און דערפילט געזאַלצן אין מױל... ער האָט נישט געװוּסט, װי ער זאָל די אױגן אַהינטון — האָט ער זײ אױפגעהאָנגען אױף ר׳ אברהם דעם װאַלד-סוחרס הילצערן הײזל, דאָס פאַנטאַסטישע פּאַלאַצל, װעלכעס איז געשטאַנען פונקט קעגנאיבער דעם רבּינס הױז, װוּ ער האָט איצט שױן געװױנט.

קוקנדיק אױף דער שײנקײט פון דעם הײזל, האָט ער פאַרגעסן װוּ ער שטײט, װער עס שטײט פאַר אים, און אַז ער האָט אױף איר אױף דעם אָרט אַ גאַנצע נאַכט געװאַרט. ער האָט דערפילט, װי עפּעס אַ נײ לעבן װערט איצט אין אים געבּוירן, אַ נײ לעבן גיסט זיך איצט אין אים אַרײן דורך די אױגן, דורך אַלע זײנע אָדערן. װי אַ קינד איז ער געװאָרן פון התפעלות, קוקנדיק אױף דעם הײזל. גלײך האָט ער זיך דערמאַנט, אַז דעם, װעלכן ער האָט אַלע מאָל געזען אַרבּעטן בּאַם הײזל, האָט ער אױך אַ סך מאָל געזען זיצן אין בּית-המדרש און לערנען. ער האָט דערפילט אַ גרױסע ליבשאַפט צו אים, נאָר אין דער זעלבער רגע האָט ער אים גאָר פײנט געקריגן, און אָנגעהױבן שרעקלעך האַסן.

ער האָט אַ קוק געטון אױף שבעלען, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, און איז אַװעקגעגאַנגען. שבעלע האָט אים נאָכגעקוקט.

# VII.

שבעלע, דעם רבינס ייִנגסטע טאָכטער, איז נאָך כּמעט אינגאַנצן געווען אַ קינד: אַלט געווען אַ יאָר פֿינפֿצען. געהאַט האָט זי זיידענע האָר, נישט זייער קיין שוואַרצע, און אַזעלכע ווייכע און וואַרעמע, אַז יעדער, וואָס האָט געקוקט אויף זיי, האָט דערפילט באַם האַרץ עפּעס אַזוי — אַ געפיל, וועלכעס מאַכט דעם ערגסטן מענטש גוט... איר פּנים האָט אויסגעזען קינדעריש און אומשולדיק, און אַזוי אויך איר גאַנצער קליינער קערפּער.

אויפגעשטאַנען איז זי תּמיד, ווען דער טאַטעשי — דער רבי — איז שוין לאַנג אויף געווען, געזעסן און געלערנט, און די מאַמעשי — די רביצין — האָט זיך אַרומגעפּאָרעט אין די שטובן ווי אַ רייכע און שיינע „מאַדאַם“. חוהלע — איר עלטערע שוועסטער — האָט געטרונקען קאַקאַאָ, געקוקט אין גרויסן שפּיגל אַריין, וועלכער איז קעגנאיבער איר געשטאַנען איבער דער גאַנצער לענג פון דער וואַנט, און געלאַכט צו זיך. (זי האָט זיך דערמאַנט אָן די קאָמפּלימענטן, וואָס אַ ייִנגערמאַן האָט איר נעכטן געמאַכט). שבעלע האָט נישט געוווּסט וועגן וואָס איר שוועסטער לאַכט, און זי אָנגעקוקט מיט אַ פראַגע. אָבער אַז חוהלע האָט אַלץ נישט אויפגעהערט לאַכן — איז זי צוגעגאַנגען צום פענסטער, זיך אַוועקגעשטעלט, און אַרויסגעקוקט. אַזוי איז זי געשטאַנען אפשר צוויי שעה, און געקוקט אויף דעם קליינעם פאַנטאַסטישן פּאַלאַצל, וואָס יוסף האָט געמאַכט פונם הילצערן הייזל. וואָס ליבע איז, האָט זי נאָך נישט געוווּסט, אָדער תּמיד ווען זי האָט דערזען יוספן, וועלכער האָט דורך זיין פענצטער אויך אַרויסגעקוקט, האָט זי געפילט, ווי דאָס גאַנצע האַרץ צאַפּלט זיך אין איר, ווי ס'וואָלט געוואָלט פון איר אַרויסשפּרינגען... זי האָט דאַן זיך

דערפילט, ווי אַפייגעלע אין אַ שטייג, ווען די זון לאַכט דערצו אַריין, און ס׳וויל אַרויספליען . . .

זי האָט אירע שיינע אויגן אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד, קינדעריש זיך פאַרשעמט, און די לאַנגע שוואַרץ־זיידענע וויעס האָבן געציטערט. איר פּנים איז רויט געוואָרן. ס׳האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי האָט געזען יוסף הצדיק, וועלכער איז געווען אַזוי שיין, אַז פּוטיפרע האָט אים אָנגעכאַפּט באַ דער פּאָלע ער זאָל זי קושן, אָבער ער האָט זיך פון אירע הענט אַרויסגעריסן, און איר זיין מאַנטל איבערגעלאָזט. . . דערנאָך איז ער געוואָרן שני למלך אין מצרים.

ווען אַזאַ געדאַנק איז שבעלען געקומען אין קאָפּ אַריין — וואָס האָט זיך איר זייער אָפט געטראָפן — האָט זי זיך ערשט אמתדיק פאַרשעמט, און זי איז גלייך אַוועקגעגאַנגען פון פענצטער. דאַן אָבער, ווען זי האָט געלייענט טייטש־חומש יענע שטעלע וועגן יוסף הצדיק האָט זי שוין געזען נאָר דעם יוסף, וועלכער האָט פון זיין פענצטער כּמעט תּמיד אַרויסגעקוקט, ווען זי האָט פון איר פענצטער אַרויסגעקוקט. זי האָט זיך זייער געשעמט פאַר זיך, נאָר וואָס מער זי האָט זיך געשעמט, אַלץ מער איז איר דער יוסף געקומען אין קאָפּ אַריין און זי האָט אים געזען, אַפילו ווען זי האָט די אויגן גאַנץ פעסט צוגעהאַלטן.

געווען איז שבעלע תּמיד זייער ערנסט, אָבער זי איז אויך פריילעך געוואָרן, אַליין נישט וויסנדיק פאַרוואָס. דעמאָלט איז זי אין איר צימערל — טאַקע ווי אַ פייגעלע אין שטייג — אַרומגעשפּרונגען, אַרומגעפלאַטערט, געזונגען, ביז די מאַמעשי איז צו איר אַריינגעקומען און איר דאָס פאַרבאָטן. אַ סך מאָל איז אויך דער טאַטעשי, אַ בייזער פּונם לערנען אַוועק, אַריינגעלאָפן צו איר, און זי אָנגעשריגן: „אַ מיידל טאָר נישט זינגען!“ זי איז דאַן שטיין געבליבן מיט צוויי אויגן, וועלכע האָבן געפרעגט: „פאַרוואָס, טאַטעשי, טאָר איך נישט זינגען?“ די מאַמעשי האָט זי געפרעגט, פאַרוואָס זי טאָר נישט שפּרינגען, און זי האָט איר געענטפערט: אַ מיידל, מיין קינד, טאָר נישט שפּרינגען, נאָך דער חתונה מעג זי.“

שבעלע האָט מיט אירע שיינע, קינדערישע און ליכטיקע אויגן געקוקט אויפן טאַטעשי און אויף דער מאַמעשי, ווי זיי וואָלטן איר איצט אינגאנצן פרעמד געווען. זי איז געווען אַ קינד, אַן אמתדיק קינד. זי האָט נאָך קיינמאָל אין איר לעבן נישט געהאַט געטראַכט, אַז אַ מיידל האָט חתונה מיט אַ מאַן, ווי איר מאַמעשי האָט חתונה געהאַט מיט איר טאַטעשי, כאָטש שדכנים זענען שוין מיט שידוכים — חוץ פאַר איר שוועסטער — אויך פאַר איר, צו איר טאַטעשי געלאָפן. אָבער וואָס מער קינד זי איז געווען — אַלץ שטאַרקער האָט זי געליבט יוספן, כאָטש זי האָט דאָס נישט געוווסט. איצט איז זי אַרומגעגאַנגען זייער אַ טרויעריקע, ווייל זי האָט יוספן מער נישט געזעען אַרויסקוקן פון זיין פענצטער, ווען זי האָט, אַרויסקוקנדיק פון אירס, אים געזוכט מיט אירע אויגן.

## VIII.

ווען יאָסל וואָלף דודס איז נאָך דער באַגעגעניש מיט שבעלען אַהיימגעקומען, האָט ער זיך אין אָנטון אַריינגעלייגט אין אייבעם פון די גרויסע וועגן, וועלכע זענען געשטאַנען אויפן הויף, און איז שווער איינגעשלאָפן. ער האָט זיך פאַרגראָבן צווישן דעם שטרוי און די שעניקעס פון די געזעסן, און געכראָפעט. אין קאָפּ האָבן זיך אים געפּלאָנטערט פאַרשידענע געדאַנקען: אַז ער איז ערגעץ געווען, גערעדט מיט ווער מען, נאָר ער ווייסט נישט מיט וועמען. די ווערטער אָבער, וועלכע ער האָט גערעדט, האָט זיך אים געדאַכטן, אַז ער זעט זיי, נישט ער הערט זיי, נאָר זעט זיי: זיי זעען אויס ווי שטיקער וואָלקן, ווי קלעצער, ביימער, בערג און צוימען. . . ער לויפט, מען יאָגט אים, און ער שפּרינגט איבער די בערג, איבער די ביימער און איבער די קלעצער, איבער די צוימען. . . אויפן וועג וואַרפט ער אַוועק די זעק מיט זאַכן, וועל-

כּע ער האָט געגנבֿעט, לויפֿט איבער אַ טײַך, קײן סטאַראָוויעש צו מאַלגאָשען; ער האָט זיך באַהאַלטן מיט איר אין דער סטאָדאָלע, נאָר דער אַלטער פּאַוועל האָט אים געטראָפֿן, און ער שלאָגט אים... עס זענען זיך אָנגעקומען נאָך פּויערים, אַלע מיט דרענגער, און זײ שלאָגן אים... זײ האָבן אים אויפֿגעהאָנגען... ער ווערט דערוואָרגן... ער וויל שרײַען, נאָר ער קען נישט... אַלע שרײַען, אַז ער האָט געגנבֿעט, און אַ מײדל, אײַנגעהילט אינעם הימל — האַלט אים בײַ דער האַנט... זי האָט אַזאַ וואַרעמע האַנט... זי שטרעקט אים אויס דיה אַנט פֿון הימל... באַלד אָבער שרײַט זי: ער איז אַ גנבֿ... אַ גנבֿ... און מ׳שלאָגט אים, מיט דרענגער, מיט לײצעס פֿון פֿערד...

ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, און דערפֿילט, אַז עפּעס הינטן — ס׳טוט אים ווײ... ער האָט אויפֿגעריסן די אויגן, און דערזען פֿאַר זיך דעם טאַטן מיט דער בײַטש... באַלד האָט ער מיט אײן מאָל דערפֿילט, אַז הינטן טוט אים זײער ווײ, עס צוויקט אים, ווי שלאַנגען וואָלטן אים געביסן. ער האָט מיט זײַנע גרויסע אויגן אָנגעקוקט דעם טאַטן, געזען, ווי דער טאַטע קוקט אויף אים, און אַלץ שוין פֿאַרשטאַנען.

נאָר ס׳איז געווען שוין פֿאַרנאַכט, הונגעריק איז ער געווען — איז ער אַרײַנגעגאַנגען אין שטוב, אויפֿגעגעסן די שיסל קאַשע מיט אַרבעס, וועלכע איז שוין געשטאַנען פֿאַר אים גרײט אויפֿן טיש — וויעטשערע; אויפֿגעגעסן דאָס פֿלײש מיט אַ גרויס שטיק ברויט און מיט אַ האַלבן רעטעך, און זיך געלײגט אין בעט אַרײַן ווײטער שלאָפֿן. די מאַמע — גאָלדעלע די יונהצעקנס — האָט קײן וואָרט נישט גערעדט. דער טאַטע אָבער האָט זיך נישט געקאָנט אײַנהאַלטן, און פֿון צווישן די צײן אַרויסגעצישעט:

— אַ פֿײער...

ס'איז געווען שוין גרויסער טאָג, און יאָסל איז נאָך אַלץ געשלאָפן.

וואָלף דוד האָט אַרויסגעלאָזט פון די קאַמערן די הינער, זיי געשיט גערשטן, ווייצן, די הינער האָבן מיט זייערע זשובקעס געקליבן די זשאַרנעס פון דער ערד: זשוב... זשוב... זשוב... זיי האָבן געוואָרטשעט, זיך געקריגט. אַלע מאָל האָט איינע די אַנדערע אַ זשוב געטון אין רויטן קראַם אַריין, אַוועקגעיאָגט, נישט געלאָזט עסן. די הענער ווידער, האָבן אדרבא, צוגערופן אַלע הינער — זייערע האַרעמס־ווייבער — זיי זאָלן מיט זיי מיטעסן.

וואָלף דוד האָט אַרויסגעלאָזט אויך די ציגן, און די ייִנגען, וועלכע האָבן זיך באַ אים אויפגעהאַלטן, זענען אַראָפּגעקראָכן פון די בוידעמער, וווּ זיי זענען געשלאָפן, זענען אַרויסגעקראָכן פון די שטאַלן, און אויפן הויף די רעשט זיך אָנגעטון. אַלע מיט רויטע אָנגעפּרעסענע פּיסקעס, פול מיט היי און שטרוי אין די גרויסע גזשיוועס ביז אין די אויגן אַריין, מיט אָפּגעפּאַסטע הויזן ווי רייטער, און מיט לאַקירטע גלאַנציקע שטיוועלעך. אָנגעטוענע — האָבן זיי זיך אַוועקגעשטעלט מיט די הענט אין די הויזנקעשענעס, און געקוקט. נאָר וואָלף דוד, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אָפּגעפּאָרעט מיט די הינער און מיט די ציגן, איז ער עפּעס בייז געוואָרן, און איינגעהאַלטן אַ פרעג געטון:

— פאַרוואָס גייט מען נישט פּאָיען די פערד?

די ייִנגען האָבן זיך איבערגעקוקט, ווי זיי וואָלטן זיך געפרעגט:

— ווער זאָל גיין? — —

וואָלף דוד איז אַריינגעגאַנגען אין שטוב.

---

— שלאָפט נאָך דער זון? — האָט ער געשריגן, נאָך איידער ער האָט אַריבערגעטרעטן.

גאָלדעלע די יונהציקנס איז נאָך אַ האַלב־נאַקעטע געשטאַנען פאַר

איר בעט. די האַלב-גרויע האָר זענען איר אַפּערגעפאַלן פון אונטער דער רויטער קרעטענער פאַטשיילע. דאָס פּנים אירס איז געווען צע־קנייטשט ווי אַ שמאַטע, און די אויגן — ווילד־שפּיזנדיקע ווי בא אַן אַלטער מכשפה, האַלב שוין אויסגעלאָשן — האָבן זיך אָנגע־צונדן מיט פייער. זי איז גיך צוגעלאָפן צום געלעגער, אויף וועלכן יאָסל איז געשלאָפן, אים צו באַשיצן פון די טויטע קלעפּ, וועלכע וואָלף דוד האָט זיך געגרייט אים צו געבן.

יאָסל איז אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן. ער האָט זיך גע־דרייט פון איין זייט אויף דער צווייטער, געוואָרטשעט ווי אַ וויל־דע חיה, געברע..ט ווי אין פיבער, און די אויגן — ווי צוויי שטי־קער קויל — האָבן געשרפעט. ער האָט זיך געריסן די האָר פון קאָפּ, זיך געביסן די נעגל פון די פינגער, געפילט, ווי ער וויל וויינען, נאָר ער קען נישט. דאָס האַרץ אין אים האָט געווייטיקט, זיך געקווירטשעט אין קראַמפּהאַפטע יסורים, און געבלוטיקט. ער האָט געקרעכצט, געפילט, ווי אַלץ בעט אין אים, נאָר ער ווייסט נישט צו וועמען: צו די ביימער אין וואַלד, אין וועלכן ער האָט תמיד ליב צו ליגן? ער קושט זיי, קושט אַ שטיין, ביז ער איז פאַרטאָג קוים איינגעשלאָפן. אין שלאָף האָט זיך אים געחלומט, אַז ער איז אַ קינד, ער ליגט אין אַ וויג, און אַז ער וויל גיין קאָן ער נישט. די מאַמע — עפּעס אַן אַנדערע מאַמע: אַזאַ שיינע, אַ יונגע און אַזאַ ליבע, מיט אַזעלכע גוטע, גרויסע און ווייכע אויגן — גלעט אים, לאַכט צו אים און רעדט צו אים: „קינדעלע מיינס... שלאָף... שלאָף... שלאָף..." זי וויגט אים: „אַ, אַ, ליולי־ליו..." און ער שלאָפט, ער פילט ווי ער שלאָפט... עס דאַכט זיך אים, אַז פון ביידע הענט זענען אים געוואָרן פליגל, און ער פליט... נאָר פלוצלינג — ווי בעכטן אינדרויסן אויף דער פור — כאַפּט ער זיך אויף, רייסט אויף די אויגן, און דערזעט: די מאַ־מע, האַלב-נאַקעט, ווי אַ מכשפה, שטייט פאַר זיין געלעגער, און דער טאַטע — אַ לייב מיט שרעקלעכע אויגן, מיט רויטע שלאַנ־גען אויפן פּנים — שרייט:

— ווו איז ער געווען מיטוואָך אַ גאַנצע נאַכט? געווען מיר העלפן? איך דאַרף אים נישט פאַר קיין העלפער! אַ כאַל...

און ער וויל זיך אויף איר וואַרפן, איר שלאָגן, נאָר די מאַמע — זי האָט ער פיינט — האָט זיך אויף אים אַרויפגעוואָרפן אים צו באַשיצן און אירע צוויי נאַקעטע גרויסע אויסגעצויגענע ברוסטן, וועלכע פאַלן איר אַרויס פון העמד, ווי צוויי זעקלעך מיט עפּעס שיטערס, באַמבלען זיך אויף זיין פּנים מיט די צוויי גרויסע ברוין־שוואַרצע וואָרצלען, און אים שטיקט אין האַלז צו ברעכן. אירע גרויע קודלעס שטעכן אים אין די אויגן. ער וויל זיך פון אונטער איר אָפּעררייסן, נאָר ער קאָן נישט: זי ליגט אויף אים, און ער פילט, אַז ער ווערט דערשטיקט. אים דאַכט זיך, אַז ער ליגט אַ שיכּורער אין אַ גרוב, די הענט און די פיס געפּענטעט, און גויים קריכן אים אַרום אויפן בויך, זיי האַלטן שטריק, און שרייען:

— זאָל ער זאָגן וווּ ער איז געווען מיטוואָך באַנאַכט! געווען מיר העלפן? גנבענען? — —

יאָסל איז אויפגעשפּרונגען, ווי ער וואָלט איבערן קאָפּ מיט אַ דראָנג באַקומען, און אַ געשריי געטון:

— ניין!

דאָס לעצטע וואָרט פון טאַטן, אַז ער איז מיטוואָך באַנאַכט געגאַנגען גנבענען, האָט אים ווי מיט אַן עמער קאַלט וואַסער אָפּגעגאָסן, און ער — ווי ער וואָלט ערשט איצט אויפגעקומען פון שלאָף — האָט דערוואַכט פונם חלום, וועלכער האָט זיך אים פּאַרטאָג, נאָך אַ גאַנצע נאַכט זיך מאַטערן, געחלומט. ער איז געבליבן ליגן ווי טויט, און שטום געקוקט אויפן טאַטן.

— דו זעסט דאָך, אַז ער איז געגאַנגען אין שבתדיקן אָנטון! — איז גאָלדעלע די יונהצעקנס — די מאַמע — פון זוגס געלעגער אַראָפּגעקראָכן, און ווי אַ טיגערן זיך געשטעלט קייגנאַיבער איר מאַן, וועלכער האָט איצט אויסגעזעען ווי אַ צערייצטער העלפאַנט. איר פּנים איז געוואָרן אַלע מאָל מכשפהדיקער, און די טיגערישע אויגן האָבן געשפּריצט מיט פייער.

— וווּ דען איז ער געווען? באַם אַלטן פּאָוועל?

— אויך נישט! — האָט זיך יאָסל אַ הייב געטון, און באַלד זיך ווידער צוריק אַנידערגעלייגט די הענט אונטערן קאָפּ שוואַר־

צו האָר, די ברוסט אָפן. ער האָט אַ קוק געטון אויפן טאַטן, אויף דער מאַמען און געשוויגן. אין קאָפּ האָבן זיך אים געמישט און געפּלאָנטערט שטיקער פונם פאַרטאָגעדיקן חלום, אויסגעמישט מיט די שטיקער פונם חלום, וועלכער האָט זיך אים געחלומט אויף דער פור. שרעקלעך זענען געווען די ברענענדיקע יסורים, די געדאַנקען, וועלכע האָבן אים אָנגעהויבן מאַטערן פון צייט ער האָט דאָס ערשטע מאָל דערזעען שבעלען. אַ פייער האָט זיך אין אים אָנגעצונדן, וואָס האָט אים געשרפהט, אין זיין קאָפּ האָבן זיך פון דעמאָלט אָן אָנגעהויבן מישן טויזנטער געדאַנקען, און ער קאָן זיי נישט פאַרשטיין. אָבער ער וואָלט געוואָלט זיי פאַרשטיין, וויסן וואָס זיי באַדייטן. עס דאַכט זיך אים, אַז ער פאַרשטייט זיי, אָבער נישט אַזוי, אַז ער זאָל זיי קאָנען אָנטאַפּן מיט דער האַנט, זעען, ווי ער זעט אַנדערע געדאַנקען, פּראָסטערע: וועגן מאַלגאָשען, צום ביישפּיל, אָדער וועגן. . . נו, גנבענען! ווייל. . . ווען ער זאָל די אַלע געדאַנקען פאַרשטיין — וואָלט אים אין האַלז נישט אַזוי געגאָרגן, עס וואָלט אים נישט אַזוי געריסן אין דער קעל, אַזוי געשטיקט באַם גאָרגל. ער האָט ליב דעם רבינס טאָכטער, יאָ, ער האָט זי ליב, ער וואָלט געקאָנט פאַר איר שטאַרבן, אָבער. . . נו, ער ווייסט נישט, אים מישט זיך אין קאָפּ, און שטוב איז אַלץ ווי אין אַ נעפּל, שוואַרצע שאָטנס. אַלץ דרייט זיך פאַר זיינע אויגן, און ער ליגט געבונדן צווישן די שוואַרצע שאָטנס, זיי קריכן אויף אים אַרום.

וואָלף דוד, שוין אַ ביסל אָן אָפּגעקילטער, האָט אַ קוק געטון אויפן זון, אויפן ווייב און געברומט:

— קריכט צו דער זשאָבאַטע. . .

יאָסל האָט אַ קריץ געטון מיט די ציין.

— כ׳בין נישט געווען באַ איר!

— אַ צדיק. . .

— אוודאי איז ער אַ צדיק! — האָט די מאַמע, מיט נצחון און פרייד זיך אַריבערגעלייגט איבערן זון, אים אַ הויכן קוש געטון מיט אירע צוויי פעטע ליפּן, ווי אַ שמאָטשק צו אַ פערד, אַז ס׳האָט אַזש אָפּגעקלונגען איבער דער שטוב. — מיין קינד. . .

וועסט זעען, אַז ער וועט נאָך ווערן אַ רב אויך ! — האָט זי זיך געקלאַפּט איבער דער נאַקעטער ברוסט, וועלכע האָט איר אַרויס־געהאָנגען פון העמד, און זיך געשווירן : כ'זאָל אַזוי לעבן, ווי ער וועט נאָך ווערן רב !

יאָסל האָט ווידער אַ קוק געטון אויפן טאַטן, אויף דער מאַמען, און דערפילט, אַז איצט האָט זיך באַ אים אין האַרץ עפּעס אָפּגעריסן. „ניין, ער קאָן אין דער שטוב מער נישט זיין !" — האָט ער באַ זיך געטראַכט, און דערפילט אַ האַס צו זיינע עלטערן, אַז ער וואָלט זיי אין יענעם מאָמענט געקאָנט דער־הרגענען. פאַרוואָס ? דאָס האָט ער נישט געוווּסט, ער האָט נאָר געפילט, אַז דער האַס קייגן זיי ווערגט אים אַזש באַם גאָרגל.

— ער איז דאָך געווען מיט דיר שמחת תורה באַם הייליקן רבין ! — האָט די מאַמע, ווידער זיגעריש, מיט שטראַלנדיקע אויגן זיך דערמאָנט.

זי האָט שוין מער קיין מורא נישט געהאַט, אַז דער מאַן וועט איר שלאָגן דעם בן יחיד, איז זי אַוועקגעגאַנגען פון זיין געלעגער.

— ווי זעט אויס דאָס אָנבייסן ?

גאָלדעלע די יונהצעקנס האָט זיך די רעשט אָנגעטון : זי האָט אַריבערגעשלעפּט די גראָבע באַרכענקע איבערן קאָפּ, איבער די שוין אַלטע, אָבער זייער דיקע אָרעמס, און געפרעגט יאָס־לען :

— האָסט דאָך געטאַנצט מיט דער תורה באַם רבין ? מיט אַלע יידן ?

יאָסל האָט נישט געענטפערט.

אַז זי האָט דערזען אין מאַנס ברענענדיקע אויגן און אין זונס פינצטערן בליק, אַז נישט, האט זיך אַ שלאַנגען־פייער אין איר אָנגעצונדן און זי האָט געשריגן:

— ווייניק אַ קויש ווייַן — צוואָנציק פלעשער — מיט צוויי לעבע־דיקע פּעטע גענז, וואס דו האָסט פאַר יום טוב דעם רבין אהינ־געטראָגן ? ס'פּאַסט אים נישט דעם רבין, די שיינע יידן, מיט דיר

צו טאַנצן ? ! ביסט אַ גנב, דער ווײַן און די גענז זענען געווען געגנבעט — פאַר וואָס האָט די רביצן ביי דיר דאָס צוגענומען ?

וואָלף דוד האָט אויסגעזען ווי אַ געשלאָגענער הונט, און זי — מיט דער רויטער קרעטענער פאַטשיילע אויפן קאָפּ, מיט די צעשויבערטע, האַלב-שוואַרצע, האַלב-גרויע, אַפּערפּאַלנדיקע האָר — האָט אויסגעזען, ווי אַ מרשעת.

— דעם רבין קויפט מען נישט מיט קיין ווײַן און גענז, אפילו מיט טויזנטן! — האָט וואָלף דוד, ווי אַ שולדיקער מיט קייטן אויף די הענט אין אַ געריכט — נישט צום ווייב, צו קיינעמען נישט — נאָר צו זיך אַליין געזאָגט. — דער רבי איז נישט ראַשקין דער סטראַזשניק, אָדער דער נאַטשאַלניק סטראַזשעמסקי, און מעג זיין אַפילו דער פּראָקוראָר אַליין, וועלכן מ'קויפט אָפּ — אַז נישט מיט קיין הונ-דערטער — איז מיט אַ פינפהונדערטער!

דו גייסט דיך דען באַ אים אָפּקויפן ? אַז נישט — דאַרף מען נישט. זאָל דער ייִנג... פאַר מיינעטוועגן קען ער ווערן... אָדער גיב אים אַ פאַר פערד מיט אַ וואָגן — וועט ער פאָרן מיט פאַרשוינען קיין וואַרשע, קיין לובלין, און וועט פאַרדינען געלט ! דער רבי לעבט אויך נישט פון קיין לופט, מעג זיין אפילו פון הייליקער, און קיין מלאכים פון הימל ברענגען אים נישט קיין פיש און קיין פלייש ! די רביצין קויפט אין די יאַטקעס, אין די גע-וועלבער, אויפן מאַרק, און זי צאָלט מיט געלט, נישט מיט קיין... ווי זאָגט מען ? ... מיט... מצוות, אָדער „מויצעס" — איך ווייס נישט, ווי מ'זאָגט דאָס !

— אַלטע מכשפה ! דו קענסט אפילו אַ וואָרט מצוות נישט באַכזאָגן, און דו רעדסט וועגן דער רביצין ! דער רבי פאַרדינט ערלעך און איך גנבע !

— וואָס הייסט דו גנבעסט ? דו אַרבעטסט גלייך מיט יעדן ! אַ שלאָס עפנען איז נישט קיין גרינגערע אַרבעט ווי אַ שלאָס מאַכן ! און דו ריזיקירסט ! מיר איז נישט קיין נפקא מינה, וויאַזוי מען פאַרדינט דאָס טריפהנע געלט, אַבי מען נעמט עס אין דער האַנט אַריין !

וואָלף דודס אויגן האָבן זיך ווידער אָנגעצונדן, און גע-

פרעסן דעם זון מיט דער מאַמען. גאָלדעלע די יונגצעקנס איז ווי-
דער צוגעגאַנגען צו יאָסלען, וועלכער האָט מיט זיינע גרויסע אויגן
ערגעץ געקוקט אַליין נישט וויסנדיק ווּ, און דאָך אויף עפּעס באַ-
שטימט געריכטעט. ווידער האָט זי אים געפרעגט:

— אָבער אין שול האָט מען דאָך דיר אַ תּורה צוגע-
טראָגן?

וואָלף דוד האָט געוואָרפן אַ פינצטערן בליק. ער האָט נישט
געוווסט ווּ די אויגן אַהינצוטוּן, און געבורטשעט:

— אין שוּל...

זיינע הענט, ווי צוויי לעבעדיקע שטיקער פאַר זיך, האָבן
געפּילט, אַז זיי האָבן באַדאַרפן עפּעס טון, נאָר זיי האָבן פאַרגעסן
וואָס... די רציחה האָט אין אים געברענט, דאָס בלוט געקאָכט. ער-
האָט זיך געדרייט אַהין און צוריק איבער דער שטוּב, און גע-
האַלטן אין איין בורטשען:

— אין שוּל...

— אָבער דו האָסט דאָך געמאַכט אַ ברכה איבער דער תּורה,
יאָסל? — האָט די מאַמע נישט אויפגעהערט פרעגן איר זון —
דו האָסט מיר דערציילט, אַז דער טאַטע האָט דיך איינגעהילט אין
זיין טלית, און דיך צוגעפירט צו דער תּורה.

יאָסל האָט נישט געענטפערט. זיין פּנים איז געווען כמעט
שוואַרץ. ליגנדיק צווישן די שוואַרצע ברודיקע שמאַטעס אויף זיין
געלעגער, האָט ער אויסגעזען, ווי אייגער, וועלכן מ׳האָט ערשט
אַראָפּגענומען פונם שטריק, ער קומט אַלעמאָל מער צוריק צום באַ-
וווסטזיין, מאַטערט זיך אין די שרעקלעכע יסורים פונם טויט, אין די
ליידן, וועלכע האָבן אים דערצו געפירט, אַז ער זאָל באַגיין זעלבסט-
מאָרד, וויל שטאַרבן, און האָט חרטה...

— געקאָנט מאַכן די ברכה... גלייך מיט דיר... אַ יינג.
זי אַ פערד האָט מען אים געלאָזט שטיין, און — דערנאָך — צוזאַ-
מען מיט אַלע קליינע...

— ער גראָט אין דיר אַריין!

זי איז צוריק אַוועקגעגאַנגען פון זון און געוואָרטשעט.

וואָלף דוד האָט זיך אַרומגעדרייט אַ פּינצטערער. פלוצים האָבן זיך אויפן הויף דערהערט געשרייען, געוואַלטן, פּעטש — איז ער אַרויסגעגאַנגען זעען, וואָס דאָרט איז. אויף דער שוועל — שוין אין דער טיר — האָט ער זיך צוריק אומגעדרייט, און צו יאָסלען אַגעשריי געטאָן:

— טו דיך אָן!

---

אינדרויסן האָט וואָלף דוד געטראָפן אַזאַ בילד: די חברה גנבים, איינער קייגניבער דעם אַנדערן, מיט מעסערס, אָנקוקנדיק זיך ווי די הענער, און איינער שוין צעדמט, דער צווייטער, מיט אַן אויפגעהויבענער האַנט — דערזעענדיק וואָלף דודן — האָט זי צוריק אַראָפּגעלאָזט. די פערד, אַרויסגעפירטע פון די שטאַלן, זענען געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע מאַרדעס, געקוקט אין די ליידיקע עמערס אַריין, וועלכע האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט איבערן הויף. די הינער זענען געלאָפן אין אַלע זייטן אַריין מיט צעשפּרייטע פליגל, און איין האָן, אַ קאָלעקוצקער, מיט הויכע פיס, מיט אַ רויטן קראַם און מיט אַ פּאָר לאַפּן, ווי עס באַדאַרף צו זיין — אַן אמתער ייִנגאַטש — האָט זיך געיאָגט נאָך אַ פעטטע הון — אויך אַ בחורטע, ווי ס׳באַדאַרף צו זיין — נאָר זי איז אַנטלאָפן, מורא געהאַט פאַרן געשלעג.

שוין האָט וואָלף דוד געוואָלט אָנהייבן טיילן פּעטש דער חברה, נאָר דערזעענדיק דעם האָן נאָכיאָגן די הון, איז ער שטיין געבליבן, ווי געליימט, ווי אַ קינד מיט אויפגעריסענע אויגן, און גאָרנישט געקענט טון. און אַז דער האָן האָט געכאַפּט די הון און זי אָנגעהויבן דישען, האָבן זיך זיינע אויגן אָנגעצונדן מיט תאווה, האָבן אָנגעהויבן פרעסן, איין וואָנסע האָט אָנגעהויבן שמייכלען, ביז דער האָן איז צוריק אַראָפּ פון דער הון. דאַן האָט איין חברה־מאַן — דער, וועלכער האָט נאָך געהאַלטן דאָס מעסער אין האַנט — הינטן אַרום אַריינגעכאַפּט אַ פּאַטש, אַז ער איז באַלד גע־

פאַלן צו דער ערד. אַלע האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ, שטיל צו־געגאַנגען צו די עמערס, זיי אויפגעהויבן פון דער ערד, גענומען די פערד און אַוועק מיט זיי פּאָיען. די, וועלכע האָבן מער קיין פערד נישט געהאַט צו נעמען, זענען זיך שטיל צעקראָכן, ווי מייז, יע־דער אין אַן אַנדער ווינקל אַריין, מ׳זאָל אים נישט זען. וואָלף דוד, קוקנדיק מיט איין אויג צו דעם, וועלכער האָט אַריינגעכאַפּט דעם פּאַטש פון אים, האָט געברומט:

— נישט קיין צייט געהאַט פריער צו פּאָיען די פערד, און דערנאָך זיך צו שלאָגן?

דער ייִנג האָט זיך אויפגעהויבן פון דער ערד, אויסגעשפּיגן אַ צאָן, מיט אַ זיידן טיכעלע זיך אָפּגעווישט דאָס בלוט, וואָס איז אים פון מויל גערונען, און איז אַריינגעגאַנגען אין דער שטאַל, וווּ ער איז געשלאָפן. דאָס מעסער האָט ער געלאָזט ליגן אויף דער ערד.

וואָלף דוד האָט געוואָלט צוריק אַריינגיין אין שטוב, נאָר דערזעענדיק חיים איצלען גיין צו אים, מיט טלית און תפילין אונ־טערן אָרעם, איז ער שטיין געבליבן.

— גוט מאָרגן, ר׳ חיים איצל! איר גייט, זע איך, צו מיר.

חיים איצל האָט ווי אַ קינד אין אַ פאַרלעגנהייט גע־שמייכלט:

— איך גיי...

— עפּעס געשען בײַ אייך די נאַכט?

— געשען? וואָס — —

— ווען יאָ — וואָלט איך אייך אויך גאָרנישט צוריקגעגעבן. איך האָב פאַר אייך גרויס דרך־ארץ, ר׳ חיים איצל און אַפילו... נו, איך וואָלט געזאָגט ליב. אָבער איך בין דאָך נישט אייערס... ווי זאָגט מען?... איך בין דאָך וואָלף דוד, און איר... איר קענט דאָך גוט לערנען, אפשר מער ווי אַלע אין דער גאַנצער שטאָט. נאָר דאָס קען איך שוין נישט וויסן. אָבער איר זענט דאָך אַן ערלעכער ייִד, בײַ אייך אין געוועלב איז דאָך נישטאָ קיין געגנבעטע סחורה, ווי בײַ מענדל שטשערב מיט די לאַנגע פּאות,

אָדער ווי בײַ שלמה שטערן, דער האַלבער רב. נאָר צוריקגעבן אייך — אויב מ׳וואָלט בײַ אייך עפּעס גענומען די נאַכט — דאָס נישט. ס׳וואָלט גאָרנישט געשאַדט, ווען מען מאַכט אייך אַ ביסל גרינגער אין געוועלב. . . די פּאָליצעס ברעכן זיך דאָך בײַ אייך! וואָס וועט איר טון מיט אַזוי פיל געלט? אייער ווייב האָט שוין אַזוי אויך געגוג אַ ברייטן, אַז זי קאָן זיך אַזש נישט רירן.

חיים איצל האָט אויסגעהערט וואָלף דודן, וואָס ער האָט געזאָגט, געשמייכלט, און ווי מיט ליבע אים די גאַנצע צייט אָנגעקוקט. פון זײַנע קליינע אייגעלעך, וועלכע זענען בײַ אים תּמיד אויסגעקומען נאָך קלענער, ווייל ער האָט זיי תּמיד געהאַלטן האַלב פאַרזשמורעט, האָבן אַרויסגעקוקט צוויי בלישטשענדיקע פייערלעך, ווי צוויי נר-תּמידלעך. ער איז געווען איינער פון די גרעסטע לערנער אין דעם שטעטל, דער שענסטער און פרומסטער ייד, און בײַ יעדן באַליבט. נאָר ער האָט פלוצלינג אָנגעהויבן ווערן אַ רעטעניש פאַר יעדן. אַ ייד שוין איבער חמשים, וואָס האָט נאָך קיין איין מאָל אין זײַן לעבן, אפילו ווינטער אין די גרעסטע פרעסט, נאָך אַ גאַנצער נאַכט לערנען, נישט פאַרפעלט צו גיין אין מקווה אַריין — האָט מען אים אין דער לעצטער צייט אָנגעהויבן חושד צו זײַן אין אַזעלכעס, אַז פרומע יידן אין דעם שטעטל זענען דערציטערט געוואָרן, הערנדיק וועגן דעם. כּמעט יעדער איינער אין דעם שטעטל האָט געוווּסט, אַז דאָס, וואָס חיים איצל איז מיט צוויי יאָר צוריק אַזוי שווער קראַנק געוואָרן, אַז קיינער האָט זיך אויף זײַן לעבן שוין מער נישט גערעכנט, איז געווען פון די תּעניתים, וועלכע ער האָט אין זײַן לעבן געפּאַסט. נאָך אַ גאַנצער נאַכט לערנען, אַ האַלבן טאָג דאַווענען און דאַן ווידער לערנען, האָט ער באַנאַכט, כּדי בלויז מקיים צו זײַן נטילת ידים, המוציא און ברכת המזון, עפּעס געגעסן. ער האָט נישט געהאַנדלט, נישט געוואָלט זײַנע הענט אומריין מאַכן מיט דברי חול. און וועגן אים האָבן אָנגעהויבן אַרומגיין קלאַנגען אין דער לעצטער צייט אין שטעטל, אַז די הויט האָט אויף יעדן פרומען ייד געציטערט, ווען ער האָט זיי געהערט. אַ סך יידן האָבן פּשוט מורא געקריגן אים צו קוקן אין

פנים אַריין, רוקן זיך אָן אַ זייט, ווען זיי דערזעען אים גיין. חיים איצל ווייסט דאָס, און שמייכלט צו זיך:

— איך אַליין ווייס נאָך נישט, בין נאָך נישט זיכער בּאַ מיר: „יאָ, אָדער ניין", און אין שטאָט זאָגט מען שוין, אַז איך האָב געזאָגט, ס'איז קיין גאָט נישטאָ. כ'קום טאַקע שוין מער נישט אין בית-המדרש אַריין, ווי כ'בין פריער געקומען, כ'לערן שוין מער נישט אַזויפיל, ווי כ'האָב פריער געלערנט, אָבער מיר דאַכט זיך דאָך גאָר, אַז פריער, ווען כ'האָב געלערנט „בּלינד", האָב איך מער געזעען ווי איצט, ווען איך לערן „זעענדיק". און כ'דאַוון דאָך נאָך! זאָל זיין בּלויז דערפאַר, ווייל כ'וויל נאָך נישט אָנמאַכן קיין גערויש אין שטאָט, אָדער פון געוווינהייט, אָבער כ'דאַוון דאָך נאָך! זאָל דאָס זיין, ווייל כ'שפּאַציר אַרום אונטער דער שטאָט, ווייל כ'טו אַזעלכעס, וואָס כ'האָב קיינמאָל אין מיין לעבּן נישט געטון? דאָס איז דאָך אָבער נישט קיין זינד!

חיים איצל האָט פּלוצלינג ליב געקריגן אַרומצושפּאַצירן פאַרטראַכטערהייט אונטער דער שטאָט, גלאַט אַזוי אַרומצושפּאַצירן און טראַכטן אין דער וועלט אַריין. עפּעס האָט ער מיט איינמאָל ליב געקריגן צו בּאַטראַכטן אַלץ, פאַר וועלכעס ער גייט פאַרביי. ער קען זיך נישט אָפּרייסן פון קיין גרעזעלע, פון קיין ווערמל. ער האָט ליב געקריגן גאַנצע שעהן צו קוקן אין בּלויען פרישן הימל אַריין פרילינג, און ווערט בּאַגייסטערט פון דער גאָלדענער זון. דאָס האַרץ קוועלט אין אים, ווען ער הערט פייגל זינגען. ער קען זיך נישט אַוועקרייסן פון טייכל, קען נישט אָפּרייסן די אויגן פון די ביימער און די סעדער, ווען זיי טינקען זיך אין ווייס, אין ליליאַ, אָדער אין רויט בּליעכץ. ווען די פעלדער זענען פול מיט גאָלדענע זאַנגען און מיט בּלומען פון אַלערליי פאַרבּן, שטרעקן זיך זייער אָרעמס צו זיי אויס זיי אַרומצונעמען. ווען די גויים קאָסען דאָס היי, שטייט ער אַ צוגעשמידטער און קוקט אַ טרויעריקער, ווי דאָס גראָז פאַלט אונטערן פאָכען פון די בּליצנדיקע קאָסעס. אָבער ער אָטעמט אין זיך טיף אַריין דעם טייערן געשמאַק און קוקט אַ פאַרכאַפּטער, ווי די גויעס, בּאָרוויסע, דערלאַנגען מיט די ווידלעס די סנאָפּעס אויף די הויכע דראַביניאַסטע פורן אַרויף, נאָר אַ בּאַזונדער פאַרגעניגן

האָט ער צו זען, ווי די פּאַסטוכער טרייבן די בהמות. און נישט קיין נפקא מינה באַ אים: ער האָט ליב צו זען, ווי דער קאָוואַל שטייט אין דער קוזניע און קלאַפּט מיט אַ האַמער איבער אַ רויט אָנגעגליט שטיק אייזן, אָדער ווי אַ פערדל צעבריקעט זיך, און דאַן בלייבט עס מיט איינמאָל גאָר שטיין: ס׳וויל נישט מער גיין... ער האָט ליב נאָכצוקוקן די אַרבעטער, ווען זיי גייען אין די פאַבריקן אַריין, אָדער, ווען זיי גייען שוין צוריק פון דער אַרבעט. ער האָט ליב צו זען, ווי דער סטאָליער זעגט, העבלעוועט, און ווי דער שוסטער קלאַפּט מיטן העמערל אין אַ פּאָדעשווע אַריין. ער קען זיך פון קיין שום זאַך נישט אָפּרייסן. ווינטער האָט ער ליב צו זען, ווי דער שניי פאַלט, ווי מען גליטשט זיך, אין האַרבסט — ווי די שווערע גרויע וואָלקנס ציען זיך איבערן טרויעריקן הימל, ביז פינפציק יאָר האָבן זיינע אויגן מער נישט געזען ווי ווענט און גמרות — ווילן זיי איצט אַלץ זען. און גייענדיק אין בית המדרש אַריין דאַווענען, דערזעענדיק די עופות און די ציגן, ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען פאַר וואָלף דודס הויז, האָט עס אים צוגעצויגן. ער האָט דעריבער נישט געוווּסט, וואָס צו ענטפערן וואָלף דודן, ווען ער האָט אים געפרעגט, אויב ער גייט נישט צו אים וועגן דעם, וואָס עס איז באַ אים די נאַכט געשען.

וואָלף דוד האָט חיים איצלען אַ לענגערע צייט גוט באַטראַכט, געוואָלט אויסגעפינען אין אים וועגן וואָס ער איז צו אים געקומען, נאָר אַז ער האָט נישט געקענט, האָט ער אים אַ פרעג געטון:

— איז דאָס אמת, ר׳ חיים איצל, וואָס מען זאָגט אויף אייך, אַז איר לערנט שוין נישט מער? איך גלייב דאָס נישט, אָבער... זאָגט, גייט איר שוין פון דאַוונען, אָדער ערשט? —

— צום דאַוונען.

— און אין שטאָט זאָגט מען אויף אייך, אַז איר דאַוונט שוין נישט. כ׳וועל זיי דערפאַר די זייטן אונטערהאַקן. אָבער שוין אַ ביסל צו שפּעט פאַר אייך, ר׳ חיים איצל, ערשט איצט צו גיין דאַוונען. און ווען דאָס זאָל אמת זיין, וואָס מ׳זאָגט אויף אייך אין שטאָט — אַז איר דאַוונט שוין נישט מער — וואָלט איך

צו אייך אַהיימגעשיקט מיין חברה, אַז זיי זאָלן דאָרט באַ אייך אין געוועלב די פּאָליצעס אַ ביסל גרינגער מאַכן... אַזוי אָבער, אַז איר זענט אַן ערלעכער ייד, איר לערנט באַטאָג און באַנאַכט — בלויז אייער ווייב אַרבעט — טאָר מען באַ אייך נישט טשעפּען. נאָר אַ פּאָר הונדערט רובל וועל איך באַ אייך מוזן נעמען. שרהלע תּרצעס טאָכטער, אַ יתומה, האָט חתונה, און קיין געלט איז נישטאָ. העלפט וועל איך געבן, און העלפט — אַ דריי הונדערט רובל — וועט איר געבן. זאָגט אייער ווייב — וועגן געלטזאַכן מוז מען דאָך אָנקומען צו אייער ווייב — אַז זי זאָל מיר דאָס געלט אַהערשיקן. אויב נישט — וועל איך מיינע ייִנגען אַהינשיקן צו איר אַ קוק טון אין געוועלב אַריין, און דאָס וועט זי מער קאָסטן. דריי שטיקלעך טוך קאָסטן מער ווי דריי הונדערט רובל, און זיי — אַז זיי גייען ערגעץ — נעמען זיי מער ווי דריי שטיקלעך...

חיים איצל האָט געקוקט אויף וואָלף דודן, נישט פאַרשטאַנען, וואָס ער רעדט צו אים. עס האָט זיך אים געדאָכטן, אַז וואָלף דוד איז אויף אים בייז, און איז אַוועקגעגאַנגען.

— אָבער זייט נישט בייז, ר' חיים איצל, וואָס כ'האָב אייך דאָס געזאָגט. — האָט וואָלף דוד אים נאָכגעשריגן. — איר זענט מיר געווען אַ טייערער גאַסט, זייער אָנגעלייגט. כ'בין דאָס אפילו נישט ווערט געווען.

ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויף דער ברוסט, זיך געמאַכט פאָרוואורף, פאַרוואָס ער האָט דאָס געזאָגט חיים איצלען, ווען יענער איז צו אים צוגעקומען ווי אַ גאַסט — ער האָט אים דערמיט אַוועקגעטריבן. ער האָט אים געוואָלט נאָכלויפן, איבערבעטן, אָבער חיים איצל האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעדרייט אין אַן אַנדערע גאַס אַריין — ער וואָלט אים נישט געווען דעריאָגט.

יאָסל איז נאָך אַלץ געלעגן אין בעט. ער האָט אַרויסגעקוקט צום סופיט, ווי ער וואָלט מיט זיין בליק זיך געוואָלט איינבויערן אין אים, און דאָרט אויפן בוידעם זיך באַגראָבן. דעם חלום פון פאַרטאָג האָט ער זיך ביסלעכווייז דערמאָנט און אים אָנגעהויבן פאַרשטיין. זי, שבעלע, איז געווען די מאַמע זיינע! ... זי האָט אים געגלעט מיט אירע ווייכע קליינע הענטעלעך, אַזוי גוט, אַזוי וואַרעם...

ער פאַרזשמורעט די אויגן. עס דאַכט זיך אים, אַז ער זעט זי ווידער, זי שטייט פאַר זיין בעט און גלעט אים. אירע אויגן רעדן צו אים: „קינדעלע...״ נאָר פלוצלינג האָבן רויע קולות אויפן הויף איבערגעריסן אירע איידעלע ווערטער. ער האָט אַרויסגעקוקט אינדרויסן און דערזעען די יינגען, וועלכע זענען צוריקגעקומען מיט די פערד פון פאַיען. זיי האָבן זיך געקריגט, געמאַכט געוואַלדן, געזידלט: „אַ רוח אין דיין...״ און די קייטן בא די פערד האָבן געקלונגען.

יאָסל איז אויפגעקאָכט געוואָרן. ס׳האָט זיך אין אים אָנגעצונדן אַ פייער פון רציחה — ער האָט געפילט, אַז עס צעטראָגט אים. ער וואָלט צעלייגט די שטוב, די שטאַל, צעבראָכן די וועגן — פון אַלעם וואָלט ער אַ תל געמאַכט. די מאַמע וואָלט ער דערהרגעט, דעם טאַטן. ער וואָלט אונטערגעצונדן די שטאָט. ער איז איצט בישט יאָסל וואָלף דודס דער גנב, האָט זיך אים געדאַכטן, נאָר עפּעס אַ גבור, וואָס וואָלט געוואָלט די גאַנצע וועלט איבערמאַכן. ער האָט געפילט, אַז אַ שטורם רייסט זיך אין אים, אַ שטורם, וואָס וויל אַלץ חרוב מאַכן. די קולות אינדרויסן, די געוואַלדן — זיי האָבן אים אויפגעקאָכט. ס׳האָט זיך אים געדאַכטן, אַז ער ליגט אונטער אַ שרעקלעך גרויסן באַרג, און ער וויל זיך אָפּעררייסן פון אונטער אים. און ער האָט אָנגעהויבן זיך רייסן, וואַרפן פון איין זייט אויף דער צווייטער, און פלוצלינג — טראַך! — צעבראָכן אויף צוויי שטיקער דאָס געלעגער, אויף וועלכעס ער איז געלעגן, און געבליבן ליגן מיטן שעניק אויף דער ערד.

גאָלדעלע די יונהצעקנס האָט זיך גיך אומגעדרייט פון דער

קיך. זי האָט דערזעען דעם זון שטיין נאַקעט אויף דער ערד, און אָנגעהויבן שעלטן:

— אַ בראָך זאָל דיך טרעפן! וואָס וואַרפט דיך אַזוי די ניכפה? אַ כאָלערע דיר אין די קישקעס אַריין! אַ פייער אין דיינע געדערים אַריין! אַז ס'זאָל דיך טליקען! — —

אין דער קיך האָט דאָס פייער געביזעוועט. די טעפּ האָבן זיך געקאָכט, אַז אַ פּאַרע האָט געזעצט. אין שטוב איז געווען ווי אין אַ באָד, און דער סופיט, וועלכער איז געלעגן כמעט אויפן קאָפּ, מיט געלע און ברוינע רענדער פון אַריינרעגענען, מיט אַלערליי משונהדיקע פלעקן, וועלכע האָבן אויסגעזען ווי פּנימער פון שדים, האָט געשוויצט. די ווענט — קיינמאָל נישט געקאַלעכט, נאַס, פול מיט שפּינוועבס אין די ווינקלען — האָבן אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן געוויינט, געגאָסן מיט טרערן. די אַלטע גראַטעס: די צעבראָכענע בעטן מיטן שטרוי אינדרויסן, מיט די צעריסענע איי־בערבעטן און קישנס, פון וועלכע די פעדערן זענען אַרויסגעקראָכן האָבן דער חושכדיקער שטוב געגעבן דעם אויסזען פון אַ הקדש. אָבער די טעפּ האָבן אַלע מאָל שטאַרקער געקאָכט, געצוואַלעוועט. אַלע מאָל האָט אַן אַנדערער טאָפּ אָנגעהויבן אויסלויפן, און גאָלדעלע די יונהצעקנס האָט זיך צוריק אומגעדרייט צו דער קיך. זי האָט די טעפּ איבערגעשטעלט פון איין פייערקע אין דער צוויי־טער, געמישט, געפּאָרעט זיך.

יאָסל האָט זיך אָנגעטון.

— שוין ווידער דאָס שבתדיקע אָנטון? אַ גאַנצע וואָך, פון באָך יום טוב אָן, אַלץ אין דעם טוכענעם אָנצוג! צו שלום מאַ־לענדער אין הייזל אַריין?... צו דער וואַרשעווער?... גאַנצע טעג און נעכט...

נאָר יאָסל האָט דער מאַמען קיין איין וואָרט נישט געענט־פערט. אים איז איצט שוין געווען אַנדערש אויפן האַרץ, און ער האָט געשמייכלט. אַז ער האָט זיך שוין געהאַט איינגאַנצן אָנגעטון, האָט ער זיך גענומען פאַרריכטן דאָס צעבראָכענע בעטל. ער האָט באַקוקט די צוויי איבערגעבראָכענע זייטנברעטלעך, געטאַפּט, גע־קוקט, און אַלץ צוריק געלאָזט אַזוי ליגן.

— נו, פאַרוואָס פאַררײכטסטו נישט דאָס בעט ?

מיטן האַלצערנעם קאָכערלעפל אין דער האַנט איז זי צוגע־גאַנגען צו אים, ווי זי וואָלט אים מיט דעם לעפל געוואָלט פּאַטשן, און אָנגעהויבן שעלטן :

— אַ בראַנד אין דײנע געדערים אַרײן. אַ פײער זאָל דיך טרעפן ! וואַרט, דער טאַטע וועט אַרײנקומען און דאָס דערזען !... אויפגעכאַוועט אַ ממזר ! אַז דאָס קאַלב געראָט אין אָקס אַרײן !... מײנסט, אַז דער טאַטע ווייסט נישט, אַז דעם בוידעם פעלן יענע וואָך בײַ ישראל זעליקס האָסטו אַראָפּגענומען ? וואָלסטו כאָטש דאָס געלט מיר אַהײמגעבראַכט — דער טאַטע זאָל נישט וויסן — וואָלט איך דאָך דיר עפּעס געקויפט דערפאַר.

— כ׳דאַרף נישט זאָלסט מיר קויפן.

— וואָס דען טוסטו דערמיט ?

— איך גיב עס אַוועק.

— וועמען ?

— יעדן.

— דער וואַרשעווער ?

— אַלצײנס.

אײן טאָפּ האָט אָנגעהויבן אַזוי לויפן, אַז זי האָט זיך אַזש נישט געקאָנט קײן עצה טון מיט אים — האָט זי געכאַפּט אַ קוואָרט וואַסער, און געטון אַ כלאַפּ אַרײן אין אים. אין שטוב איז געוואָרן נאָך אַ גרעסערע פּאַרע. די ציבעלעס, וועלכע האָבן זיך געריישט אין דעם פּאַטעלנע, האָבן געקוויטשעט און געריסן אין האַלז. דער קרופּניק האָט געקלעקאָטשעט, און די קאַרטאָפּליעס — בול... בול... בול... פון אײן טאָפּ האָט געזעצט אַ געזונטער קרויט־ריח, וועלכער האָט אַזש געדרייט אין נאָז, אין אַ צווייטן טאָפּ האָט דאָס פלייש מיט די אָנגעפילטע קישקעס באַלעבאַטיש, מיט גדלות, זיך געקאָכט.

יוסל האָט פון דער פּראַמוגע, וועלכע איז געווען אײנגעמויערט אין דער וואַנט, אַראָפּגענומען אַ גראָבן צעריסענעם סידור, די תפילין — פאַרשטויבטע, פאַרשימלטע, פול מיט שפינוועבס —

און אָנגעהויבן דאַוונען. ווי אַ גוי האַקט האָלץ — האָט ער געלייגט ווערטער: „מה! ... טו—בו! ... א—ה—ל—י—ך! ..

די טיר האָט זיך אויפגעפּראַלט, און חברה גנבים, מיט וואָלף דודן פאָרויס, אַלע ווי זעלנער, האָבן זיך אַריינגעשיט. זיי האָבן זיך צעזעצט אַרום טיש, און גאָלדעלע די יונהצעקנס האָט אָנגעהויבן צו טראָגן ערדענע שיסלען, גאַנצע מיכעס מיט קרופּניק, קאַרטאָפליעס, פלייש, און גרויסע האָלצערנע לעפל. זי האָט אַני דערגעלייגט אויפן טיש אַ שוואַרץ ראַזאָווע ברויט אפשר פון פינפצען פונט, און חברה, ווי די הייזשעריקן, יעדער מיט אַן אייגענעם קני פּעק, האָט אָנגעהויבן קרייען שטיקער פונם ברויט. ווי בעדנער באַקלאַפּן די רייפן אויף די פעסער, האָבן זיי מיט גרויסע האָלצערנע לעפל געקלאַפּט אין די שיסלען. יעדער איינער פון זיי האָט געריבן מיט ביידע באַקן, געקייעט מיט אַלע ציין — געפרעסן מיט אַפּעטיט ווי אַ פּויער נאָך שווערער פעלד-אַרבייט.

וואָלף דוד האָט מיט אַן אייגל פון דער שיסל אַרויסגעקוקט צום זון, געהאַט נחת פון זיין דאַוונען, און פון גרויס תענוג אַזש צוגערופן דאָס ווייב צום טיש: „נו, גאָלדע... פאַרוואָס גייסטו נישט אַהער? ...“

פון דרויסן האָט זיך געוויזן אַ שיינער טאָג, איינער פון יענע שיינע שפּעטע הערבסט-טעג, וועלכע קומען נאָך אַ גאַנצע וואָך שניידנדיקע ווינטן, רעגן, און טרויעריקער דערשלאָגנקייט. די זון האָט אַריינגעגליווכטן גאָלדיק-רויט. זי האָט אויסגעזען שטרענג, ווי אַ טאַטע, וועלכער קוקט פון דער הייך אַראָפּ אויף זיינע קינדער. אָבער אויך ווייך און פאַרטראַכט ווי אַ מאַמע האָט זי אויסגעזען, און אין יעדנס האַרץ דערוועקט אַזאַ ווייטיקלעך בענקען...

יאָסל האָט אַלץ נאָך געדאַוונט. אים איז איצט געווען אַזוי טרויעריק אויפן האַרץ... ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז די זון, וועלכע האָט אַריינגעקוקט דורך די פאַרשמירטע פענצטער און קליינע שייבלעך, קושט אים, וויינט איבער אים, און באַדויערט אים. זי באַדויערט אויך די האַלב איינגעפאַלענע שטוב, די אַלע אַלטע צע-

בראָבענע גראַטעס, זיין צעבראָכן געלעגער, וואָס וואַלגערט זיך איצט אַרום אויף דער ערד, און דאָס גאַנצע ברודיקע בעטגעוואַנט, פון וועלכעס די בעבעכעס קריכן אַרויס. אפילו דעם טאַטן זיינעם דעם גנב באַדויערט זי, די גאַנצע חברה גנבים, נאָר די מאַמע זיינע נישט. און ער האָט אויף איר רחמנות איצט, זי וועט נישט קאָנען קומען אין גן-עדן אַריין, ווייל זי זעט אויס ווי אַ מכשפה. און ווען ער האָט געלערנט אין חדר, האָט דאָך דער רבי געזאָגט, אַז מכשפות וועלן קיינמאָל נישט קומען אין גן-עדן אַריין. „ווען כ'זאָל קאָנען גוט דאַווענען" — האָט ער באַ זיך געטראַכט — וואָלט איך געבעטן באַ גאָט, אַז ער זאָל זי אַריינלאָזן אין גן-עדן. אָבער איך קאָן נישט." און ער האָט די מאַמע זיינע איצט אַלע מאָל מער ליב געקריגן, חשק געקריגן זי צו קושן.

די זון האָט נאָך שטאַרקער אָנגעהויבן אַריינשיינען. יאָסלען האָט זיך געדאָכטן, אַז די שטראַלן — אַזעלכע דינע, איידעלע — זענען די איידעלע נשמות פון אַלע פרומע. זיי טאַנצן אַרום אין שטוב, אַזוי שטיל... „די גאַנצע שטוב זעט איצט אויס אַנדערש." — האָט ער באַ זיך געטראַכט. „היינט איז פרייטיק!" — האָט ער זיך מיט איינמאָל דערמאַנט. „באַנאַכט וועט זיין שבת!... שבת!... און דער טאַטע!..."

די חברה גנבים — אָנגעפרעסן — האָבן זיך אויפגעשטעלט. אויגן האָבן ביי יעדן געגלאַנצט פון זאַטקייט. איינער האָט אויפגעמאַכט די טיר, און אַלע האָבן אָנגעהויבן ארויסגיין. נאָר וואָלף דוד האָט זיי פאַרהאַלטן, ´געהייסן וואַרטן. פון דער פולער הויזן-קעשענע געלט האָט ער צרויסגעכאַפּט אַ גאָלדשטיק, און אַנידערגעלייגט אויפן טיש:

— דאָ האָסטו, גאָלדע, אַ צענער-רובל! גיי אין מאַרק אַריין, און קויף איין אויף שבת! נאָר איין העכט אָדער אַ סענדיק פון צען אָדער פינפצען פונט זאָלסטו קויפן באַזונדער! זאָלסט אים איינפּאַקן אין אַ ווייס פּאַפּיר, און אַ הינטראָגן צום רבין! קומט חברה! מירן גיין טרינקען אַ גלאָז ביער! — — —



יאָסל האָט אָפּגעלייגט די תּפֿילין. די ווערטער, וועלכע דער טאַטע זיינער האָט געזאָגט דער מאַמען: אַז זי זאָל קויפֿן איין העכט אָדער אַ סענדיק, באַזונדער, פֿון צען אָדער פֿון פֿינפֿצען פֿונט; זי זאָל אים איינפּאַקן אין אַ ווייס פּאַפּיר און אַרויפֿטראָגן צום רבין — האָבן געקלונגען אין זיינע אויערן, ווי פֿידלען וואָלטן געשפּילט. ער האָט געזען ווי ס'איז נאַכט, מען צינדט אָן ליכט, ער גייט מיטן טאַטן דאַוונען אין שול אַריין, און דערנאָך, נאָכן עסן, גייט ער מיט אים צום רבין... דאָרט זעט ער זי.

. . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . .

ער האָט נישט געוווּסט, וואָס צו טון פֿאַר פֿרייד — איז ער צוגעלאָפֿן צו דער מאַמען, זי אַרומגעכאַפּט און געקושט.

## IX.

דער מאַרק איז געווען פֿול מיט ווייבער, וועלכע האָבן איינגעקויפֿט אויף שבת, און מיט מענער, וועלכע זענען געשטאַנען אין רעדלעך און געשמועסט וועגן אַ ייד, וואָס איז געקומען מיט אַ זון צום רבין, אַז ער זאָל פֿון אים אַרויסטרייבן אַ דיבוק. די ווייבער האָבן באַ די פֿולע באַליעס פֿיש זיך געדונגען מיט די פֿישער, געמאַכט געוואַלטן, און געכאַפּט פֿון די באַליעס אַרויס. די פֿישער האָבן זיי געשלאָגן איבער די הענט, אַז זיי זאָלן נישט כאַפּן.

די לופֿט איז געווען פֿול מיט געשרייען. די מענער האָבן זיך געהיצט, געקריגט, געמאַכט מיט די הענט. אַ יידענע איז געלאָפֿן מיט אַן אָפּגעגאָלטן קאָפּ, אָן דער קופּקע, און די געשרייען

זענען נאָך גרעסער געוואָרן. „דעקט אייך צו דעם קאָפּ מיטן פאַר־טוך!“ — האָבן אַלע געשריגן. נאָר די יידענע איז פאַרשווונדן, און באַלד האָבן די ווייבער דערציילט, אַז פון פאַקן זיך באַם קויפן איז איר די קופּקע אַראָפּגעפאַלן פון קאָפּ, און זי האָט זי שוין מער נישט געקענט געפונען. „נישט אמת! נישט אמת!“ — האָבן זיך דערהערט קולות פון אַנדערע ווייבער. — „זי האָט גע־גנבעט אַ לעבעדיקן סענדיק, דער פישער האָט זי געפּאַקט באַ דער האַנט און מיט דעם סענדיק זי אָנגעהויבן פּאַטשען פון ביידע זייטן איבערן פנים, אַז די קופּקע איז איר אַזש אַראָפּגעפלויגן פון קאָפּ!“ נאָר באַלד ווערן די קולות וועגן דער יידענע און דער קופּקע איבערגעריסן דורך אַנדערע געשרייען. אין מאַרק אַריין איז אָנ־געקומען אַ פור מיט עפּל און דער סאַדאָווניק, וועלכער טרייבט אַליין אָן דאָס פערדל און שטייט אויף דער פור מיט זיין הינטן אויסגעדרייט צום פערדס הינטן, שרייט: „אַ זעקסער אַ פונט הייבער! אַ זעקסער אַ פונט!“ די ווייבער כאַפּן אין די פּאַדאָלעס אַריין, צו דריי, פיר, פינף און צען פונט. טייל באַצאָלן, אַנדערע נישט, און דאָס זעלבע איז אויך באַ די עופות, באַ אַ פור ציבע־לעס, באַ די מילטערס חלות.

עס מישן זיך די געשרייען און די געוואַלטן פון די ווייבער באַם איינקויפן אויף שבת, מיט די געשרייען און געוואַלטן פון די מענער, וועלכע שטייען אין רעדלעך און היצן זיך וועגן דעם ייד, וועלכער איז געקומען צום רבין, אַז ער זאָל אַרויסטרייבן דעם דיבוק פון זיין זון, אַ טומל. יידן, וועלכע לויפן מיט טלית און תפילין אונטערן אָרעם פון דאַוונען, בלייבן שטיין באַ די רעדלעך און דערציילן צעקאָכטע, וואָס מען רעדט וועגן דעם ייד מיטן זון אין בית המדרש, און אויך וועגן דער יאַפּאָנסקער מלחמה.

— די יאַפּאָנטשיקעס האָבן נעכטן געקריגן גוט געקלאַפּט באַ פּאָרטאַרטור! אַזעלכע קליינע שגצימלעך, אָפּגעריסענע, אויסגעדאַר־טע — גייען זיי זיך שלאָגן מיט אונזערע, אַזעלכע פּאַניעס, אמתע דעמבעס!

— אויפן וואַסער אָבער זענען זיי שטאַרקער. דאָס קלענסטע

שגיצל זייערס מאַכט אַ נורעק אין ים הגדול אַריין, און בלייבט ליגן אפשר צען שעה אונטערן וואַסער!

— סקאַבעלעוו און סטעסל וועלן זיי אָבער איצט לערנען בורעקעס — וועלן זיי שוין מער נישט צוריק אַרויפקומען!

נאָר באַלד שלאָגט זיי אַ ייד איבער, און דערציילט ווייטער וועגן דעם ייד מיטן זון, וועלכער האָט אַ דיבוק אין זיך:

— דער ייד איז פון יענער זייט ווייסל!

— נישט אמת! ער איז פון דער קירהשער גרענעץ! כ'האָב אַליין געזעען דעם ייִנגנמאַן מיטן דיבוק! דער פאָטער האָט אים געפירט באַ דער האַנט! ער איז מיט אים געגאַנגען צום רבין!

— איך האָב אים אויך געזעען! ס'איז אַ שרעק אָנצוקוקן דעם בחור! די אויגן! . . . ער האָט געשריגן, אַז כביכול —

— רעד בעסער נישט! רחמנא לצלן. . .

די יידן האָבן אַלע אויסגעשפּיגן, און ס'איז שטיל געוואָרן. האָר און נעגל זענען באַ זיי קאַפּויער געשטאַנען. נאָר באַלד האָט אַ ייד מיט אויסגעלאָשענע אויגן, דאָס היטל אַראָפּגערוקט איבער די אויערן און מיט אַ פאַרגאַווערטער באָרד, איבערגעריסן די שטילקייט:

— אוודאי געשטרויכלט געוואָרן.

אַ צווייטער:

— אָבער דער בחור איז דער גרעסטער עילוי אין דער וועלט, זאָגט מען!

פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ געזאַנג:

— העי דאַ דאַנאַ דאַנאַ האָפּ האָפּ. . .

די יידן זענען אַלע שטיין געבליבן מיט אויסגעגלאָצטע אויגן. זיי האָבן געקוקט, געוואָלט זען ווער ס'איז, אָבער זיי האָבן קיי-נעמען נישט געזען. און באַלד ווידער די זעלבע שטי-מע:

— העי דאַ דאַנאַ דאַנאָ האָפּ האָפּ. . .

שטאַרק דערשראָקענע האָבן די יידן איצט זיכער שוין גע-גלייבט, אַז ס'איז דער דיבוק. נאָר באַלד האָבן זיי דערזען סעג-

דערל בעבעק, אַ ייד פֿון אַ יאָר זעכציק, אַ גרויסער אָרעמאַן, נאָר תּמיד אַ פֿרייליכער. זיין גאַנג איז געווען, ווי פֿון אַ לעבעדיקן בחור. איצט איז ער ווי אַרויסגעוואַקסן פֿון צווישן די ווייבער, מיט אַ חלה אין דער האַנט אינדערהייך, אַז יעדער זאָל זעען. דאָס ווייב האָט ער געפֿירט אונטערן אָרעם, און געטאַנצט. אַלע האָבן אויסגעשפּיגן אויף אים, אים אָנגעשאָלטן אַ פֿולן קאָפּ, נאָר אים האָט דאָס נישט געאַרט: ס׳זענען אים נישט אָנגעגאַנגען די אַלע יידן, וועלכע זענען געשטאַנען און זיך געקאָכט, נישט זיין דאגה דער פֿולער מאַרק מענטשן. ער האָט אַ חלה אויף שבת — איז ער לוסטיק.

סענדערל בעבעק האָט יעדער אין שטעטל געקענט, און אים גערופֿן „דער נגיד״. זיינע קליינע אייגעלעך, וועלכע האָבן גע־פֿינקלט פֿון דער רויטער הויט אַרויס, וועלכע האָט אויסגעזען ווי איבערגעדרייט אויף דער אַנדערער זייט, האָבן געלאַכט פֿון דער גאַנצער וועלט. ער האָט נישט געוווּסט פֿון קיין זאָרג. איז קיינ־מאָל נישט טרויעריק געווען, כאָטש ער האָט זיינס קיינמאָל קיין גראָשן נישט געהאַט. די שטוב, אין וועלכער ער האָט געוווינט, איז געווען אַ לאָך, אָן פֿענצטער, אָן אַ פּאָדלאָגע, אָן אַ דאַך, אָן אַ טיש, אָן אַ בעט און אָן אַ בענקל. נאָר געווען איז דאָס פֿינ־צטערע לאָך פֿאַר אים אַ פּאַלאַץ. פֿאַר דאָס אָבער דאָס ווייב זיינס — צו וועלכער ער האָט געמוזט אַרויפֿקוקן, אַזאַ הויכע איז זי געווען — איז תּמיד געווען טרויעריק. זי האָט זייער שווער געאַרבעט: געטראָגן וואַסער אין די הייזער, געוואַשן גרעט באַ די רייכע באַלעבאָסטעס. דעם מאַן האָט זי אָבער זייער ליב געהאַט און אים אַהיימגעבראַנגט העלפֿט פֿון דעם עסן, וואָס זי האָט באַ־קומען, ווען זי האָט געוואַשן וועש באַ די רייכע. ער האָט זי אויך ליב געהאַט, און איר אַהיימגעבראַנגט די גאַנצע פֿאָר גראָשן, וועלכע ער האָט באַקומען פֿאַר די שמאַטעס, שטיקלעך אייזן, ביי־נער, וואָס ער האָט צוזאַמענגעקליבן אויף די מיסטן. באַ דער „אַרבעט״ האָט ער זיך תּמיד צוגעזונגען זיין לידל: העי דאַ דאַנאַ דאַנאַ האָפּ האָפּ״. ווי ער וואָלט געווען אויף אַ פֿויערישער חתונה.

אין די הייזער איז ער קיינמאָל נישט געגאַנגען, נישט געוואָלט
נעמען קיין נדבה. ער האָט געשריגן צום ווייב:

— טאַנץ אַ קאָזאַק, ברײנע! . . . אַ חלה אויף שבת איז דאָ,
אַ ברויט אויך, אַ הערינג וועט אויך נאָך זיין — טאַנץ! . . . הע־
דאַ דאַנאַ דאַנאַ האָפּ האָפּ! . . .

ער האָט אַרומגעכאַפּט דאָס ווייב, זי געקושט, און געטאַנצט
מיט איר. די יידן האָבן געשריגן:

— שעמען זאָלסטו דיך, סענדער! . . . פע! . . . פע! . . .
וואָס ביסטו: אַ יינגל? . . . אַזאַ אַלטער! . . .

אָבער ער האָט זיי נישט געהערט, ווייטער געזונגען, אַלע־
מאָל שטאַרקער, און אַלעמאָל שטאַרקער געטאַנצט.

---

פאַרנאַכט, אינם שטעטל פילט זיך דאָס אָנקומען פונם שבת.
פון שטובן אַרויס שלאָגט דער ריח פון פריש געקאָכטע פיש, און
מיידלעך: פאַרשלאָכעטע, פאַרפאָרעטע, מיט רויטע דערפלאַמטע
באַקן — טראָגן אין איילעניש אַוועק דאָס טשאָלענט צום בעקער.
יידן לויפן פון באָד, דערשוויצטע, רויטע, צעפּאַרעטע איילן אַהיים
זיך איבערטון, און גיין אין שול אַריין דאַווענען. די באַלמעלאָכעס
האָבן פון זייער אַרבעט שוין אויפגעהערט, און די עלטערע פון
זיי לויפן אויך פון באָד. זיי זענען דערפרישטע, ריינע, און די
תמיד פאַרזאָרגטע פּנימער זייערע זעען איצט אויס צופרידן. שווער
איז צווישן זיי צו דערקענען דעם שוסטער, וועלכער איז אַ גאַנצע
וואָך פאַרריסט, שוואַרץ, פאַרקאָפּטשעט, און די הענט בלויז סמאָלע.
זיין באַקן, וועלכער איז אַ גאַנצע וואָך איינגעבויגן בײַ דער אַר־
בעט איז איצט אויסגעגלייכט, ווי בײַ אַ זעלנער, און דאָס פּנים
איז רויט ווי אַ טשוויק. אַזוי זעט אויך אויס דער סטאָלער, דער
טאָקער, דער שניידער און די אַלע אַנדערע באַלמעלאָכעס צווישן
זיי. דער איינציקער איז חיים קאָוואַל, וועלכער זעט אויס אַנדערש
ווי די אַלע, מיט וועלכע ער גייט פון באָד. ער איז רויט צעפּאַ־

דעט, אָבער מ׳ווייסט נישט: גייט ער פון באָד, אָדער פון קווניע? ער זעט אויס, ווי ער וואָלט געגאַנגען אָנגעטון אין לעדערנעם פּאַרטוך, מיט אַן אָנגעגליט שטיק אייזן און אַ צוואַנג אין איין האַנט, אין דער אַנדערער אַ האַמער, און באַלד וועלן פונקען שפּריצן פון אונטער זיינע קלעפּ. אָדער ער וועט אַ גיי צו טון צו אַ געזונטן אָגער, צו וועלכן קיין שום קאָוואַל רירט זיך נישט צו, וועט אים אַ זעץ טון איבערן הינטן, אַז ער וועט זיך אַזש אַראָפּזעצן צו דער ערד, און וועט אים אָפּקאָווען. און אַזוי זעט ער אויס אויך אין שול, ווען ער איז איינגעהילט אין טלית.

נאָך אַ האַלבע שעה האָבן זיך איבער די גאַסן באַוויזן אויך די יינגערע פון צווישן די באַלמעלאָכעס, די געזעלן, וועלכע בלייבן תמיד לענגער באַ דער אַרבעט, ביז די באַלעבאָסטע בענטשט שוין די ליכט. אויך זיי איילן אַהיים זיך איבערטון. איין שוסטער אָבער — אַ באַלעבאָס — זעט נאָך אויס איינגאַנצן וואָכעדיק, פאַרחושכט. ער איז אַ גרויסער אָרעמאַן, און לויפט מיט אַ פּאָר שיך, וועלכע ער האָט ערשט אַראָפּגענומען פון דער קאָפּעטע. ער וויל נאָך באַווייזן זיי אָפּצוטראָגן אויף שבת, באַקומען געלט, און איינקויפן די רעשט, וואָס מען דאַרף האָבן אין שטוב. באַלד באַווייזן זיך אויך די אַרבעטער פון די פאַבריקן. זיי זענען זייער בלאַס, און איילן זיך נישט. זיי רעדן צווישן זיך זייער פאַרטיפט. גייענדיק פאַרייניקן זיי זיך מיט די באַלמעלאָכעס — די געזעלן — און שמועסן צווישן זיך זייער שטיל, סודותדיק. דער בליק אין זייערע אויגן איז פאַרבאָרגן. נאָר טייל פון זיי: אין בלויע לייבנטענע אַרבעטער־קאָסטיומען, אויסגעשמירט מיט פעטן ריז — שלעפּן קוים נאָך די פיס. די בליקן אין זייערע אויגן זענען מאַטע, קרענקלעכע.

פלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּן פון רעדער איבער די שטיינער אויפן שאָסיי. צוויי פאַרשפּעטיקטע באַלעגאָלעס יאָגן די פערד, וועלכע פליען צעשוימטע מיט די לעצטע כוחות. אַ פּאַרע זעצט פון זיי, און מען דערקענט אויף זייער פעל די פּרענגעס פון די בייטשן. נאָר באַלד ווערן זיי אויסגעשפּאַנט, און אַריינ-

געלאָזט אין די שטאַלן. אהרן ברוך דער שמש רופט אין שול אַריין, און מען דערפילט דעם שבת.

דאָס גאַנצע שטעטל איז מיט איינמאָל אַריינגעפאַלן אין אַ שטילער הייליקייט. די געוועלבער אַלע זענען געוואָרן געשלאָסן. דער מאַרק איז פון מיטאָג אָן שוין געווען ליידיק. בלויז איין פרוי איז אַ פאַרשפעטיקטע געלאָפן פון אַ געוועלב אַרויס מיט די ליכט, וועלכע זי האָט געקויפט אויף שבת. דער קרעמער האָט זי אַרויס־געלאָזט פון זיין אָרעם שוין לאַנג צוגעמאַכט געוועלבל דורך אַ טיר הינטן אַרום. דער הימל האָט אָנגעהויבן טונקל ווערן, און פון יידישע פענצטער אַרויס האָבן געלויכטן די פייערלעך פון די אָנ־געצונדענע שבת־ליכט.

אין די יידישע שטובן זענען שוין די טישן געווען איבער־געדעקט מיט ווייסע טישטוכער, און די לייכטער: אין טייל שטובן זילבערנע, אין אַנדערע מעשענע — האָבן געבלאַנקט. די חלות זענען געווען צוגעדעקט מיט אויסגעהאָפטענע זיידענע און אַטלאַ־סענע חלה־טישטיכלעך, אויף וועלכע ס׳זענען מיט גרויסע גאָלדע־נע אותיות, אין בלויע מגן דודס, צווישן ווייסע פייגל, מיט קרוינען אויף די קעפ, אויסגענייט געווען די צוויי ווערטער: „שבת קודש“. אין יעדן ווינקעלע איז געווען ריין, זויבער, ליכטיק. די געוואַשע־נע, אָדער ריין אויסגעקערטע פּאָדלאָגעס, זענען געווען מיט געל זאַמד אויסגעשיט, וואָס האָט אויסגעזעען ווי באַשטויבט מיט גאָלד. אומעטום זענען די קינדערלעך געווען געוואַשן, לויטערע, ציכטי־קע, און אָנגעטון אין שבתדיקע מלבושימלעך. די יינגעלעך — מיט געקרייזלטע פאות פון מאַמעס הענט, מיט פינקלענדיקע איי־געלעך — זענען געשטאַנען גרייט מיט די טאַטעס מיטצוגיין אין שול אַריין דאַווענען. די מיידלעך — מיט געוואַשענע קעפ, די האָר פאַרקעמט אַנדערש ווי אין דערוואָכן, אין ווייסע פאַרטוכלעך אָנ־געטון — האָבן צנועהדיק געקוקט צו זייערע פרומע שבתדיק אָנ־געטוענע מאַמעס נאָכן ליכט־בענטשן.

דער בלויער הימל האָט זיך איבערן שטעטל אויסגעבויגן ווי אַ קופּאָל, און אויסגעזען ווי אַ זיידענע חופּה. די וואָלקנס, וועלכע זענען אַ גאַנצן טאָג געטראָגן געוואָרן פון אַ שטאַרקן ווינט, זענען

פאַרנאַכט צעריסן געוואָרן אויף קליינע שטיקלעך. די קליינע צעריסענע שטיקלעך האָבן אויסגעזען ווי ווייסע מלאכים, אָנגעטון אין רויט-באַזוימטע מאַנטלען פון דער פאַרגייענדיקער זון. די זון — פאַר איר פאַרשווינדן אינגאַנצן הינטער דער שטאָט, זיך אַוועקצולאָזן אויף איר וועג איבער די ברייטע פוילישע פעלדער, און דערנאָך פאַרפאַלן ווערן אין דער ווייסל אַריין — האָט זיך אָנידערגעשטעלט באַם ראַנד פון וואַלד וואַרטן אויף דער אָנקומענדיקער מלכה שבת. פאַר אירטוועגן האָט זי זיך אָנגעטון אין אַזאַ רויט פורפור-קלייד. איר פנים איז אַלעמאָל מאַיעסטעטישער געוואָרן, און ס'האָט זיך געדאַכטן, אַז צוזאַמען מיט די הונדערטער ווייסע הענט פון די פרומע שבתדיק-אָנגעטוענע פרויען, וועלכע האָבן אַרומגענומען די פייערלעך פון די אָנגעצונדענע שבת-ליכט זיי צו בענטשן — האָט זי דאָס גאַנצע שטעטל מיט איר פייער אַרומגענומען און עס געבענטשט. און ס'האָט זיך געדאַכטן, אַז נישט די זון איז דאָס, וועלכע האָט זיך אַוועקגעשטעלט וואַרטן הינטער דער שטאָט באַם וואַלד אויפן אָנקומען פונם שבת, נאָר כביכול, ער אַליין, אָנגעטון אין זיינע רויטע פורפור-קליידער, אַ פאַרבענקטער נאָך זיין כלה די מלכה שבת, איז געקומען אין ליידנשאַפט זי באַגעגענען. און אין איין פייער האָט די זון זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט די הונדערטער פייערלעך פון די אָנגעצונדענע שבת-ליכט, וועלכע האָבן אַרויסגעקוקט פון די יידישע פענצטער, און געלויכטן איבערן גאַנצן שטעטל. און דאָרט, וווּ ס'איז געווען די שול און דאָס בית המדרש — דאָרט האָט די זון, מיט די פייערלעך פון די אינעווייניק אָנגעצונדענע ליכט אין די מעשענע הענג-לייכטער, וועלכע האָבן דורך די פענצטער געפלייצט — זיך צוזאַמענגעגאָסן, און פונדערווייטנס אויסגעזען ווי אַ גאָלדענער ים. די ווייסע זילבערנע וואָלקנדלעך — די שוועבנדיקע מלאכים איבערן בלויען הימל — האָבן אַרומגערינגלט די זון, כביכל זייער האַר, געמאַכט אַרום אים אַ ראָד, און צוזאַמען מיט אים באַגעגנט די פרינצעסין שבת.

יידן, שבתדיק אָנגעטון: אין זיידענע און אַטלעסענע קאַפאָטעס, אין שטריימלעך און אין סאַמעטענע היטלען; צו צוויי, דריי,

מיט די ייִנגלעך, אָנגעטון אין די שבתדיקע קאַפּאָטקעלעך און מיט קליינע דינע גאַרטעלעך ארום די קליינע קינדערישע לענדן, שמועסנדיק, און מיט פריילעכע רויקע פּנימער — זענען געגאַנגען אין שול אַריין און אין בית המדרש אַריין מקבל שבת זיין.

אויפן שאָסיי זענען געגאַנגען די אַרבעטער פון די פאַבריקן — די פּראָלעטאַריער — צוזאַמען מיט די באַלמעלאָכעס. אַלע אין עלטער פון צוואָנציק ביז דרייסיק יאָר, איבערגעטוענע שוין. זיי זענען געגאַנגען שפּאַצירן, כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט. זיי האַלטן נישט מער פון קיין שבת, זאָגן, אַז זיי געהערן זיך מיט דער אַלטער וועלט שוין מער נישט אָן, זענען סאָציאַליסטן.

— וואָס גייט מיך אָן שבת, שול און בית המדרש ? — זאָגט איינער פון זיי, אַ געוועזענער בית-המדרשניק.

— דאָס איז פאַר משה איסר, דער הייליקער ייד, וועלכער זיצט טאָג און נאַכט און לערנט, און לעבט פון פּראָצענט. — זאָגט אַ צווייטער, אַ געוועזענער פרומער ייִנגערמאַן.

אַ דריטער, אַ פּשוטער ייִנג, רעדט פאַרביטערט מיט אַ באַסאָווע שטימע :

— די כשורע פרומע יידן. . . פאַרגלאָצן די אויגן באַם דאַווענען, און אַז מען קומט באַ זיי עפּעס קויפן — גיבן זיי אַ האַלב פונט פאַר אַ פונט, רייסן אָפּ די הויט.

— און יענקל פּסחס ? אַ פאַרברענטער חסיד — זייגט אויס דאָס בלוט פונם אַרבעטער !

— אַ רוח אין זייער אַלעמענס. . .

די אַרבעטער, וועלכע זענען נישט מער באַ זייערע עלטערן, עסן נאָכן שפּאַציר אָוונט-ברויט אין זייערע אָרעמע שטיבלעך. דערנאָך לייענען זיי באַ אַ חלבן ליכטל, אָדער באַ אַ קליין פייערל פון אַ קאַגעניקל, דעם אויפרוף פון די סאָציאַליסטן אין וואַרשע, וועלכן זיי האָבן די וואָך באַקומען קאָנספּיראַטיוו.

וואָלף דוד האָט עפּעס היינט זיך פאַרשפּעטיקט, און איילט גיך אין שול אַריין. די פּאָלעס צעשפּרייט, פליען פוןביידע זייטן,

און יאָסלען — דעם בן — האַלט ער בײַ דער האַנט. יאָסל איז אָנגעטון שבתדיק, די צוויי גראָבע פּאות צעפּלאָשעט, דאָס ברייטע פּנים ווי געשוואָלן, און די אויגן — עפּעס אַזעלכע תּמעוואַטע איצט, אויפגעריסענע — זעען אויס פרעגנדיקע. דער טאַטע שלעפּט אים, לויפט מיט אים, און ער — ווי ער וואָלט נישט געוואָלט גיין — שלעפּט נאָך די פיס. ער איז פאַרחלומט, פאַרטראַכט, זעט עפּעס, און וויל זיך אָפּשטעלן. ער הייבט אָן גיין אַלעמאָל פּאַמעלעכער, כאָטש דער טאַטע שלעפּט אים, ציט אים, אַז ער זאָל גיין גיכער. אָבער וואָלף דוד ווערט בייז און שרייט:

— פאַרוואָס גייסטו נישט גיכער? וואָס שלעפּסטו די פיס ווי אַ געפּגרט פערד? האָסט היינט נישט געגעסן?

נאָר יאָסל הערט נישט און רייסט דעם קאָפּ צוריק אויף הינטן, ווי אַ בהמה, אָדער ווי אַ קעלבל מיט פייכטע אויגן. ער קאָן זיך נישט אָפּרייסן פון די פענצטער, פאַר וועלכע ער איז פאַרבייגעגאַנגען. דאָרט, אין יענע פענצטער, האָבן געברענט ליכט מער ווי אומעטום, און אַלע אין זילבערנע לייכטערס. יאָסל האָט זיך נישט געקאָנט אַוועקרייסן פון זיי, און איז שטיין געבליבן. וואָלף דוד איז אויך שטיין געבליבן, אָבער ער האָט גאָרנישט געזען. ער איז בייז געוואָרן, און געשריגן:

— וואָס זעסטו דאָ? דער רבי איז שוין לאַנג אַוועקגעגאַנגען אין שול אַריין דאַווענען, שוין אַזוי שפּעט! דער רבי איז נישט וואָלף דוד!

— אָבער זי!... זי, טאַטע!...

יאָסלס פּנים איז נאָך ברייטער געוואָרן, אָנגעבלאָזן. די אויגן האָבן אָנגעהויבן שרעקלעך פינקלען בײַ אים, דאָס מויל האָט זיך אים צעשפּרייט. אינגאַנצן אַ צעשוווּמענער האָט ער אָנגעהויבן צאַפּלען, ציטערן מיט די הענט און מיט די פיס, און געוויזן אין פענצטער אַריין, דורך וועלכן ס'האָט זיך אַרויסגעריסן דער גלאַנץ פון די גאָלדענע בעכער, וועלכע זענען געשטאַנען אויף די גרויסע ווייס־געדעקטע טישן. די שטראַלן פון די ברענענדיקע שבת־ליכט האָבן זיך געבראָכן דורך די געשליפענע קרישטאָלענע

קאַרפּינקעס רויטן ווייַן, און געבלענדט אין די אויגן. יאָסל איז פון התפּעלות געוואָרן ווי אַ קליין קינד אַלע מאָל ווילדער, און ווי אַ ביקל מיט אַן אויפגעהויבענעם אָנגעצויגענעם עק, האָט זיך געדאָכטן, אַז ער וועט זיך אַ לאָז טון מיט אַ „מע" איבערן גאַנצן שטעטל, אָדער ער וועט אַ שפּרונג טון אין די שויבן אַריין... אַלע מאָל משוגעהדיקער האָט ער געשריגן:

— טאַטע!... אָט האָסטו זי!...

נאָר פלוצלינג, ווי אַ קליין קינד, וועלכן מ'האָט אַוועקגענומען דאָס שפּילעכל, איז ער שטיין געבליבן טרויעריק. איצט האָט ער זייַנע אויגן אָפּגעריסן פונם פענצטער, אין וועלכן ער האָט פריער געזעען שטיין שבעלען אַ פאַרבענקטע אַרויסקוקן. זי האָט געקוקט אויף ר' אברהם דעם וואַלד־סוחרס הייזל, געזוכט יוספן. נאָר אַז זי האָט דערזעען יאָסלען, ווי ער קוקט אַריין צו איר, איז זי גיך אַוועקגעגאַנגען. יאָסל האָט געזעען, אַז זי אַנטלויפט פאַר אים, האָט ער באַקומען אַ צערייצטן און רחמנותדיקן אויסזען.

וואָלף דוד האָט אַרייַנגעקוקט אינם פענצטער צו זעען ווער די „זי" איז, אָבער ער האָט דאָרט קיינעמען נישט געזעען. ער האָט יאָסלען ווידער אָנגענומען בײַ דער האַנט, און אים גענומען שלעפּן: „קום! מיר וועלן מאָרגן גיין צום רבין! אפשר נאָך הייַנט בײַ נאַכט נאָכן עסן! און אפשר צום עסן! ער האָט געפילט, אַז אויך אים ציט עס צום רבין, אַלע מאָל שטאַרקער. פון דעמאָלט אָן, ווען ער איז מיטן זון געוועזן בײַם רבין, אַז ער זאָל אים בענטשן ער זאָל נישט זיין קיין גנב, ציט עס אים ווי מיט אייזערנע צוואַנגען. ער וואָלט יעדן טאָג געגאַנגען צום רבין, אָבער... און ער האָט יאָסלען מיט איינמאָל איצט זייער שטאַרק ליב געקריגן, נאָר דערשראָקן זיך פאַר זיין אויסזעען: ער האָט אים נאָך קיינמאָל נישט געזעען אַזוי...

— קום, מ'וועט שוין באַלד גיין פון דאַווענען!

---

אין שול האָט דער חזן שוין געזונגען „לכה דודי". ווען וואָלף דוד איז אַריינגעקומען, האָט דאָס זינגען זיך אים אַ גאָס געטון אין די אויערן אַריין, אין די אויגן אַריין, אין מויל אַריין, און אין האַלז אַריין. ער איז אַזש פאַרכלינעט געוואָרן. דער ים ליכטיקייט פון די צענדליקער ברענענדיקע ליכט אין די מעשענע הענג-לייכטער, אין די קופערנע עסעס, אין די לייכטער, און די פייערן פון די בליץ-לאָמפּן, האָבן אים שיער נישט בלינד געמאַכט. דאָס אַלץ האָט דורך דער טיר, וועלכע וואָלף דוד האָט געעפנט, זיך אַ ריס געטון אַרויס אינדרויסן, זיך צעטראָגן איבערן מאַרק, איבערן גאַנצן שטעטל.

וואָלף דוד איז אַ צעמישטער געשטאַנען בײַ דער טיר. די קוויטשנדיקע דינע קולעכלעך פון די חדר-יינגלעך, צוזאַמען מיט שטאַרקערע און גרעבערע שטימען פון די עלטערע, וועלכע האָבן דעם חזן צוגעהאָלפן זינגען, האָבן אים פאַרגלישעט. ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז אויך די ווענט זינגען. די היץ פון דער פולער אָנגעפּאַקטער שול מיט די יידן, פון די ברענעדיקע ליכט און לאָמפּן, האָבן אים אַ שלאָג געטון אין קאָפּ אַריין, אַז ער האָט אַזש נישט געקאָנט דעם אָטעם כאַפּן.

די יידן, צוזאַמענגעפּרעסטע, צוזאַמענגעקלעפּטע איינער מיטן אַנדערן, האָבן אויסגעזעען ווי איין גרויסער צעזונגענער שבתדיקער גוף. אַלע, אין שוואַרצע אַטלעסענע קאַפּאָטעס, אין די שטריימלען און אין די סאַמעטינע היטלען, האָבן וואָלף דודן אויסגעזען ווי עפּעס אַ גרויסער באַרג, וועלכער האָט זיך אויפגעהויבן אין דער לופט און שוועבט... ער האָט נישט געקאָנט מיטדאַוונען. און דאָס זינגען איז געוואָרן אַלעמאָל העכער, שטאַרקער. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז די שול אליין זינגט... נאָר פּלוצלינג האָט ער מער נישט געהערט זינגען, כאָטש דאָס זינגען איז, אדרבה, געוואָרן נאָך שטאַרקער. פאַר זיינע אויגן האָבן זיך די פייערלעך פון די ליכט און פון די לאָמפּן צוזאַמענגעגאָסן און אויסגעמישט מיט דעם שווערנדיקן באַרג... ער האָט איצט געזען פאַסן ליכט, וועלכע האָבן זיך געדרייט פאַר זיינע אויגן אין אַ פייערדיק ראָד, און אין דעם ראָד זענען געפלויגן: שטריימלען, צעשטראַלטע פּנימער,

בליצנדיקע אויגן און רויטע, שוואַרצע און ווייסע בערד... די וועגט, האָט זיך אים געדאַכטן, האָבן זיך צערוקט, און חיות און פייגל — די געמעלן פון סופיט — האָבן זיך אויסגעמישט מיט די פייערדיקע פּאַסן, מיט די שטריימלען, מיט די בערד און מיט די פּנימער... און נישט אין דער שול איז ער: ער זעט נישט קיין ווענט, קיין סופיט... ער איז אין הימל... ער זעט דעם רבין... ער טאַנצט מיט אים...

יאָסל האָט געזעען אַן אַנדער בילד: זי... ער שטייט מיט איר אונטער דער חופּה... דאַן, ווי צעשיטע גאָלדענע רענדלעך, האָט אין דער שול געקלונגען: גוט שבת!... גוט שבת!... גוט שבת!...

דער עולם האָט פון דער שול זיך אַרויסגעגאָסן, און ווי כוואַליעס מיטגעריסן וואָלף דודן מיטן זון. דער „גוט שבת" האָט זיך געטראָגן איבערן שטעטל, איבער אַלע גאַסן און געסלעך, אי־בערן מאַרק, און געדאַכטן האָט זיך, אַז די שטערן, וועלכע האָבן אַראָפּגעקוקט פון הימל, האָבן געענטפערט:

— גוט שבת!... גוט שבת!... גוט שבת!...

באַלד האָבן זיך פון שטובן אַרויס געלאָזט הערן פריילעכע שטימען, וואָס האָבן געקלונגען: „שלום עליכם מלאכי השרות..." די שטימען זענען באַלד אונטערגעכאַפּט געוואָרן פון קינדערישע קולעכלעך: מלאכי עליון ממלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא..."

* *

*

זייער פּאַרטראַכט איז יאָסל געווען אַהיימגייענדיק מיטן טאַטן פון דער שול. ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען פאַרן הויז, וווּ דער רבי האָט געוווינט, האָט ער זיך ווידער נישט געקאָנט אָפּ־רייסן פונם פענצטער, אין וועלכן ער האָט פריער געזעען שבעלען. דער טאַטע האָט אים אָבער געצויגן מיט זיך, און ער האָט גע־מוזט גיין.

וואָלף דוד, פריילעכער ווי יעדן שבת, האָט, אהיימקומענ־ דיק — נאָך איידער ער האָט אַריבערגעטרעטן די שוועל — אַרויסגעדונערט זיין „גוט שבת" און צוגערופן דאָס ווייב צום טיש: קום אַהער, גאָלדעו!"

די חברה גנבים זענען אַריינגעקומען און זיך געזעצט אַרום טיש.

# X.

באַם רבין זענען די שטובן געווען פול געפּאַקט מיט יידן, פרויען און מיידלעך זענען געשטאַנען הינטער די פענצטער אין דרויסן. אַזוי איז געווען יעדן פרייטיק צו נאַכטס: מ'איז געקומען הערן דעם רבינס קידוש.

אין דער גרויסער שטוב, וווּ דער רבי איז געשטאַנען, זענען די חסידים געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ. די חסידים אין די אַנדערע שטובן, האָבן דורך די אָפענע טירן קנוילנווייז זיך געהאַלטן אין איין אַריינשטופּן צום רבין. אַלע מיט אָפענע מיילער, מיט בליצנ־ דיקע אויגן און צעפלאַמטע פּנימער, האָבן איינגעהאַלטן דעם אָטעם. דער רבי האָט די אויגן געשלאָסן, פאַרגלאָצט אַרויף, און מיט אַלע כּוחות, מיט ווילדע הויות, זיך געריסן: „ורצה בנו ושבת קדשו באהבה..." זיין פּנים איז געווען צעקרומט, די ציין אינדרויסן. ער האָט זיך געשאָקלט, געוואָרפן. באַלד איז זיין קול אַנדערש געוואָרן, ווי ער וואָלט געוויינט, ווי אַ קליין קינד זיך געבעטן אין הימל פאַרן כּסא של מעלה, דאַן האָט ער מיט שטילער התלהבות געזונגען: „וברצון הנחילנו זכרון למעשה בראשית..." די חסידים אַרום רבין און די חסדים אין די אַנדערע שטובן, די פרויען און מיידלעך אינדרויסן אונטער די פענצטער, האָבן געפילט ווי אַ קעלט גייט זיי איבער דורך די ביינער, עס שווידערט זיי. אויף זייערע פּנימער איז אַרויסגעקומען אַ קאַלטער שווייס. זיי האָבן גע־

פילם, ווי די האָר אויפן קאָפּ שטעלן זיך זיי קאַפּויער, די פּיס ברעכן זיך.

די רביצין איז אין טיפן דרך ארץ געשטאַנען אויף דער שוועל פון דער טיר, וועלכע האָט פון אַ זייטיקן חדר געפירט אין דער גרויסער שטוב אַריין צום רבין. זי האָט אירע אויגן געהאַלטן פרום געשלאָסן — זענען אירע לאַנגע שוואַרצע וויעס אויסגעקומען נאָך געדיכטער. מ׳האָט געקאָנט זען, ווי זי האַלט איין דעם אָטעם, ווייל אַ ווייל־ע האָט זיך איר פולער קיילעכדיקער בוזעם נישט באַוועגן, ווי ער וואָלט געשלאָפן, און דאַן מיט איינמאָל זיך אויפגעהויבן, זיך באַוויזן אין זיין גאַנצער גרייס און הערלעכקייט. אַ הייליקע צניעות איז געווען אויסגעגאָסן אויף אירע דינע רויטע ליפּעלעך, וועלכע זי האָט געהאַלטן פאַרצויגן.

די חסידים האָט זיך געדאַכטן, אַז די ליכט האַלטן איין זייער אָטעם, זיי שטייען שטיל מיט דרך ארץ, ווי מענטשן, און זייערע פייערלעך — אַזעלכע דינע, ווייסע — בעטן מיט מיטן רבין. די זילבערנע און גאָלדענע בעכערס אויף די טישן, די זילבערנע לייכטער און מנורות, די שענק, שפּיגלען — און אויך די ווענט — אַלץ האָט אויסגעזען ווי פאַרגליווערט, ווי דאָס פּנים פונם רבין, וואָס האָט אויסגעזען שטייף פון עקסטאַז.

ס׳איז געווען שטיל, קיין אָטעם האָט מען נישט געהערט. דעם רבינס ביידע טעכטער שבעלע און חוהלע, זענען געשטאַנען לעבן דער מאַמען און אויך געהערט קידוש. חוהלע, אינגאַנצן שוין אַ צעבליטע אין איר מיידלערישער שיינקייט און רייפקייט, האָט אירע אויגן — ווי די מאַמע — געהאַלטן געשלאָסן. זי איז געווען אינגאַנצן אַריינגעראָטן אין דער מוטער, און באַם הערן דעם קידוש האָט זי אויסגעזען ווי זי וואָלט געשמייכלט, קינדעריש געשמייכלט, און געחלומט. . . אירע ליפּעלעך — האַלב אָפן — האָבן אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן ווען געקושט, אָדער זיך געבעטן, אַז מ׳זאָל זיי קושן. . . שבעלע ווידער האָט איצט אויסגעזען ווי אַ הייליקע, נאָר אַ געפּייניקטע. זי האָט זיך געקווטשעט, ווי מ׳וואָלט אויף איר געגאָסן קאַלט וואַסער, אָדער ווי מ׳וואָלט זי געשלאָגן.

דער אויסגעשטערנטער הימל האָט אַריינגעקוקט דורכן פענצטער. די חסידים זענען געשטאַנען פאַרציטערטע. דעם רבינס פּנים האָט אַלעמאָל אויסגעזען אַנדערש: צעריסן, שטראַלנדיק, צעקרומט. די התלהבות פונעם רבין, ביז פאַרגליווערטקייט, איז אַלעמאָל שטאַרקער געוואָרן. אויך די חסידים זענען אַלעמאָל מער פאַרגליווערט געוואָרן, ווי דער נאַכטיקער הימל אינדרויסן, ווי די שטערן, ווי די פייערלעך פון די ברענענדיקע ליכט און לאָמפּן. פון אַלע באַם רבין — צוזאַמען מיט איר — איז איין פאַרגליווערטער גוף געוואָרן.

פון אַ ווינקל אַרויס האָבן זיך אָנגעהויבן ציען צוויי ברענענדיקע בליקן. ווי פייערדיקע שלאַנגען זענען זיי אַרומגעקראָכן איף דער רביצינס פולן בוזעם, אויף אירע שיינע פולע אָרעמס, און דער עיקר — אויף אירע געשלאָסענע אויגן. זי האָט געפילט, ווי זיי ברענען זי מיט תאווה. זי האָט געוווסט ווער זיי זענען, און איר פרום פּנים, לויטער און ווייס ווי מילך, איז ראָזע געוואָרן, זיך באַדעקט מיט יענער שעמעוודיקייט, וועלכע איז דער גרעסטער רייץ און חן פון יעדער פרוי. באַלד אָבער האָבן זיך די צוויי ברענענדיקע בליקן צוזאַמענגעטראָפן מיט נאָך פיר אַזעלכע — פון צוויי בחורים — וועלכע זענען אויך געווען באַהאַלטן אין ווינקלען. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ מלחמה צווישן די דריי פּאָר פייערדיקע בליקן, צווישן די דריי פּאָר גליענדיקע שלאַנגען, וועלכע האָבן זיך געצויגן פון דריי ווינקלען. זיי האָבן זיך געוויקלט און געפלאָכטן, זיך געפלאָנטערט און געביסן, ביז די צוויי פּאָר, שפּעטער צוגעקומענע בליקן, זענען ווי מייזלעך פאַר אַ קאַץ אַנטלאָפן פאַר די ערשטע פּאָר. באַלד זענען זיי אָבער צוריקגעקומען, געזוכט, און געטראָפן. איצט זענען זיי אַרומגעקראָכן אויף חוהלעס בליוזע, אויף איר האַלז. די רביצין מיט דער טאָכטער האָבן זיך נאָך מער צוגעדרוקט איינע צו דער אַנדערער און זיך געטרויסלט. זיי האָבן אין דער סודותדיקער הייליקער שטילקייט אויסגעזען, ווי רויטע רויזן אין אַ גרינעם טאָל, נאָר איינע אַ שטאַרק צעעפנטע שוין, און די אַנדערע אַ קנאָספּע ערשט. ביידע שמעקן, ביידע כּישופן. די רביצין, כאָטש נישט זייער קיין יינגע, האָט אין איר שטערנ-

טיכל, וואָס איז געווען דורכגעפלאָכטן מיט גאָלדענע פעדים און באַזעצט מיט דימאַנטן, וועלכע האָבן געבליצט קייגנאיבער די פּייערלעך פון ליכט, אויסגעזען, ווי די שוועסטער פון אירע טעכ־טער.

ביסלעכווייס האָט שבעלע אָנגעהויבן ווערן אַלעמאָל אומ־געדולדיקער. איר קליינער צאַרטער קינדערישער גוף האָט אָנגע־הויבן צוקן. זי איז געוואָרן אַלעמאָל קלענער, דינער, איינגע־שרומפּענער. זי האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט זיך ערגעץ געוואָלט באַהאַלטן, אַריינשנייפּן זיך אין אַ וואַנט, פאַרשווינדן. זי איז גע־שטאַנען ווי אויף הייסע קוילן, אָדער אויף נאָדלען. די פיר בליקן פון די בחורים, וועלכע זענען די גאַנצע צייט אַרומגעקראָכן אויף איר שוועסטער חוהלע, האָבן אָנגעהויבן שוין אַרומפויזען אויף איר. זיי האָבן אָנגעהויבן אַרומלעקן אירע קליינע קינדערישע אַקסלען. זיי זענען אָבער באַלד פון אירס אַ בליק, ווי פון אַ קאַל־טער בליצנדיקער שווערט, איבערגעשניטן געוואָרן און זענען פאַר־שווונדן. דאַן אָבער האָבן אויף איר אָנגעהויבן זיך אַרומפּלאָנטערן יענע ערשטע פאָר בליקן. זיי האָבן די רביצין שוין געהאַט איינ־גאַנצן אויפגעפרעסן, שוין געהאַט אַרומגעלעקט חוהלען — וועלכע איז מיט איר שיינעם קערפּער אינגאַנצן געלעגן אויף דער מוטערס ווייכן קערפּער — און געוואָלט זיך נעמען אויך צו איר. זיי האָבן צעשרפּהעט, געשיט מיט פלאַמען. שוין האָבן זיי אָנגעהויבן אַרומגריזשען אירע שמאָלע אַקסלען, אַרומלעקן איר דינעם האַלז.

שבעלע האָט זיך אָנגעהויבן ווערן: זי האָט צוזאַמענגעצויגן אירע שמאָלע אַקסלען, אָבער די בליקן האָבן זי נישט געוואָלט אָפּלאָזן. זי האָט געוווּסט, ווער זיי זענען, געוווּסט, אַז זיי קומען פון דער מאַמעס גוף אַראָפּ און געוווּסט, אַז די מאַמע האָט זיך נישט געוועהרט, און אַז אויך איר שוועסטער חוהלע האָט זיך קייגן זיי נישט געוועהרט. איר קאַמף האָט אָנגעהויבן ווערן אַלעמאָל פאַר־צווייפלטער. זי האָט דערפילט, אַז די צוויי פייערדיקע שלאַנגען, וועלכע האָבן זיך איינגעזויגן אין איר האַלז, ווילן קריכן ווייטער אַראָפּ... אינסטינקטיוו האָט זי מיט ביידע הענט זיך אַ כאַפּ גע־

טון צום אויסשניט פון דער בלוזקע פאָרנט, פעסט צוגעהאַלטן, צוגעדריקט מיט דער גאָמבע, אַוועקגעדרייט זיך, אָנגעמאַכט אַ געוויש.

טייל חסידים האָבן שוין אָנגעהויבן מיד ווערן, און אויך די פרויען אײנדרויסן הינטער די פענצטער. אָבער דעם גרעסטן טייל פון די חסידים האָט זיך געדאַכטן, אַז זיי זענען אין הימל מיטן רבין. זיי זענען דאָרט די מלאכים, אַלע הייליקע צדיקים: זיי זיצן אַרום די גאָלדענע טישן, כביכול זיצט אויבן־אָן. נאָר זיי זענען אויפגעוועקט געוואָרן פון זייער זעונג. דער רבי האָט געענדיקט: „מקדש השבת! ...” אַלע האָבן זיך אָנגעהויבן שטופּן און פּאַקן צום טיש: יעדער האָט געוואָלט קריגן אַ ביסל ווײַן פונם קידוש.

ביז האַלבע נאַכט האָט דער רבי געפירט דעם טיש. אַלעמאָל האָט ער אַן אַנדערן חסיד מכבד געווען מיט זמרת זינגען, און אַלע אַרום טיש האָבן צוגעהאָלפן. דאָס זינגען האָט דורך די אָפענע פענצטער זיך געטראָגן איבערן גאַנצן שטעטל. אַלעמאָל זענען נייע חסידים געקומען: זיי זענען געקומען הערן דעם רבין זאָגן תורה.

---

פרײַטיק צו נאַכטס איז וואָלף דוד צום רבין נישט געגאַנגען, אָבער שבת באַטאָג איז ער דאָרט געווען דער ערשטער. מיט יאָסלען באַ דער האַנט איז ער צוגעגאַנגען צום רבין, און אים געזאָגט גוט שבת. דאַן האָט ער זיך אָנגעהויבן גרייטן צו זאָגן דאָס, וואָס ער האָט אינדערהיים באַשלאָסן. אָבער ער האָט עפּעס נישט געקאָנט, און געבליבן שטיין פאַרשעמט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. נאָר ער האָט זיך דאָך געשטאַרקט, געטון זיך אַ גלייך אויס, און אָנגעהויבן:

— רבי! איך האָב מיט אייך עפּעס צו רעדן! איך וויל אייך

עפּעס זאָגן ! היינט באַנאַכט, אָדער מאָרגן — איצט איז דאָך דער הייליקער שבת !

— יאָ, דער הייליקער שבת — האָט אים דער רבי געענטפערט.

די חסידים, וועלכע האָבן ווי אַ שטראָם אָנגעהויבן זיך אַריינגיסן און די רביצין מיטן פּולמיסעק פיש אויף דער שוועל, האָבן אויפגעריסן די אויגן. נאָר וואָלף דוד — אָפּגערעדט — האָט ער זיך מיט אַ גרויסער רויטער קעשענע־פּאַטשיילע אָפּגעווישט דעם שווייס פון שטערן, און געזוכט אַ פּלאַץ ווו זיך אַנידערצוזעצן. ער איז געווען פאַרמאַטערט פון דעם, וואָס ער האָט דעם רבין געזאָגט, ווי ער וואָלט אַן אָנגעלאָדענעם וואָגן אייזן, אָדער מיט זאַלץ, פון אַ טיפער בלאָטע אַרויסגעשלעפּט. ער איז נאָך געשטאַנען, ווייל ער האָט נישט געוווּסט, ווו ער זאָל זיך אַוועקזעצן. נאָר דער רבי, מיט אַ פריילעך פנים, ווי ער וואָלט זיך מיט וואָלף דודן באַזונדערס מתיחס געווען, האָט אים אָנגענומען בּאַ דער האַנט און אים געהייסן אַוועקזעצן לעבן זיך.

— זעץ דיך, וואָלף דוד, זעץ דיך לעבן מיר, בּאַ מיין רעכטער האַנט.

וואָלף דוד איז איצט שוין אינגאַנצן צעמישט געוואָרן. ער האָט געקוקט אויף די מענטשן אין שטוּב, אויף די ווענט — נישט געוווּסט, וואָס ער זאָל טון : זיך זעצן לעבן רבין ? . . . . . דער קאָפּ האָט זיך אים פאַרדרייט. און אַז ער האָט באַשלאָסן : יאָ און זיך געוואָלט אַנידערזעצן, האָט ער עפּעס די שטול מער נישט געזעען, ווי זי וואָלט פון אים אַוועקגעפלויגן. . . ער האָט זיך אָנגעהויבן דרייען אויף אַלע זייטן, געזוכט די שטול, געקוקט אויף יעדן מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, אויב יענער האָט זי אים נישט אַוועקגענומען, ביז ער האָט זי צוריק דערזעען : זי איז געשטאַנען אויף דעם זעלבן אָרט ווי פריער. אַז ער האָט זי דערזעען, האָט ער זיך געטון אַ הייב אויף די פּאָלעס פון דער קאַפּאָטע, ווי ער וואָלט באַדאַרפן אַריבערגיין איבער אַ טייך, אָדער אַריבערשפּרינגען איבער אַ גרוב, און זיך געוואָלט טון אַ זעץ אַנידער. דער קאָפּ האָט זיך אים אָבער אין דער זעלבער רגע ווידער פאַרדרייט,

און ער האָט שוין גאָרנישט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך מיט אים. ער האָט אָנגעהויבן פּינטלען מיט די אויגן, שוין מער קיינעמען נישט געזעען, חוץ די רביצין מיטן פוּלמיסעק פיש אין דער טיר, וועלכע האָט ווי געטאַנצט פאַר זיינע אויגן... ער האָט צו איר אויסגעשטרעקט די הענט, געוואָלט כאַפּן דעם פוּלמיסעק פיש, ער זאָל נישט אַראָפּפאַלן אויף דער ערד... די חסידים האָבן זיך דערשראָקן פאַר זיין אויסזעען איצט, נאָר דער רבי, זעענ- דיק ווי ער וואַקלט זיך, האָט אים אַנידערגעזעצט. יאָסל האָט זיך אַוועקגעזעצט נאָכן טאַטן און יעדן אָנגעהויבן אָפּמעסטן מיט זיינע גרויסע, אין יענעם מאָמענט קינדעריש-ריינע און קלאָרע אויגן.

— עס פיש, וואָלף דוד! — האָט דער רבי אים צוגערוקט דעם טעלער, וועלכן די רביצין האָט פאַר אים אַוועקגע- שטעלט.

וואָלף דוד האָט מיטביידע הענט, אַריבערבייגנדיק זיך איי- בערן טעלער ווי אַ בער, אָנגעהויבן שלינגען די פיש שטיקער- ווייז, מיט די המוציאס חלה, וועלכע זענען פוּל געלעגן אויפן טיש.

די חסידים האָבן זיך געשטופּט און געפּאַקט, זיך געריסן איי- בער די שריים, וואָס דער רבי האָט איבערגעלאָזט. מ'האָט געזונ- גען זמירות. די רביצין האָט אַריינגעטראָגן דעם קוגל. ער איז געווען ברוין און גלאַנציק: די פעטקייט און דער צוקער האָבן זיך געגאָסן פון אים. ס'איז געוואָרן אַ געשריייעריי: „לאָזט אַדורך די רביצין!...

דער גבאי איז צוגעלאָפן נעמען דעם טעלער פון איר, אָבער זי האָט אים נישט געוואָלט געבן: „דעם קוגל טראָג איך אַליין צו צום טיש!... איך אַליין, ווייל דעם קוגל האָב איך אַליין געמאַכט!...״

די היימישע חסידים האָבן איר געגעבן געדעכט: „יאָ, די רביצין אַליין זאָל דעם קוגל צוברענגען צום טיש, זי אַליין!... לאָמיר זעען וואָס די רביצין קאָן, ווי דער קוגל איז איר גע- ראָטן!...״

— שוין איינמאָל געראָטן ! . . . דער קוגל ווייגט ! — זע־
נען די נישט היימישע חסידים אויך שוין היימיש געוואָרן און
געשריגן.

מיט גלאַנציקע אויגן און מיט וואַסער אין מויל, רייבנדיק
זיך די הענט פאַר פרייד, האָבן זיי דעם קוגל מיט די בליקן גע־
שלונגען און נישט אויפגעהערט שרייען : „דער קוגל ווייגט ! . . .
ער גיסט מיט טרערן ! . . .‟

— דער קוגל געראָט נאָך די געסט : סאַרע געסט — אַזאַ
קוגל. . . — האָט די רביצין, חנעוודיק זיך פאַר די חסידים, גע־
שמייכלט.

נאָר פּלוצלינג האָבן זיך דערהערט „פאַרצווייפלטע‟ קולות :
„לאָזט אים נישט ! . . . לאָזט אים נישט ! . . .‟

הערש לייב, דער גמרא־מלמד, איז דער רביצין געגאַנגען
אויסכאַפּן דעם טעלער פון דער האַנט, און אַלע האָבן געשריגן.
אָבער ס׳איז געווען שוין צו שפּעט. ווי פון אַ באַהעלטעניש איז
ער איר אָנגעקומען גלייך אין פּנים אריין, מיט אַ שמייכעלע אין
זיינע ברענענדיקע אויגן, און איר דעם טעלער, נאָך איידער זי
האָט צייט געהאַט אים צו זעען, אַרויסגענומען פון דער האַנט. זי
האָט אַ ציטער געטון, אָבער אַז זי האָט דערזען, אַז דאָס איז
ער — הערש לייב — האָט זיך אַ שמייכעלע איבער אירע ליפּ־
לעך צעגאָסן. זי איז אָבער עפּעס אַ ביסל צעמישט געוואָרן, ווייל
הערש לייב, ווען ער האָט איר אַרויסגענומען דאָס טעלער פון
דער האַנט, האָט איר האַנט דערביי אַזאַ תּאווהדיקן דריק געטון,
אַז אַ היץ איז איר אַזש אַדורך איבערן גאַנצן קערפּער. שטייענ־
דיק בלייבנדיק מיט די ליידיקע הענט, האָט זי אויף אים געקוקט, און
איז רויט געוואָרן. זי האָט אירע שיינע אויגן אַראָפּגעלאָזט צו דער
ערד, געווען ווי עלעקטריזירט : זי האָט זיך דערמאַנט, אַז ווען ער
האָט איר אַרויסגענומען דעם טעלער פון דער האַנט, האָט ער דער־
ווייל זיין האַנט געדריקט צו איר בוזעם. . . זיינע אויגן האָבן זי
אין יענעם מאָמענט באַשיט מיט פייערדיקע פלאַמען, זי געברענט.
איצט האָבן זיך די פּיס אונטער איר געוועצט, זי האָט נישט גע־

קאַנט שטיין. ס'האָט זיך איר געדאַכטן, אַז זי פאַלט, און ער האָט זי געשלונגען מיט די אויגן...

דער עולם האָט געשריגן: „לאָזט אים נישט!... לאָזט אים נישט!..."

נאָר הערש לייב האָט זיך נישט פאַרלוירן איין רגע. ער האָט דער רביצין, ווי אַ מאַן, אַ גלעט געטון איבער אַן אַקסל און איר באַפוילן: „גייט, רביצין, און ברענגט אַריין דעם צווייטן קוגל!... איך וויים, אַז איר האָט נאָך איינעם, אַ לאָקשן-קוגל!..."

ס'איז געוואָרן אַ פרייד צווישן די חסדים: „ס'איז דאָ נאָך אַ קוגל!... אַ לאָקשן-קוגל!... ר' הערש לייב זאָגט!... ער ווייסט וואָס ער זאָגט!..."

די רביצין איז פון הערש לייבס אַ צערטלעכן בליק, בײַ זיין אוועקגיין פון איר, געקומען צו זיך, און מיט אַ שמייכעלע אים נאָכגעקוקט, זי האָט זיך דערמאַנט, ווי ער האָט נעכטן בײַנאַכט באַם קידוש די גאַנצע צייט געקוקט אויף איר, און זיך געחנדלט. זי האָט באַשטעטיקט די חסידים, וואָס הערש לייב האָט געזאָגט, אַז ס'איז דאָ נאָך אַ קוגל. אירע אויגן — ברייט געעפנט — האָבן איצט אַלע אין זייער טיפקייט אַריינגעצויגן. אירע בליקן אָבער האָבן מיט ליבע און איבערגעגעבנקייט באַגלייט הערש לייבן: זיי זענען ווי צוגעשמידט געווען צו זיינע פלייצעס. זי איז געווען באַזיגט איצט, אָבער מיט אירע אויגן האָט זי אַלעמען באַזיגט...

הערש לייב איז מיטן טעלער אין דער האַנט געגאַנגען ווי אַ פעלד-מאַרשאַל מיט דער שווערד. זיין שוואַרצע באָרד ווי קויל, זיין בראָנזן פנים, זיינע גרויסע און שוואַרצע רויבערישע אויגן, ווי בײַ אַן אָדלער, זיין אויסגעבויגענע גרויסע נאָז, ווי אַ שופר, מיט די צעשפּרייטע פליגל — דאָס אַלץ האָט געברענט און געריידט ווערטער. ער האָט דעם קוגל אַנידערגעשטעלט אויפן טיש, און אַ קוק געטון אויפן רבין. דאַן האָט ער יעדן אָפּגעמאָסטן מיט זיין בליק, צעשניטן דעם קוגל אויף שטיקלעך, און באַפוילן:

— נאָר נישט כאַפּן!

יעדן פון די חסידים האָט זיך אין דעם מאָמענט געדאַכטן, אַז דער רבי זעט אויס עפּעס זייער קליין, ס׳איז אַ רחמנות אויף אים: ער וואַרט, אַז הערש לייב זאָל אים געבן זיין חלק קוגל... אַלע זענען געווען שטיל, האָבן זיך קיין ריר נישט געטון, ווי אָפּגעשמיסענע חדר־קינדער... וואָלף יונהציק האָט געקוקט אויף הערש לייבן אויך ווי אַ קינד, נאָר ווי אַזעלכעס, וואָס וויל אין חדר דעם רבין עפּעס זאָגן נאָר ווייסט נישט, וואָס צו טון: יאָ זאָגן, אָדער ניין? נאָר באַלד האָט ער אינגאַנצן חרטה געהאַט אויף דעם געדאַנק, וועלכער איז אים געקומען אין קאָפּ אַריין, אַז הערש לייב — — —

— איך מיין נאָר תמיד — האָט ער זיך פאַרגעוואָרפן — אַז יעדער איז אַזאַ געמיינער מענטש ווי איך. הערש לייב איז דאָך אַ פרומער ייד, ער קען דאָך לערנען, אַ גרויסער מלמד! ער האָט געלערנט מיט יאָסלען, און די רביצין — זי איז דאָך דעם רבינס ווייב!

ער איז גרייט געווען זיך אַליין צו געבן אַ פּאָר געזונטע פּעטש פאַר דעם שלעכטן געדאַנק, וואָס ער האָט געהאַט אויף דער רביצין און הערש לייבן. אָבער די חסידים האָבן געזונגען און ער האָט אָן אַלץ פאַרגעסן. אַלעמאָל העכער און שטאַרקער האָבן זיך צעקלונגען די זמירות: „השומר שבת הבן אם הבת...“

דער רבי האָט מיטביידע הענט אַ פּאַטש געטון אין דער לופּס, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אַרונטער, פאַרריסן די אויגן אינדערהייך, און אַ געשריי געטון: „רבונו של עולם אין הימל!...“ דערנאָך האָט ער ווי אַ קליין קינד זיך געבעטן: „טאַטע זיסער... טאַטע געטרייער...“ און אָנגעהויבן זינגען: „את עמו ישראל לשבת אזן בנעימים...“

דער עולם האָט דאַן נאָך העכער אָנגעהויבן זינגען, אַלע מאָל העכער, שטאַרקער, און אויסגעלאַזט: „בניכם ובנותיכם עבד וגם שפחה...“ באַלד האָבן זיך דאַן דערהערט געשרייען, ווי פריער: „לאָזטס אַדורך די רביצין מיטן קוגל!... מ׳טראָגט נאָך אַ קוגל, דעם לאָקשן־קוגל!...“

נאָר איצט האָט דעם קוגל, נישט די רביצין, נאָר חוהלע

אַריינגעבראַכט. זי האָט דעם טעלער געהאַלטן אינדערהייך, אַז מען זאָל אים איר נישט אַוועקנעמען, און געשריגן: „מאַמעשי!... קום אַהער!... נעם דעם טעלער!...״ די חסידים האָבן זיך מיט איר געריסן, איר געוואָלט אַרויסנעמען דעם טעלער פון דער האַנט, איידער הערש לייב וועט צוקומען, אָבער זי האָט נישט געוואָלט געבן און געשריגן: „איך וועל קיינעם נישט געבן, נאָר דער מאַמעשי!...״ זי האָט זיך געווערט, ווי אַ פאַרליבט מיידל, וועלכע לאָזט זיך נישט אַרומנעמען פון בחור, כדי אים אַזוי־ערנאָך נאָך מער צו רייצן. די רביצין איז צו איר געלאָפן, און איבערן וועג געשריגן: „לאָז דיך נישט חוהלע!... לאָז דיך נישט!...״ אָבער חוהלע האָט איצט דעם טעלער אויך שוין דער מוטער נישט געוואָלט געבן. זי האָט דערזען הערש לייבן גיין צו איר, און געשריגן: „קומט אַהער, ר׳ הערש!... אייך וועל איך געבן!... איר זענט אַ שטאַרקער!...

הערש לייב האָט זיין אָרעם איבער אַלעמענס קעפּ ווי אַ בויגן אויסגעשטרעקט און דעם טעלער, מיט אַ שמייכעלע צו דער רביצין און מיט אַ שטום רעדנדיקן בליק צו חוהלען, אַרויסגענומען פון דער אַרויסגעשטרעקטער שיינער האַנט. די רביצין איז שטיין געבליבן ברוגז. נאָר באַלד איז ווידער געוואָרן אַ געשרייעריי:

— מען טראָגט אַ דריטן קוגל!...

שבעלע איז אַריינגעקומען מיט אַן איבערגעדעקטן טעלער. הערש לייב האָט שוין געוואָלט גיין נעמען בײַ איר דעם קוגל, נאָר אין דער זעלבער רגע האָט די רביצין בײַ שבעלען גענומען דעם טעלער און אים אויפגעדעקט, צווישן די חסידים איז געוואָרן אַ געשרייעריי: „נישט קיין קוגל!... עפּל מיט באַרנעס!... שבת־אויבס!... שבת־אויבס!...״

דער רבי האָט געטיילט שריים. יעדער איינער, באַקומענדיק אַ שטיקל קוגל אין דער האַנט אַריין, האָט עס מיט דער אַנדערער האַנט אונטערגעכאַפּט, און מיט ביידע הענט — אַ גאַרשט קוגל — געפּאַקט אין מויל אַריין. די עלטערע חסידים — די גרויסע בעלי־יחסנים — האָבן מיט די הענט געכאַפּט פון די טעלער אַרויס.

באַלד האָבן דאָס אייגענע געטון אויך די רעשט חסידים. ס׳איז געוואָרן אַ געשטופּעריי, אַ געכאַפּעריי.

שבעלע איז געשטאַנען אַ בלאַסע, ווייס ווי קאַלך, ווי זי וואָלט צו דעם אַלעם נישט געווען צוגעוווינט. דער טומל, און דאָס, וואָס זי האָט געזען אין דער טיר, אַריבערטרעטנדיק די שוועל, האָט זי צוריקגעשטויסן. זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, איר בלאַס פּנים האָט זיך שמערצלעך פאַרקרומט. בושה האָט זי געפילט. האַלטנדיק דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד, האָט זי געזוכט — אַליין נישט וויסנדיק וואָס: אַ וועג, דורך וועלכן זי זאָל קאָנען אַנטלויפן, אַ גרוב זיך אַריינצובאַהאַלטן, אָדער אַ ברוסט, צו וועלכער זי זאָל זיך קאָנען טוליען און וויינען. די רביצין האָט זי אַרומגעהאַלטן, צוגעדריקט צו זיך, אָבער דאָס האָט זי איצט געקוועלט: זי האָט די מוטער איצט געהאַסט, און זיך געריסן פון איר. אָבער זי האָט זיך נישט געקאָנט באַפרייען פון איר, און זיך געקורטשעט אין אירע אָרעמס. די רביצין האָט געמיינט, אַז איר קינד טוליעט זיך צו איר, און זי נאָך שטאַרקער געדריקט צו איר ברוסט. איר מוטערלעך פּנים האָט איצט אַ נייעם חן באַקומען: ליבע און צאַרטקייט. די בליקן פון אירע שיינע אויגן האָט זי געלאָזט רוען אויף איר קינדס קאָפּ.

די חסידים האָבן געזונגען אַלע מאָל העכער, אַלע מאָל שטאַרקער, און אַלע מאָל פרייליכער. אַ גרויסע פרייד האָט זיך געגאָסן: זי איז געפלאָסן פון אַלע זייטן. משה תרצהס האָט געזונגען העכער פון אַלע. ער האָט בלויז נאָר מיט איין אייגל זייטיק געקוקט אויף דער רביצין. זי האָט דאָס געפילט — האָט זי אַ ברוגזע שטייף צוזאַמענגעשנירט אירע שמאַלע דינע ליפּלעך. חוהלע און דער גבאי האָבן אַריינגעטראָגן דאָס פלייש: געבראָטן גענזנס, איינגעפּעקלטע צונג, שעפּסנס, און נאָך אַנדערע פליישן. די חסידים האָבן געזונגען. אינגאַנצן שוין אויסגעטון פון עולם הזה — זענען זיי ווי געשוווּמען אויף כוואַליעס, ווי אויף פליגל געטראָגן — האָבן געשוועבט אין די הימלען. אַ סך האָבן אָבער נישט געקאָנט אָפּרייסן זייערע אויגן פון דעם אַריינגעטראָגענעם פלייש, ס׳האָט זיי געררייצט אין דער נאָז.

די פיר ברענענדיקע בליקן, ווי פייערדיקע שלאַנגען, וועלכע האָבן פרייטיק צו נאַכטס געקעמפּט מיט די ערשטע צוויי, האָבן זיך ווידער גענומען צי'ען פון זייערע ווינקעלעך אַרויס און זיך אָנגעהויבן וויקלען אַרום חוהלען. זיי זענען אָבער באַלד, ווי הירשן אין אַ וואַלד, וואָס האָבן מורא פאַר דער קויל פון יעגער, ווידער פאַרשוווּנדן. ווי אַ טיגער, וועלכער לויערט אויף זיין רויב, האָבן די ערשטע צוויי בליקן אויף זיי געלויערט, געוואָלט זיי פּאַקן, וויסן וועמענס זיי זענען, אָבער זיי האָבן אויך איצט פאַרשפּעטיקט. פאַרדאָס אָבער האָבן זיך יאָסלס בליקן געטראָפן מיט צוויי פון די פיר. ער האָט גלייך געוווּסט, צו וועמען זיי געהערן: ער האָט זיי אין יענעם פאַרטאָג, ווען ער איז אַ גאַנצע נאַכט געשטאַנען הינטער שבעלעס פענצטער, געזען אַרויסקומען פון שטשאָנקעלע. ביידע, יאָסל און שלמהלע, האָבן זיך לאַנג און ערנסט אָנגעקוקט. דאַן האָבן זיי אָבער דערפילט שבעלעס בליקן צווישן זיך, און זיי זענען צעטומלט געוואָרן. יאָסל איז אויפגעשפּרונגען פון שטול, אויפגעריסן די אויגן און אָנגעקוקט שבעלען. זייערע בליקן האָבן זיך ווי שטראָמען פון ימים צונויפגענגעגאָסן.

דאָס זינגען פון די חסידים איז געוואָרן אַלעמאָל שטאַרקער, אַלעמאָל מיט מער מתיקות האָט עס זיך צעגאָסן, און מיטגעריסן מיט זיך אַלע. עס האָבן געזונגען אויך די ווענט, דער סופיט — דאָס גאַנצע הויז. נאָר פאַרשפּעטיקטע חסידים, וועלכע זענען ערשט איצט געקומען צום טיש, האָבן מיט זייער „גוט שבת" איבערגעריסן דאָס זינגען. דער רבי האָט זיי, אַ פריילעכער, אַ צעשטראַלטער, געענטפערט און דאַן געדריקט די הענט פון די, וועלכע האָבן באַזונדערס שיין געזונגען.

— אַ יישר כּוח אייך, ר׳ שמחה!... און אייך, ר׳ משה!... גאָר אויסגעצייכנט געזונגען!... כ׳האָב גאָרנישט געוווּסט, ר׳ משה, אַז איר קאָנט אַזוי שיין זינגען!...

ער האָט ווידער געטיילט שריים. די חסידים האָבן זיך געשטופּט, געפּאַקט, געריסן צום טיש. יעדער האָט געוואָלט באַקומען אַ פּיצל פלייש פון רבין, כאָטש אַ שטיקל ביין. זיי האָבן געכאַפּט

פון די טעלער אַרויס, ווי פריער דעם קוגל. דאַן האָט דער ובּי גענומען אַ בּארגע, און שוין איז מער קיין אויבּס נישט געווען אויפן טיש.

יאָסל האָט זיינע אויגן נישט געקאָנט אָפּרייסן פון שבעלען, און אויך זי אירע פון אים נישט. אים האָט זיך געדאַכטן, אַז ער רעדט מיט איר, הערט יעדעס וואָרט אירס, וואָס זי זאָגט אים, אָבּער ער פאַרשטייט זי נישט. ער, אַ גנב — ווי קאָן ער פאַרשטיין אַ רבינס טאָכטער? און עפּעס איז זי אַזוי הויך געוואָרן מיט איינמאָל, האָט זיך אים געדאַכטן, אַז ער מוז צו איר אַרויפקוקן... זי איז זיינס אַ מאַמע, און ער אירס אַ קינד. ער האָט זיך דערמאַנט אָן דעם חלום, וואָס עס האָט זיך אים אין יענעם פרייטיק פאַרטאָג געחלומט. זיין פרייד איז איצט געווען זייער גרויס: ער איז בּאַ איר אין שטוב!... ער זעט זי!... רעדט מיט איר!... נאָר בּאַלד איז ער ווידער צוריק טרויעריק געוואָרן: ער קאָן זי נישט פאַרשטיין, זי איז אַ רבינס אַ טאָכטער, און ער אַ גנב. נאָר פּלוצים האָט זי אַראָפּגעלאָזט די אויגן צו דער ערד: זי האָט זיך דערמאַנט אָן יוספן, שוין אַזוי לאַנג, אַז זי האָט אים נישט געזעען, ער קוקט מער נישט אַרויס דורכן פענצטער — און ער איז שטיין געבּליבּן, ווי אין יענעם פרייטיק אינדערפרי, אויפגעוועקט פונם חלום. עס האָט זיך אים געדאַכטן, אַז ער הערט נאָך אירע ווערטער, זיי קלינגען אים אין די אויערן, ווי דאָס שפּילן פון אַ פידל, וואָס ער האָט אַמאָל געהערט. אָבּער ער איז אַלעמאָל טרויעריקער געוואָרן, ס'האָט זיך אים געדאַכטן, אַז ער זאָגט איר: „שבעלע!... דו בּיסט אַ רבּינס אַ טאָכטער!... אַ הייליקע!... דו דאַרפסט טאַנצן!... ווען איך זאָל זיין אַ רבינס אַ זון, נישט קיין גנב" — —

אין דעם מאָמענט איז שבעלע אַרויסגעגאַנגען. ער איז שטיין געבּליבּן בּלאַס, ווי מען וואָלט אים אַ מעסער אין האַרץ אַריינגעשטאָכן. ער האָט אָנגעהויבּן זוכן די צווי בּליקן, מיט וועלכע ער האָט זיך פריער געטראָפן, שלמהלען. ער האָט דאָך געלערנט מיט אים אַמאָל אין איין הדר... הייַנט איז ער אַ גנב און שלמהלע וועט ווערן אַ רב... און ער האָט בּאַ זיך בּאַשלאָסן, אַז ער וועט

צוגיין צו שלמהלען, און וועט אים זאָגן: „דו, שלמהלע, וועסט חתונה האָבן מיט שבעלען. דו לערנסט דאָך אין בית המדרש, וועסט זיין אַ רב. איך — —

דער רבי האָט אָנגעהויבן זאָגן תורה, און די חסידים זענען אַלע מיט איינמאָל שטיל געוואָרן. אַלע זענען שטיין געבליבן גלייך, האָבן איינגעהאַלטן דעם אָטעם. יאָסל האָט זיך צוריק אַנידערגע־זעצט לעבן טאַטן, ווו ער איז פריער געזעסן. די רביצין האָט גע־שלאָסן די אויגן, און אויסגעזען ווי אַ הייליקע אין שלאָף. אירע הענט האָט זי געלאָזט פאַלן אין רו. חוהלע האָט אַרומגענומען די מאַמעשי, זיך געטוליעט צו איר, און אויסגעזען, ווי זי וואָלט געוואָלט הערן דעם טאַטעשיס תורה, אָבער זי האָט געזוכט יענע פיר בליקן. דער רבי האָט זיך געפּלאָנטערט אין דער תורה מער ווי יעדן שבת. אַלעמאָל האָט ער אָנגעהויבן מיט אַן אַנדערן פּסוק, נאָר דעם געדאַנק, וועלכן ער האָט געוואָלט אַרויסברענגען, האָט ער בשום אופן נישט געקענט. ער האָט זיך געמאַטערט, ווייל אַנדערע געדאַנקען, בייזע ווי שלאַנגען, האָבן געפּיקט זיין מח. ער האָט מיט זיי מלחמה געהאַלטן, געשריגן: „יידן! היינט איז שבת בראשית, היינט...״ נאָר ער האָט זיך באַלד פאַרפּלאָנטערט, און דאַן אָנגעהויבן: „בראשית ברא אלהים את השמים ואת הארץ... גאָט האָט באַשאַפן הימל און ערד... והארץ, און די ערד, היתה תהו ובהו איז געווען וויסט און לער, וויסט און לער...״

די חסידים האָבן דערשראָקענע אויפגעריסן די אויגן, נישט געגלייבט זייערע אויערן. דער רבי האָט זיך געריבן דעם שטערן, און געשריגן: „וחשך על פני תהום...״ נאָר ער האָט ווייטער נישט געקאָנט, און ווידער אָנגעהויבן מיט אַן אַנדערן פּסוק: ורוח אלהים... און גאָטס גייסט... יאָ, גאָטס גייסט... מרחפת... האָט געשוועבט...״

די חסידים האָבן געציטערט פאַר שרעק. זיי האָבן מיט די בליקן זיך געפרעגט איינער דעם אַנדערן, וואָס דאָס קען באַדייטן. נאָר דער רבי האָט ווייטער געזאָגט תורה, נישט געוואָלט זיך אונ־טערגעבן די בייזע שלאַנגען, וועלכע האָבן איס געריסן און זיך געהאַלטן אין איין פּלאָנטערן.

— ויאמר אלהים יהי אור... גאָט האָט געזאָגט, אַז עס זאָל ווערן ליכטיק... ויהי אור... איז געוואָרן ליכטיק...

אָבער אויך איבער דעם פּסוק האָט ער נישט געקאָנט לאַנג זאָגן. ער האָט זיך געריבן דעם שטערן, זיין פּנים איז אַלעמאָל פינצטערער געוואָרן, פאַרשטיינערטער, צעריסענער. די חסידים האָבן געוווּסט, ווו זיי זענען. פּלוצלינג האָט ער מיט ברען, ווי ער וואָלט שוין דעם פאָדעם געפונען, ווידער אָנגעהויבן: „ויברא אלהים את האדם, בצלמו בצלם אלהים ברא אותו, זכר ונקבה... זכר ונקבה..." נאָר איצט, באַ די לעצטע צוויי ווערטער, האָט ער ערשט אמתדיק דערפילט, ווי די בייזע מחשבות פייניקן אים, ווי זיי פּרעסן זיינע געהירן, ווי גיפטיקע שלאַנגען. ער האָט אָנגעהויבן מיט אַ נייעם פּסוק: „ויאמר ד' אלהים, לא טוב היות האדם לבדו, אעשה לו עזר כנגדו. כ'וועל אים באַשאַפן אַ העלפער — קייגן אים!... אַ העלפער, וואָס וועט גיין קייגן אים... און פון זיינס אַ ריפּ האָט ער זי געשאַפן, ווען ער איז געשלאָפן, אַז זי זאָל זיין אַן עזר — כנגדו!... און אדם האָט געזאָגט: עצם מעצמי ובשר מבשרי... ער האָט איר געגלייבט, ביז די שלאַנג האָט זיך אַנטפּלעקט, און... ניין, יידן! כ'קאָן דעם שבת נישט זאָגן קיין תורה! ס'שטייט ווייטער: ויקרא ד' אלהים על האדם, ויאמר לו איכה?!..."

ער איז פאַרטומלט געוואָרן. די חסידים האָבן אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זיי האָבן געזען, אַז מיטן רבין איז עפּעס דעם שבת. ס'איז געוואָרן אַ שרעקלעכע שטילקייט, אַ שרעקלעכע טרויעריקייט אין אַלע שטובן. נאָר דאָס האָט נישט לאַנג געדויערט: דער גבאי האָט באַלד אַריינגעבראַכט אַ קויש וויין, און די שטימונג איז געוואָרן אַן אַנדערע. צוויי חסידים, וועלכע זענען געווינט געווען צו עפענען די פלעשער, האָבן זיך אַ נעם געטון צו דער אַרבעט. וואָלף דוד האָט אַ קוק געטון מיט איין אייגל, און דערקענט דעם קויש מיט די פלעשער, וואָס ער האָט געבראַכט. נאָר אים איז נישט געפעלן, אַז די צוויי חסידים עפענען די פלעשער, און זיי אַרויסגענומען די קאָרקנציערס פון די הענט: „גיט אַהער! איר קענט נישט עפענען!"

די קאָרקעס זענען באַ אים געשפּרונגען איינע נאָך די אַנ-

זערע. באַ יעדן עפענען אַ פלאַש האָט אַ קנאַק געטון, ווי אַ ביקס וואָלט אויסגעשאָסן. צייט איין מינוט איז דער טיש פול געוואָרן מיט די געעפנטע פלעשער וויין. די רביצין און חווהלע האָבן אריינגעבראַכט סערוויזן: זילבערנע און גאָלדענע בעכערס, וועלכע זענען באַלד אָנגעפילט געוואָרן מיט וויין.

— לחיים!...

— לחיים!...

עטלעכע חסידים, באַמערקנדיק, אַז עס הייבט זיך אָן אַ געשטופעריי און אַ געכאַפעריי, ווי באַם עסן, האָבן זיך אוועקגעשטעלט אויף דער וואַך האַלטן אָרדנונג. זיי האָבן איבערגענומען די אָפענע פלעשער אין זייערע הענט אַריין, און געטיילט. איינער דעם אַנדערן האָט דערלאַנגט דעם דערלאַנגטן בעכער, הענט האָבן זיך געשטרעקט איבער הענט, איבער קעפ, איבער פלייצעס, און בעכער וויין זענען אַרומגעפלויגן אין דער לופטן. פון אַלע זייטן האָבן זיך געריסן הענט צום רבין:

— לחיים, רבי!...

— לחיים!...

אַז אַלע זענען שוין געווען גוט בגילופן, האָט זיך אָנגעהויבן אַ טענצל. איינער האָט אַ געשריי געטון: „אַרום טיש!..." אַ צווייטער: „דעם רבין אין מיטן אַריין!..." אַ דריטער: דעם טיש אַרויס!...

וואָלף דוד האָט אין זיך דערפילט אַ ווילדן כוח, און ער האָט אַ כאַפ געטון דעם גאַנצן לאַנגן טיש, און איינער אַליין האָט ער אים איבער אַלעמענס קעפ געטראָגן אַרויס אינדרויסן. פון די אַנדערע שטובן האָבן זיך באַלד אַ לאַז געטון אַלע, וועלכע זענען דאָרט געווען, ס'איז געוואָרן שרעקלעך ענג אין דער גרויסער שטוב, אָבער אַלע איינעם, מיטן רבין אין מיטן, האָבן געטאַנצט אַ רעדל.

וואָלף דוד איז צוריק אַריינגעקומען. ער האָט דערזען ווי מען טאַנצט, און איז שטיין געבליבן אַ צעמישטער. נאָר ער האָט נישט לאַנג געקלערט, אַריינגעריסן זיך צווישן אַלע, און אָנגעהויבן טאַנצן. די גרויסע רויטע באָרד זיינע, צעפלאָשעט און צעשפּאָלטן

אין צוויי טיילן, האָט זיך צעוואָרפן אויף ביידע אַקסלען, און אויס־ געזעען ווי גאָלדענע שליפעס באַ אַ גענעראַל. די פּאָלעס פון דער קאַפּאָטע צעשפּרייט — זענען געפלויגן אין דער לופטן. העכער פון אַלע, ברייטער, מיט די ווילד־ברענענדיקע אויגן און מיט יאָסלען באַ דער האַנט — האָט ער אויסגעזעען ווי אַ טאַנצנ־ דיקער באַרג.

דאָס ראָד האָט זיך געדרייט. אַז איינער איז מיד געוואָרן און אויפגעהערט טאַנצן, זענען באַלד אַנדערע דריי אויף זיין אָרט געקומען. דאָס ראָד איז געוואָרן אַלעמאָל גרעסער, און דאָס טאַנצן אַלעמאָל שטאַרקער. אַלע האָבן געזונגען. דער רבי — אין די עולמות עליונים — האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אַרונטער, פאַרמאַכט די אויגן, און אַלעמאָל אין אַלץ גרעסערע התפעלות גערופן: „שבת היום!... שבת לד׳!...

הינטער די פענצטער זענען געשטאַנען פרויען, מיידלעך, אויך קריסטן, און אַריינגעקוקט. דער ווייַן איז געווען פול אויף דער פאָדלאָגע — מ׳האָט געטאַנצט אין אַ פּליעטש. ד׳י רביצין און חוהלע האָבן זיך אַלעמאָל מער גערוקט צו דער וואַנט מ׳זאָל זיי נישט צעטרעטן. דאָס טאַנצן איז געוואָרן אַלעמאָל ווילדער־ פאַרגעסענער. ערשט, ווען ס׳איז געוואָרן גוט טונקל, האָט מען אויפגעהערט. ס׳איז געווען שוין שפּעט, שוין באַלד געהאַט פאַר־ שפּעטיקט מנחה.

וואָלף דוד איז געווען איינגאַנצן צעקאָכט. ער האָט נישט געוווּסט, וואָס ער זאָל טון, און אַ פרעג געטון דעם זון: „נו, יאָסל?

. . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . .

* *

*

ווען אַלע האָבן זיך אין דער פינצטער געזעצט עסן שלוש סעידות, מ׳האָט געזונגען „בני היכלא דכסיפן“, אַזוי טרויעריק — האָט מען דערפילט, אַז עפּעס אַ טרויעריקע פאַרבענקטקייט בלאָנ־

דזשעט אַרום אינם בין השמשות. שבעלע האָט שטיל געעפנט די
טיר, און ווי אַ סוד איז אַריינגעקומען אַ ייד, וועלכער האָט גע
פירט אַ קראַנקן בחור באַ דער האַנט. דער ייִנגערמאַן האָט גע־
קוקט מיט זיינע שרעקלעכע אויגן, און אַלעמען איז דורכגעגאַנגען
אַ שוידער דורך די ביינער.

## XI.

דער ייד, מיט דעם קראַנקן זון, האָבן זיך אויפגעהאַלטן באַ
ר׳ אייזשען אין דער אכסניה. דאָרט זענען די שטובן געווען פול
מיט מענטשן. הינטערן פענצטער פונם צימערל, ווו דער ייד מיטן
קראַנקן זון האָבן געהאַט זייער וווינונג, זענען פון דער פרי אָן
געשטאַנען יידן און ווייבער, עלטערע און ייִנגערע, און קינדער.
אין דער שענק איז געווען אַ שרעקלעכער ליאַרם און טומל. ער
האָט זיך אויסגעמישט מיטן ליאַרם און טומל אינדרויסן. ר׳ אייזשע,
זיינע זון און טעכטער, איידעמעס און שנירן, אייניקלעך און אור־
אייניקלעך, און אפילו די אַלטע — דאָס ווייב זיינס — האָבן גע־
האַלטן אין איין צאַפּן ביער פון די דריי גרויסע פעסער, און דער
לאַנגט דעם עולם. די יידן, וועלכע האָבן קיינמאָל אין זייער לעבן
קיין גלאָז ביער נישט געטרונקען, האָבן זיך פאַרקרומט באַ יעדן
זיפּ, וואָס זיי האָבן געטון פון דער ביטערער משקה. דער רויך פון
די פּאַפּיראָסן און ליולקעס איז געווען שרעקלעך, אַז איינער דעם
אַנדערן האָט כמעט נישט געקאָנט זעען. די לופט איז געווען אַ
זויערע, אַ שטיקנדע פון ביער און בראָנפן, און פון הערינג מיט
ציבעלעס און עסיק. אַז מ׳האָט געעפנט די טיר, ווען ס׳איז ווער
אַריינגעקומען, האָט אַ געדיכטע פּאַרע, ווי פון אַ באָד, אַרויסגעוואַ־
ליעט. אַלע האָבן זיך געשפּאַרט, געריסן און געהיצט וועגן דעם
דיבוק, וואָס דער ייִנגערמאַן האָט אין זיך. באַ יעדן זענען די אויגן

געוועז אויפגעריסן, האָבן געבליצט, ווי ער אַליין וואָלט געהאַט אַ דיבוק אין זיך.

דער מאַרק, וווּ דער רבי האָט געוווינט, איז געווען שוואַרץ פון מענטשן. אַ פרוי, אַז זי האָט געוואָלט געפינען איר מאַן, האָט זי אים אין יענעם טאָג געפונען: אָדער אין ר׳ אייזשעס שענק, אָדער אין מאַרק פאַרן רבינס הויז. דאָס אייגענע איז אויך געווען פאַרקערט: אַז אַ מאַן האָט געוואָלט געפינען זיין פרוי. אויפן וועג, וועלכער האָט געפירט פון רבין אין ר׳ אייזשעס שענק אַריין, זענען צעהיצטע געלאָפן אַהין און צוריק. איינער באַם אַנדערן האָט אַ פרעג געטון: „נו, וואָס הערט זיך?" און נאָך איידער ער האָט באַקומען דעם ענטפער: „שוין באַלד", איז ער געלאָפן ווייטער. אַ סך האָבן איבערן וועג גערעדט צו זיך, געמאַכט מיט די הענט, געקרימט מיטן פנים. גאָרנישט געפילט, אַז ס׳איז ווינטער, אַז עס רייסט אַ בייזער שניידנדיקער ווינט. די פראָסט האָט געכאַפט אַלעמאָל שטאַרקער, געריסן אין פנים, געשטשיפּעט אין די אויערן, און דער דראָבנער האַרטער שניי האָט געיאָגט אין די אויגן אַריין. זיי האָט דאָס אַלץ נישט געאַרט. זיי זענען געלאָפן מיט צעקנעפּלטע קאַפּעטעס, די היטלען אַרויפגערוקט.

ר׳ אייזשע — רער בעל־אכסניה — איז געווען אַ פשוטער ייד. פריער האָט ער געהאַנדלט מיט פלאַקס, מיט פאַרטיקע טאַשמעס און געהאַט שיין פרנסה. נאָך דערנאָך, אַז מען האָט אינם שטעטל אויפגעשטעלט פאַבריקן, איז ער געבליבן אָן פרנסה. ער איז שוין געווען אַ ייד אין די יאָרן, און נישט געהאַלטן פון קיין פאַבריקן. ער האָט נישט געקענט פאַרטראָגן קיין רוישן, לויפן — הו, האַ. ער האָט ליב געהאַט שטיל און געלאָסן צו קויפן באַ אַ פויער אַ ביסל פלאַקס, עס אַוועקגעבן די גויים אויסצואַרבעטן אויף זייערע האַנט־שטולן, און דערנאָך די פאַרטיקע טאַשמעס — פאַר וועלכע ער האָט געקענט גאַראַנטירן, געוווּסט באַ זיך, אַז זיי זענען שיין און גוט — האָט ער פאַרקויפט אַן אַלטן סוחר, וועלכער האָט אויך, ווי ער, ליב געהאַט צו האַנדלען מיט שיינע און גוטע סחורה. אָבער זייער ווייניק זענען איבערגעבליבן אַזעלכע סוחרים, וואָס זאָלן וועלן צאָלן טייערער, אַבי האָבן שיינע און גוטע סחורה.

די פאַבריקן האָבן קאָנקורירט. האָבן פאַרפלייצט מיט טאַשמעס די גאַנצע וועלט און בחצי חינם. האָט ר׳ אייזשע, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויס בני־בית, זיך אויפגעמאַכט אַן אכסניה. קיין לערנער איז ער נישט געווען, אויך נישט קיין הסיד. ס׳האָט זיך אים אפילו זייער שטאַרק געבענקט צו אַ רבין. ער פלעגט דאָך מיטן טאַטן, וועלכער איז געווען זייער אַ שטאַרקער חסיד, בחזרווייז תמיד מיטפאָרן צום רב׳ן, און דאָרט פאַרברענגט גאַנצע וואָכן. אָבער ער קען היינט נישט געפינען אַזאַ רבין, ווי יענער איז געווען. פון דעם איצטיקן אינגם שטעטל האָט ער נישט געוווּסט, וואָס ער זאָל טון: האַלטן פון אים, אָדער נישט. ער האָט געהויבן מיט די אַקסלען, אַז מ׳האָט אים געפרעגט זיין מיינונג:

— כ׳ווייס נישט.

ער האָט די געסט דערציילט וועגן דעם ייד, וועלכער איז געקומען מיטן זון צום רבין, אַז ער זאָל פון אים אַרויסטרייבן דעם דיבוק, און בּאַ אים געהאַט סטאַנציע: „ער איז פון דער קירהשער גרענעץ, דער ייד, זייער אַ רייכער. דער זון זיינער איז אַ גרויסער עילוי, דער גרעסטער לערנער אין זיין שטאָט. ער האָט געעוסקט מיט קבלה און דורך אַ פאַלשן שם. . .”

די יידן האָבן שרעקלעך אויפגעריסן די אויגן, געקוקט ר׳ אייזשען אין מויל אַריין, ווי ער דערציילט:

— דער יינגערמאַן האָט דורך אַ שם זיך געוואָלט פאַרבינדן מיט אַ גרויסן צדיק, אַ גאון, וועלכער האָט אַ מאָל געלעבט אין זייער שטאָט. ער האָט דורך דער נשמה פון דעם גרויסן צדיק געוואָלט געוווּיר ווערן וועגן יענער וועלט. האָט פּלוצלינג די דאָזיקע נשמה אָנגעהויבן אַרויסרעדן פון אים. נאָר טייל יידן אין יענער שטאָט זאָגן — אַזוי דערציילט דער פאָטער — אַז דאָס קול, וואָס רעדט אַרויס פון זיין זון, איז דאָס קול פון אַ זינדיקן, וועלכער האָט אויך אַ מאָל געלעבט אין יענער שטאָט, נאָר אַ סך שפּעטער פונם צדיק. און שוין באַלד אַ האַלב יאָר, אַז דער יינגערמאַן האָט דעם דיבוק אין זיך.

בּאַ די יידן האָבן זיך אויפגעשטעלט האָר און נעגל.

— כ׳האָב אַליין גערעדט מיטן יינגנמאַן. — האָט ר׳ איי-

ישע ווייטער דערציילט. — מיר האָט זיך געדאַכטן, אַז אייגנטלעך איז עס גאָרנישט דער דיבוק, וואָס רעדט אַרויס פונם ייִנגנמאַן, ווייל ביידע שטימען — אי דאָס דינע קול, אי דאָס גראָבע — זע־נען ביידע דעם ייִנגנמאַנס.

— דאָס קאָנט איר שוין נישט וויסן, ר׳ אייזשע! — האָבן אַלע אין איין קול אים איבערגעריסן.

פּלוצלינג איז אינדרויסן געוואָרן אַ געלויפעריי. די יידן אין דער שענק האָבן זיך אָנגעהויבן שטופּן און פּאַקן צו די פענצטער, און געשריגן: „זיי גייען שוין! ... זיי גייען שוין! ...

די, וועלכע זענען אינדרויסן פאַר דער שענק געשטאַנען, זענען געלאָפן ווי משוגע. כמעט אַלע מיט אָפענע מיילער, מיט אַרויסגעקראָכענע אויגן פון די לעכער. פון דער שענק זענען אַלע אַרויסגעלאָפן. זיי האָבן זיך געפּאַקט און געשטופּט צום גאַנעקל. וואָס איז אינדרויסן געווען רעכטס, אויף עטלעכע געמויערטע טרעפּ אַרויפצוגיין. אַ טיר פון דעם גאַנעקל האָט געפירט אין דעם צימערל אַריין, ווו דער ייד מיטן קראַנקן זון האָבן זיך געפונען. עס האָט זיך געדוכטן, אַז זיי שלינגען איין די דאָזיקע טיר מיט זייערע אויפגעריסענע אויגן. מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם האָבן אַלע געוואַרט, אַז די טיר זאָל זיך עפענען. ווען זי האָט זיך געעפנט, איז אַלעמען דורכגעגאַנגען אַ ציטער איבערן לייב.

אַ ייד, ווייס און פאַרמאַטערט פונם כסדרדיקן אַרומפאָרן מיטן קראַנקן זון צו דאָקטוירים און רביים, מיט אַריינגעקראָכענע אויגן אין מח, איז אַרויסגעקומען. ער האָט אויסגעזען זייער ערנסט און באַזאָרגט, שלאַנק, און מיט אַ שוואַרצער באָרד. דעם קראַנקן זון האָט ער געפירט בײַ דער האַנט. דאָס איז געווען אַ הויכעס ייִנגערמאַן, נאָך שלאַנקער פונם פאָטער, זייער דאַר, דאָס פּנים בלאַס, אָן אַ טראָפּן בלוט, און אָפּגעצערט. גרויסע פייערדיקע אויגן, וועלכע האָבן געברענט מיט אַ שרעקלעך פייער. לאַנגע גע־קרייזלטע פאות, שוואַרץ־זיידענע הערלעך אויפן לאַנגן אויסגעצויי־גענעם פּנים, און אין אַ שוואַרצער לאַנגער קאַפּאָטע.

דער עולם האָט זיך געשפּאָלטן אין צוויי רייען, און גע־פירט צווישן זיך דעם ייד מיטן קראַנקן בחור צום רבין. דאָרט

האָבן זיי זיך צונויפגעזאַמלט מיט דעם עולם, וועלכער איז פון דער פרי אָן דאָרט געשטאַנען. באַלד האָבן אָנגעהויבן לויפן מענטשן פון אַלע זייטן, אַז דער מאַרק איז אַזש שוואַרץ געוואָרן. אהרן ברוך, דער שמש, האָט געשריגן: „לאָזטס אַדורך!..."
— אַ וועג!... אַ וועג!...

---

אין אַלטן פינצטערן קאָרידאָר פון אַלטן געמויערטן הויז, וווּ דער רבי האָט געוווינט, זענען פאַרשווונדן: אהרן ברוך דער שמש און דער ייד מיטן קראַנקן זון. אַ שטילקייט. יעדן האָט זיך גע־דאָכטן, אַז ער קאָן די שטילקייט אָנטאַפּן מיט דער האַנט. די נאַכט איז צוגעפאַלן אומבאַמערקט, און פון דעם פינצטערן קאָרי־דאָר אַרויס האָט אָנגעהויבן שלאָגן אַ שרעקלעכע אימה. כמעט יעדן האָט זיך געדאָכטן, אַז דאָס ראָט־הויז אין מיטן מאַרק מיטן בלעכערנעם האָן אויפן שפּיץ דאַך, וועלכער האָט זיך געדרייט מיט אַ שרעקלעכער גיכקייט און געראַשט, האָט אָנגעהויבן וואַקסן, איז געוואָרן אַלעמאָל גרעסער. באַלד האָט דער פחד, וועלכער האָט געשלאָגן פונם לאַנגן פינצטערן קאָרידאָר אַרויס, אָנגעהויבן זיך פאַרוואַנדלען אין אַ מוראדיקן סוד. דער זעלבער סוד האָט זיך אויך אָנגעהויבן גיסן דורך די פענצטער פונם רבינס שטוב, אין וועלכער ס'איז נאָך געווען פינצטער. דער סוד האָט אַלעמאָל אָנ־געהויבן שווערער, געדיכטער, ער האָט זיך אָנגעהויבן וועבן און שפּינען, און שוין האָט ער די גאַנצע שטאָט: די הייזער, די פאַב־ריקן מיט די הויכע קוימענס, דעם וואַלד און דעם טייך הינטער דער שטאָט — אַרומגעהילט.

אין די פענצטער פון רבינס שטוב איז ליכטיק געוואָרן. דער פחד צווישן עולם איז אָבער נאָך גרעסער געוואָרן. יעדן האָט זיך געדאָכטן, אַז ער זעט שרעקלעכע געשטאַלטן קריכן פון אַלע זייטן. אַלע האָבן אויפגעשטעלט די אויערן: ס'האָט זיך זיי געדאָכטן, אַז זיי הערן רעדן באַם רבין, באַלד וועלן זיי הערן

שופר בלאָזן. און באַלד האָט זיך זיי געדאַכטן, אַז זיי הערן : תקיעה. . . שברים. . . תּרועה. . . יעדער האָט געפּילט, ווי די קולות פונעם שופר קריכן אים אַרום אין די אויערן, ער הערט, ווי דער רבי שרייט צום דיבוק, אַז ער זאָל אַרויס פונעם יינגנמאַן, אָבער דער דיבוק וויל נישט פאָלגן. דער רבי ווערט בייז, און ער הייסט בלאָזן אַ תּקיעה גדולה.

נאָך שטאַרקער האָט יעדער אָנגעשטרענגט זיינע אויערן, און ס׳האָט זיך אים געדאַכטן, אַז ער האָט געהערט אַ קוויטש : דער דיבוק איז אַרויס פונעם יינגנמאַן. באַלד אָבער זענען אַלע מיד געוואָרן, דערפילט, ווי עס שטעכט זיי אין די אויערן, זיי קאָנען נישט אָטעמען. דאַן, נאָך אַ לאַנגער שטילקייט, האָבן אַלע דייטלעך טאַקע דערהערט דעם רבינס קול. יעדער האָט אויפסניי אָנגעשטרענגט די אויערן, אַז ער זאָל איין וואָרט, וואָס דער רבי וועט זאָגן דעם דיבוק און דער דיבוק וועט ענטפערן דעם רבין, נישט פאַרלירן. דער רבי האָט געפרעגט, און דער יינגערמאַן האָט געענטפערט. ער האָט געענטפערט אַלעמאָל מיט אַן אַנדער קול : מיט אַ גראָב קול, און אַמאָל מיט אַ דין קראַנק קול. ווען ער האָט גערעדט מיטן גראָבן קול, האָט ער געשריגן און די יידן אינדרויסן האָבן געמיינט, אַז דאָס קול קומט פון זיין בויך אַרויס, אָדער פון יענער וועלט. זיי האָבן געציטערט, געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן. דער יינגערמאַן האָט געשריגן :

— נישטאָ קיין יענע וועלט, און קיין גאָט אויף יענער וועלט ! בלויז אַ די־וועלט איז דאָ, און דאָ אין דער וועלט איז אַלץ ! דאָס גהינום און דאָס גן עדן, די מלאכים און די שדים, די שכינה און די מלכּה שבא, גאָט און אשמדאי !

פאַרציטערטע פון אַזעלכע ווערטער, האָבן זיך די יידן צו־זאַמענגערוקט נענטער איינער צום אַנדערן, און מיט שרעק גע־שעפּטשעט : „ער האָט דערמאָנט די שדים. . . די מלכּה שבא און אשמדאי. . ."

דער רבי האָט געפרעגט דעם יינגנמאַן : „ווו האָסטו דאָס געלערנט ?" און געשריגן : „דו ווייסט נישט, וואָס דו רעדסט ! דיין נשמה בלאָנדזשעט אַרום אין עולם התּוהו ! וועגן גאָט זאָלסטו

נישט רעדן, ווייל דו פאַרשטייסט נישט גאָט, קענסט אים נישט באַגרייפן!"

דער יינגערמאַן, מיט זיין גראָב קול, האָט דעם רבין גע-ענטפערט: „איך האָב אַלץ געלערנט, און אַלץ, וואָס איך האָב געלערנט, איז פאַלש! אַלץ, וואָסש טייט אין דער תורה, איז ליגנט! אַלע ספרים, וואָס מענטשן האָבן געשריבן, און אַלץ, וואָס מענטשן זאָגן, איז שקר!"

דער רבי איז בייז געוואָרן, און געקלאַפּט אין טיש אַריין: „פאַלש האָסטו געלערנט און פאַלש פאַרשטאַנען!"

אַ שוידער איז דורכגעגאַנגען דורך די ביינער פון די, וואָס זענען געשטאַנען אינדרויסן. באַלד האָט דאָס דינע קראַנקע קול פונם יינגנמאַן אָנגעהויבן רעדן. ער האָט זיך געבעטן, געוויינט. די ווערטער, אָפּגעהאַקטע, האָבן געציטערט.

— רבי... דאָרט, אין הימל, איז דאָ אַן אַנדערע וועלט... אַ שענערע... משיח וועט קומען אויסלייזן אויף די וועלט, די זינדיקע... דאָ איז אַן עולם התוהו... די מענטשן בלאָנדזשען אַרום... זיי ליידן חיבוט הקבר... רבי!...' איך קען נישט מער!... איך האָב געגלויבט!... און איצט...

זיין יאָמערלעך געוויין האָט זיך געטראָגן אין דער פינ-צטערניש פון דער נאַכט. די יידן האָבן מיטגעוויינט. נאָר באַלד האָט דער יינגערמאַן זיך צעשריגן מיט זיין גראָב קול: „אַ נייע וועלט וועל איך באַשאַפן! אינגאַנצן אַ נייע וועלט, אַ תורה, און אַ נייעם הימל! איך וועל באַשאַפן אַ הימל אָן וואָלקנס, אַ גן עדן אָן אַ גהינום, מלאכים אָן שדים, און אַ תורה אָן ווערטער! אַ נייעם אַלף בית וועל איך באַשאַפן! דער מענטש וועט נישט לער-נען און וועט אַלץ וויסן, ער וועט טון אַלץ און וועט נישט זינ-דיקן! ער וועט בלויז שאַפן, און נישט צעשטערן! ער וועט נישט גלייבן אין קיין גאָט, און וועט האָבן אַ גאָט!"

די אַלע ווערטער האָבן די יידן געהערט, אָבער זיי האָבן זיי נישט פאַרשטאַנען. זיי האָבן זיך דעריבער נישט געגלייבט, אַז זיי האָבן דידאָזיקע ווערטער געהערט. דער רבי האָט געשריגן מיט אַלע כוחות:

— דיבוק! די ביסט די נשמה פון אַ גרויסן צדיק, אָבער דער קאָפּ, אין וועמענס גוף די ביסט אַריין, איז אַ קלײנער! איך בין אויף דיר גוזר, אַז די זאָלסט אַרויס פון דעם גוף.

די יידן האָבן אָנגעשטרענגט זייערע אויערן, אָבער זיי האָבן מער קיין איין וואָרט נישט געהערט. זיי האָבן אַלע נאָכגעדענקט וועגן יעדן וואָרט, וואָס זיי האָבן געהערט: פון רבין, פון דיבוק און פון יינגנמאַן. אַלץ, וואָס זיי האָבן געהערט, האָבן זיי געוואָלט פאַרשטיין, אָבער זיי האָבן נישט געקענט. דער סוד פון פריער האָט פאַר זיי נאָך שטאַרקער אָנגעהויבן זיך וועבן, נאָר אַנדערש. זיי האָבן מיט איינמאָל דערפילט, אַז ס'איז שוין שפּעט אין דער נאַכט. דער קאַלטער שווייס אויף זייערע פּנימער האָט אָנגעהויבן פרירן.

ס'איז געווען אַ פּראַסטיקע נאַכט און אַ געדיכטע פינצטער־ניש. פריער זענען די שעהן באַ יעדן איינעם פון די יידן גע־פלויגן, נאָר דערנאָך, אַז באַם רבין איז געוואָרן שטיל, האָבן די מינוטן זיך אָנגעהויבן ציען פאַר זיי ווי שעהן. איינציקווייז האָט זיך יעדן איינעם פון זיי אָנגעהויבן דאַכטן, אַז ער האָט געהערט שופר בלאָזן, ער האָט געזען דעם דיבוק אַרויספליען פונם ייגנג־מאַן דורך זיין קליין פינגערל... דער דיבוק האָט קיינעם גאָר־נישט געטון באַ זיין פאַרלאָזן דעם יינגנמאַן, ווייל דער רבי האָט אים דאָס באַפוילן... די יידן האָט זיך מיט איינמאָל אָנגעהויבן דאַכטן, אַז די אויגן האָבן זיך זיי געעפנט, זיי האָבן אַלץ מיט איינמאָל אָנגעהויבן זען אַזוי קלאָר, אַז אַפילו דורך דער פינ־צטערניש פון דער נאַכט קענען זיי אַדורכקוקן... די שאָטנס אַלע, האָט זיך זיי געדאַכטן, זענען צעריסן, און דער סוד פון דער וועלט איז פאַר זיי אַנטפּלעקט געוואָרן... נאָר פלוצלינג האָבן זיי דערהערט טריט אין לאַנגן פינצטערן קאָרידאָר.

דער באַלעגאָלע אויף דער פור — קיינער האָט זי די גאַנ־צע צייט נישט באַמערקט — האָט אַ נעם געטון די לייצעס אין די הענט אַריין, און די בייטש. דער ייד מיטן זון זענען אויפגעוועסן און אַוועקגעפאָרן. אין די פענצטער באַם רבין איז צוריק פינצטער געוואָרן. אהרן ברוך דער שמש איז מיט זיינע שווערע און מאָ־

נאַטאָנע טריט דורך דער קאָרוועד גאַס אַהיימגעגאַנגען. דער ווינט־וועלכער האָט אַ גאַנצן טאָג געריסן און פאַרנאַכט אויפגעהערט, האָט ווידער אָנגעהויבן רייסן. די בלייערנע שווערע וואָלקנס האָבן זיך אָנגעהויבן אַרומיאָגן איבערן הימל, ביז זיי זענען אינגאַנצן פאַרשווונדן. דער הימל איז לויטער געוואָרן: אַ שיינע אויסגע־שטערנטע ווינטער־נאַכט. אין די הערצער פון די יידן האָט אָנגע־הויבן וואַקסן אַ ליכטיקייט.

---

אינם שטעטל האָט דעם רבינס אַרויסטרייבן אַ דיבוק אָנגע־מאַכט אַ געוואַלטיקן רעש. יעדער איינער האָט דערציילט עפּעס אַנדערש: ווי אַזוי דער רבי האָט דעם דיבוק אַרויסגעטריבן, סאַראַ דיבוק דאָס איז געווען, און וואָס אַ דיבוק איז בכלל. פאַר־שטייט זיך, אַז יעדער איינער האָט געזאָגט עפּעס אַנדערש וועגן אַ דיבוק, וועגן דעם דיבוק פונם ייִנגנמאַן, און ווי אַזוי דער רבי האָט אים פון אים אַרויסגעטריבן. נאָר איינס האָבן אַלע גלייך געזאָגט: אַז דער ייִנגערמאַן האָט אין זיך געהאַט גאָר אַ מאָדנעם דיבוק, און אַז גאָר אַנדערש, אַנדערש ווי די רביים פאַרצייטנס און אפילו ווי די היינטיקע רביים, האָט דער רבי דעם דיבוק אַרויס־געטריבן. יעדעס וואָרט, וואָס דער דיבוק האָט געזאָגט, און וואָס דער רבי האָט געזאָגט, האָט מען אינם שטעטל אויסגעטייטשט. די חסידים האָבן געשריגן:

— דער רבי איז אַ מלאך! ס'איז משיחס צייטן!

# XII.

יוסף האָט אין דער היים זיך פֿאַרגעשטעלט, אַז אין וואַרשע שטראָמט ליכט פֿון אַלע זייטן, אַלע סודות ווערן דאָרט אַנטפּלעקט. די מענטשן זעען דאָרט אויס גאָר אַנדערש: זייערע פּנימער לייכטן פֿון גליק און פֿרייד. דאָרט איז די דריטע ספֿירה, די שטאָט איז פֿול מיט וויסן און חכמה, בילדונג פֿלייצט ווי אַ רעגן פֿון הימל, שפּאַרט זיך דורך אַלע גאַסן. און ער — ער וועט זיך אַריינוואַרפֿן אין דעם ים פֿון לויטער וויסן, אין דער העל-בלויער ליכטיקייט, אין דעם צעגליטן פֿלאַמענדיקן גאָלד פֿון לויטער חכמה. ער וועט טרינקען פֿון דעם קוואַל ליכט, די אויגן וועלן אים געעפֿנט ווערן — ער וועט דערזעען די קלאָרקייט פֿון אַלעם, וואָס ער פֿאַרשטייט נישט. דאַן וועט ער צוריקקומען אין זיין שטעטל אַריין און אַלעמען די אויגן עפֿענען.

דעם גאַנצן וועג אויף דער באַן —זיבן שעה — איז ער געשטאַנען באַם פֿענצטערל און אַרויסגעקוקט. אַלץ איז אים פֿאָרגעקומען אַזוי ניי, עפּעס אַזוי וווּנדערלעך, אפֿילו דער וועג פֿון זיין שטעטל צום וואָקזאַל, אויף וועלכן ער איז כּמעט יעדן טאָג געגאַנגען. פֿאַר זיינע אויגן זענען געפֿלויגן די ווייכע ברוין-שוואַרצע פֿעלדער, פֿון וועלכע אַ סך זענען שוין באַדעקט געווען מיט יונג חנעוודיק גראָז, וואָס האָט ערשט אָנגעהויבן אַרויסשפּראָצן. די ביימער, אויסגעוואַשענע און גרינע, אויסגעקוקטע פֿון דער זון און אַרומגעוויקלטע פֿון אירע שטראַלן, ווי מיט שנירן פּערל, האָבן פֿאַר זיינע אויגן אונטער דעם בלויען פֿרילינג-הימל, ווי כּלות זיך געדרייט אין אַ פֿאַרכּישופֿטן טאַנץ. טייכלעך און הייזער, פּויערים מיט איינגעשפּאַנטע פֿערד אין אַקעראייזנס, פּאַסטוכער מיט פסטאַדעס שעפּסן און בהמות, האָבן זיך פֿאַרבייגעיאָגט פֿאַר אים, געשפּילט אין כּאַפּעלעך. זיינע אויגן — אויפֿגעריסן און אָנגעשטרענגט —

האָבן אַלץ אין זיך אַריינגעזויגן, נישט געוואָלט פאַרלירן די מינדס־
סטע קליינינקייט. נאָר אין זיין קאָפּ האָט אַ געדאַנק געפּיקט:
„פאַר איך, אָדער נישט! און ווי אין חלום האָט ער זיך געענט־
פערט: „ניין, איך פאָר נישט, די באַן שטייט. אַלץ פליט". באַלד
אָבער האָט ער זיך פון דעם חלום אויפגעכאַפּט, די געשרייען היב־
טער זיינע פלייצעס האָבן אים אויפגעוועקט. ער האָט זיך אומגע־
דרייט, אָנגעקוקט די מענטשן, וועלכע זענען היינטער אים גע־
שטאַנען און געזעסן, גערעדט און געגעסן.

ער האָט זיך דערמאַנט, אַז ער האָט געלייענט אין אַ קליין
דין ביכעלע, וואָס דער רב האָט אים געגעבן, אַז די ערד און
אַלע פּלאַנעטן דרייען זיך אַרום דער זון. די ערד באַוועגט זיך
אויף איר אַקס אַרום זיך זעלבסט און אַרום דער זון מיט אַזאַ
געוואַלטיקער געשווינדקייט, אַז ס'דאַכט זיך, די זון באַוועגט זיך,
און נישט די ערד. פונקט אַזוי, ווען מען פאָרט אויף דער באַן,
און מ'קוקט אַרויס פון וואַגאָן: דאָס דאַכט זיך דעמאָלט, אַז די
פעלדער לויפן און דער צוג שטייט. ער האָט זיך דערמאַנט וועגן
קאָמעטן, פאַלנדע שטערן, מעטעאָר־שטיינער, גאַליליי, קופּערניקוס,
און נאָך אַנדערע גרויסע אַסטראָנאָמען, ציפערן, בילדער, פיגורן,
וועלכע ער האָט דעמאָלט נישט געקאָנט פאַרשטיין. ער האָט גע
פּרוּווט זיי איצט פאַרשטיין, האָט אָנגעהויבן רעכענען, אָבער אַלץ
האָט אין זיין קאָפּ זיך פאַרפּלאָנטערט און אויסגעמישט.

ווען דער צוג איז אַריינגעקומען אין אַ געדיכטן וואַלד, האָט
ער צוגעמאַכט די אויגן און אין זיין פאַנטאַזיע איז אַרויסגעשווו־
מען שבעלע: ער זעט זי, זי קוקט אַרויס פון איר פענצטער...
אירע גרויסע און טיפע אויגן, פון וועלכע עס קוקן אַרויס גרויסע
און טיפע געדאַנקען, קוקן אויף אים... ס'האָט זיך אים געדאַכטן,
אַז אירע בליקן זאָגן אים עפּעס, נאָר ער קאָן זיי נישט פאַרשטיין.
ער האָט געפילט, ווי איר קינדערישער וואַרעמער קערפּער טוליעט
זיך צו אים, גליט ווי פייער... ער האָט זי אָפּגעשטויסן, אָבער
זי איז אים נאָכגעלאָפן, גערופן... זי האָט אים געכאַפּט... ווי־
דער טוליעט זי זיך צו אים, האַלט אים אַרום מיט אירע קליינע
קינדערישע הענטלעך, ווי מיט צוואַנגען... זי האָט זיך אַרום אים

אַרומגעוויקלט ווי אַ שלאַנג. . . זי ציט אים אַריין אין זיך מיט אי־
רע פֿייערדיקע בליקן. . . ער ווערט דערטרונקען אין דער סודות־
דיקער טיפֿקייט פֿון אירע אויגן, ווי אין אַ ים. . .

ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון דערדאָזיקער פֿאַנטאַזיע אין
וואַרשע, ווען די פּאַסאַזשירן האָבן אים מיט זייערע פּעק און וואַ־
ליזקעס שיער די זייטן נישט אָפּגעריסן. ער האָט געקוקט פֿאַר־
חידושט, וואָס די מענטשן שטופּן זיך עפּעס אַלע אַרויס פֿונם וואַ־
גאָן, לאָזן אים איבער איינעם אַליין. אַ פּרוי, וועלכע האָט געזען ווי
ער קוקט, האָט אים אַריינגעשריגן אין די אויערן: „ס'איז שוין
וואַרשע!“

---

אַ פֿאַרכּשופֿטער, ווי אין אַ צויבער־וועלט, האָט ער געקוקט
אויף אַלעמען, וואָס זיינע אויגן האָבן איצט אויפֿסניי געזען. ער
האָט געקוקט פֿאַרחידושט אויף די הונדערטער לאָקאָמאָטיוון, וועל־
כע זענען געלאָפֿן אַהין און אַהער, אויף די ריזיקע דעפּאָס, וועל־
כע האָבן אויסגעזען ווי האַלבע קרייזן מיט אויפֿגעפּראַלטע גרויסע
טויערן, אויף די קוימענס פֿון די פֿאַבריקן, אַזוי פֿיל און אַזעלכע
הויכע, אַז זיי האָבן געלעכערט דעם הימל. ער האָט געקוקט אויף
די שינעס, וועלכע האָבן זיך ווי שלאַנגען געצויגן איינע איבער
די אַנדערע, און בלוי געגלאַנצט. ער האָט זיך נישט געקאָנט אָפּ־
רייסן פֿון וואָקזאַל: אַזאַ גרויסער, און אַזוי פֿיל מענטשן!...

ער האָט נישט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך מיט אים. אַזוי
פֿיל גאַסן, אַזעלכע גרויסע הייזער, דראָזשקעס, טראַמווייען. . . די
פֿרילינג־זון האָט געגאָסן אומבאַוווּסטע פֿרייד אין זיין האַרץ. אין
אַלעם האָט ער געזען לויטער חכמה. אַ צעטומלטער, מיט דער
וואַליזקע אין האַנט, איז ער געלאָפֿן פֿון איין גאַס אין דער צווייּ־
טער, אַליין נישט וויסנדיק ווו ער גייט. אפֿשר אויף דער צענטער
גאַס ערשט איז ער שטיין געבליבן, און זיך געפֿרעגט: „ווו גיי
איך?“ ער האָט דאַן דערפֿילט ווי מיד ער איז און זיך דער־

מאַנט, אַז ער האָט נאָך דעם גאַנצן טאָג גאָרנישט געגעסן.

ס'איז שוין געווען פיר נאָכמיטאָג. ווי אַ שיכּור האָט ער מיט געוואַלט זיך אָנגעהויבן צוריק אַרייננרייסן אין רעאַלן לעבן. אין נאָטיץ־ביכל האָט ער אָנגעהויבן נאָכזוכן די אַדרעסן, וועלכע ער האָט זיך אײַנדערהיים אויפגעשריבן: אײנער צום טאַטנס אַ קרוב, און אַ צווייטער צו זײַנס אַ סוחר. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז דער רב האָט אים מיטגעגעבן אַ בריוו. „מסתּמא אויך צו אַ רב" — האָט ער אַ טראַכט געטון, און באַשלאָסן, אַז פריער וועט ער' ליבערשט גײן צום טאַטנס קרוב. גלײַך איז ער צוגעגאַנגען צו אַ ייד, און אים געפרעגט: „פּעטער, ווו גייט מען?..." נאָר דער ייד האָט זיך אפילו נישט אומגעקוקט אויף אים. און אַזוי אײנער נאָכן אַנדערן, וועמען ער האָט געפרעגט. אַלע זענען געלאָפן ווי משוגע' פּאַרדאַגהטע, בייזע.

יוסף האָט זיך אָנגעהויבן פּאָרקומען ווי אַ בעטלער, וואָס בעט נדבות אויף דער גאַס. ער האָט אָבער אויך נישט געקאָנט לאַנג שטיין אויף איין אָרט: די מענטשן, וועלכע זענען געלאָפן, האָבן אים מיטגעשלעפּט מיט זיך, ווי כוואַליעס אויף אַ צעבראָיזטן ים אַ טרינקנדיקן. פון פאָרנט האָט ער אַלעמאָל געקריגן אַ שטויס פון אַ פאַרבײַלויפנדיקן, און פון הינטן אַ שטופּ. ער האָט ווידער געפרעגט אַ ייד: „פּעטער"... און ווידער קיין ענטפער נישט געקריגן. קוים אײנער האָט זיך אָפּגעשטעלט, און בײַז אַ פּ־עג געטון:

— וואָס ווילט איר, ייִנגערמאַן?

— ווו גייט מען?...

— כ'ווייס נישט!

איין ייד האָט אים אָנגעהויבן זידלען און שעלטן: „ווער געהרגעט אויף אַ דראָזשקע, קליין־שטעטלדיקער יאָלד, אָדער אויף אַ טראַמוויי!..."

ווי אַן אָפּגעשמיסענער האָט ער געקוקט אויף אַלע זייטן, אויב עס קוקט נישט ווער אויף אים, און געזוכט אַ וועג זיך אָפּצוטראָגן. ער האָט אָנגעהויבן ווערן פאַרצווייפלט: נאָך אין אַ צוויי

שעה אַרום איז נאַכט!... ער האָט אָנגעהויבן גיין ווייטער, אַליין בישט וויסנדיק ווו. נאָר באַם ראָג גאַס האָט אַ ייד, מיט אַ צע־קרומט פּנים און מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט, אים אָפּגע־שטעלט: „שענקט אַ נדבה, יינגערמאַן... אַן אומגליקלעכער טאַטע פון אַכט פּיצלעך קינדער... אַלע קראַנק... די מאַמע ליגט אין שפּיטאָל..."

יוסף האָט זיך דערפריידט, ווי ער וואָלט דערזעען דעם טאַטן, זיין האַנט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין דער לאַנגער קעשענע, פון דאָרט אַרויסגעכאַפּט דאָס גאַנצע קליין-געלט, וואָס נאָר ער האָט געהאַט און עס אַוועקגעגעבן דעם ייד. דערביי האָט ער אין איין אָטעם אים געפרעגט: „ווו גייט מען?..."

— פאָרט מיטן טראַמוויי!... אָט גייט ער דאָרט!... גיכער!... גיכער!... און נאָך איידער יוסף האָט צייט געהאַט זיך אומצוקוקן, צו פרעגן נאָך איין וואָרט, איז דער בעטלער שוין בישט געווען. שנעל איז ער צוגעלאָפן צום טראַמוויי, אַרויפגעשפּרונגען און אַוועקגעפאָרן. נאָר אָפּפאָרנדיק אפשר אַ האַלבע שעה, איז איז ער געוווויר געוואָרן, אַז דער טראַמוויי פאָרט גאָר אין אַן אַנדערער ריכטונג. זיין פּנים איז בלאַס געוואָרן, דאָס האָט באַמערקט דער ייד, וועלכע האָט אים דאָס געזאָגט, און אים אָנגעהויבן באַרויקן: „קיין אומגליק, יינגערמאַן, איר וועט שוין אַהינקומען ווו איר דאַרפט." דער ייד האָט יוסף אויסגעפרעגט, ווי לאַנג ער איז שוין אין וואַרשע, פונוואַנען ער איז, און אַזוי ווייטער. דאַן האָט ער אים געענבוי געזאָגט, ווי אַזוי ער דאַרף פאָרן, ווו ער דאַרף פאָרן, ווו ער דאַרף אַראָפּגיין, דערנאָך זיך אַריינדרייען אין אַ קליין געסעלע לינקס, און ער וועט אַהינקומען, ווו ער דאַרף.

---

עס איז געווען שוין גוט טונקל, ווען יוסף איז אַ פאַרמאַטערטער, אַן זייגער, וועלכן ער האָט מיטגעהאַט פון דער היים, אַ דערשלאָגענער, אָנגעקומען צו זיין טאַטנס קרוב. אין מויל איז אים

געוועזן טרוקן, פאַר די אויגן פֿינצטער, און די פֿיס ווי געליימט.
ער איז כּמעט געפֿאַלן, און דאָס קליינע איינגעדאַרטע אַלטע יידל,
מיט דער גרויסער באָרד און געל פֿון טאַבאַק-שמעקן, מיט די
האַלב-פֿאַרמאַכטע קליינע אייגעלעך און רויטן נעזל, וועלכן ער
האָט געגעבן שלום, האָט אים נישט אָנגעוויזן קיין בענקל, ווי ער
זאָל זיך אַנידערזעצן. אַליין זיך זעצן, אַז יענער האָט אים נישט געזאָגט,
איז ער נישט דרייסט געווען, און ער האָט אויך קיין בענקל אין דעם
פֿינצטערן קעלער נישט געזען. דאָס יידל האָט אים עטלעכע מאָל
געפֿרעגט, ווער ער איז, אָבער וויפֿיל מאָל ער האָט אים נישט גע-
ענטפֿערט, אַז ער איז פֿון קאָ—ליע, אברהם דעם וואַלד-סוחרס אַ
זון, האָט ער אים אַלץ געוויזן, אַז ער הערט נישט, און זיינע
קליינע אייגעלעך געבויערט אין אים. דאַן איז ער צו אים צוגעקו-
מען, אים אונטערגערוקט צום מויל דאָס אויער פֿונם אַלטן קעפּל
מיט דער גרויסער ברודיקער באָרד, וועלכע האָט אויסגעזען, ווי אַ
בינטל ווינדעלעך מיט געלע פֿלעקן, און געהייסן זיך אַריינשרייען.
יוספֿן האָט דער געשטאַנק פֿונם אַלטן אַ שלאָג געטון צום האַרץ,
אַז די געדערים אין בויך האָבן זיך אים אַזש איבערגעדרייט. ער
האָט זיך אָפּגערוקט פֿון אים און געכאַפּט דאָס טאַשנטיכל צו דער נאָז.

ווען דער אַלטער איז אַרויס פֿונם קעלער, האָט זיך יוסף
פּשוט און אָן קונצן אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד און איז אַביסל
געקומען צו זיך. דאַן האָט ער אָבער ערשט דערפֿילט די שרעק-
לעכע לופֿט, וועלכע האָט אים אַ זעץ געטון אין דער נאָז אַריין,
אַזוי ווי ער איז נאָר אַראָפּגעקומען. דער נאַסער און זויערער קע-
לער-געשטאַנק, אויסגעמישט מיט אַ ריח פֿון ציבעלעס, פֿון הינער-
מיסט, פֿאַרפֿוילט אויבס, קאַרטאָפֿליעס און נאָך עפּעס — האָט
אים אָנגעהויבן ווערגן. ער איז צוריק אויפֿגעשטאַנען, געזוכט
לופֿט. צוויי גרויסע מייז זענען קוויטשנדיק פֿאַר אים פֿאַרבייגעלאָפֿן.
אַ דערשראָקענער האָט ער זיי נאָכגעקוקט, און פֿאַר זיינע אויגן
האָט זיך פֿינצטערער קעלער אינגאַנצן זיך אַנטפּלעקט: שוואַרצע
ווענט, באַ וועלכע ס'זענען געווען אויסגעשטעלט ברודיקע בעטלעך,
ווי אין אַ קאַזאַרמע. אונטער יעדן בעטל איז געשטאַנען אַ וואַליז-
קע, אָדער אַ קעסטל. אין מיטן קעלער איז געשטאַנען אַ צעבראָכן

טישל מיט עטלעכע צעבראָכענע בענקלעך. נישט ווייט פון קליינעם פענצטערל — דאָס איינציקע אינם קעלער — איז געשטאַנען אַן אַלטע צעבראָכענע אַלמער, און נאָך עפּעס אַ גראַט. די קיך איז געווען אין ווינקל באַ דער טיר.

יוסף האָט דערזעען זיין היים: אַזעלכע ליכטיקע שיינע און גרויסע שטובן, שיין מעבל. פונדרויסן זעט דאָס הייזל אויס, ווי אַ פאַנטאַסטיש פּאַלאַצל. די בלומען פון גאָרטן, וועלכע ער האָט געפלאַנצט, שמעקן אַריין דורך די פענצטער. די זון שיינט אַ גאַנצן טאָג אַריין דורך די קלאָרע שויבן, און באַנאַכט ברענען בליק־לאָמפּן. די מאַמע־בליקן — אַזעלכע ווייכע, שטראַלנדיקע — קושן אים תמיד. זי האָט אים אין דער וואַליזקע אַריינגעלייגט פרישע זעמל מיט פּוטער, מיט קעז, און בייגל; געבראָטן פלייש, האַרטן וווּרשט, אויסגעקאָכטע אייער, סאַרדינען, פּאָמעראַנצן. אויך די תפילין, האָט זי אים אַריינגעלייגט, אַ סידורל, און די גאַרטל. ווען זי האָט זיך מיט אים געזעגנט, אים געקושט און געוויינט, האָט זי אים געבעטן און אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל יעדן טאָג דאַווענען. אָבער ער האָט היינט — דעם ערשטן טאָג, וואָס ער איז אַוועקגעפאָרן — שוין נישט געדאַוונט: נישט אין דער פרי, ווען ער איז געפאָרן, און נישט פאַרנאַכט.

גיך האָט ער אָנגעהויבן זאָגן קרבנות, נאָר גלייך האָט ער אויפגעהערט — נישט געקאָנט. ער האָט געוואָלט נאָכאַמאָל אָנהייבן, אָבער דער אַלטער איז צוריקגעקומען, מיטברענגענדיק מיט זיך דאָס ווייב. זי האָט אויסגעזעען אַ סך יינגער פון אים, אַ סך העכער, און אַ דאַרע, ווי אַ דראָנג.

יוסף האָט זיך אויסגעגלייכט, און מיט דרך ארץ געזאָגט גוטן אָוונט דער פרוי. זי האָט אָבער נישט געענטפערט. מיט אַ גראָבער מענער־שטימע, וועלכע האָט געקלונגען באַפעלעריש, האָט זי אים גלייך געפרעגט: „ווער ביסטו?“ יוסף האָט איר געענטפערט פאַרשעמט. דער אַלטער האָט אָפן געהאַלטן דאָס מויל, אויפגעהויבן די באָרד אינדערהייך, אויפגעריסן די קליינע אייגעלעך, און געקוקט. נאָר אַז ער האָט ווידער נישט געהערט, האָט ער געפרעגט דאָס ווייב, און זי האָט אים אַריינגעשריגן אין אויער: „ר'

אברהמס זון! פון קאָ—ליע!

— אַ... אברהם... שלום עליכם!...

דער אַלטער איז מיט איינמאָל גאָר אַן אַנדערער מענטש געוואָרן. ער האָט גיך צוגעבערעגגט יוסף'ן אַ בענקל, און געבעטן אים זיצן. יוסף'ן איז געוואָרן אַ ביסל גרינגער אויפן האַרץ. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט. דער אַלטער האָט אויפסניי אים אָנגעהויבן אויספרעגן. יוסף האָט געענטפערט, און דער הויכער דאַרער דראָנג האָט איר מאַן אַלץ אַריינגעשריגן אין די אויערן. דאַן האָט דער אַלטער — אויך שרייענדיק — דערקלערט זיין ווייב, ווער דער יינגערמאַן איז: זיין פעטערס אַ ברודערן-זון. די יידענע האָט זיך אַ קרום געטון: „קו, פערד, בייטש-שטעקעלע..."

— און ווען וואָס ביסטו געקומען קיין וואַרשע? — האָט זי יוסף'ן מיט אַ געבייזער אַ פרעג געטון.

נאָר יוסף האָט נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן. ער איז געבליבן זייער געפלעווט, ווי אויף דער גאַס, ווען דער ייד, וועלכן ער האָט געפרעגט, ווו ער זאָל גיין, האָט אים אָנגעשאָלטן. אָבער דער אַלטער האָט זיך געפרייט מיטן גאַסט, נאָכאַמאָל דערציילט דעם ווייב סאַראַ יחוס זיין קרובס זון איז, און געהייסן געבן צו עסן וויעטשערע. „ער האָט דאָך נאָך אוודאי היינט גאָרנישט געגעסן אַ גאַנצן טאָג, געפאָרן אַזוי ווייט מיט דער באַן, אַזש פון קאָ—ליע!" נאָר די דאַרע הויכע יידענע האָט זיך נישט געאיילט, זי האָט יוסף'ן ווידער אָנגעהויבן אויספרעגן וועגן וואָס ער איז געקומען קיין וואַרשע, און צום סוף:

— מנחה האָסטו שוין געדאַוונט?

יוסף איז רויט געוואָרן. ער האָט נישט געקאָנט זאָגן קיין ליגנט, און איר געענטפערט, אַז נישט. ער האָט זיך געוואָלט אָנהייבן פאַרענטפערן פאַר איר, פאַרוואָס ער האָט נאָך נישט געדאַוונט, געוואָלט איר דערציילן, ווי אַזוי ער האָט אַ גאַנצן טאָג געבלאָנדזשעט איידער ער האָט אַהערגעטראָפן, אָבער זי האָט אים גלייך צוגעמאַכט דאָס מויל, געשריגן:

— איך קאָן זיי שוין די קליין-שטעטלדיקע! אַבי זיי פאָרן נאָר אַרויס פון דער היים, דאַווענען זיי מער נישט! גאָר באַ מיר

וועסטו דאָס נישט מאַכן! גיי דאַוונען מעריב און זאָג צוויי מאָל שמונה עשרה!

יוסף האָט זיך געשטעלט דאַוונען, און אויך דער אַלטער. די הויכע דאַרע יידענע האָט אויפן ברודיקן טישל געלייגט נאָך אַ ברודיקער טישטיכל און אויפגעגעבן וויעטשערע. גאָר יוספן איז דאָס עסן נישט געגאַנגען אין האַלז אַריין. בײַ יעדן לעפל, וואָס ער האָט גענומען צום מויל, האָט ער געפילט, אַז ס׳שלאָגט אים צוריק. אָבער ער האָט נישט געהאַט דעם מוט דאָס עסן שטיין צו לאָזן און אויך מורא געהאַט פאַר דער הויכער יידענעס מויל. גאָר מער ווי העלפט פון די קליסקעלעך מיט אַרבעס, וועלכע האָבן אין בלעכענעם שיסעלע אויסגעזען, ווי אָנגעמישטע פּאַפּקע, האָט ער בשום אופן נישט געקענט אויפעסן, און אויך נישט דאָס ביינדל מיטן פּיצל פלייש, וועלכעס זי האָט מיט דער שמוציקער האַנט פון טעפּל אַרויס אים צוגעוואָרפן. באַלד נאָכן בענטשן האָט צווישן מאַן און ווייב זיך אָנגעהויבן די באַראַטונג, ווו מ׳זאָל דעם גאַסט לייגן שלאָפן. אַ לאַנגע צייט האָבן זיי געקלערט, ביז זיי זענען געקומען צום באַשלוס, אַז זיי וועלן אים לייגן צוזאַמען מיטן סטאָליער, וועלכער האָט שוין דעם צווייטן חודש נישט באַצאָלט קיין דירה־געלט.

יוסף האָט בשום אופן נישט געקענט איינשלאָפן אויף דעם שרעקלעכן געלעגער, כאָטש ער איז געווען זייער מיד. ער האָט זיך געפילט ווי אַ פאַרמשפטער, אַ הילפלאָזער: ער מוז ליגן אין דעם בעט, כאָטש ער קען נישט. ער האָט גאָכאַמאָל באַטאַפּט די ברודיקע שמאַטע, מיט וועלכער ער איז געווען צוגעדעקט, דאָס גרוי־שוואַרצע ליילעך, אויף וועלכן ער איז געלעגן. דאָס מאָגערע קישן האָט זיך אים געקלעפּט צו די פינגער. אַלץ האָט געשטונקען פון פאַרשמאָלצעוועטן זויערן שווייס און ברוד. דער ריח פון וואַנצן האָט אים געשטיקט צום ברעכן. אָבער ער האָט געוואָלט איינשלאָפן. דער שלאָף האָט געדריקט אויף זיין האַרץ. ס׳האָט זיך אים געדאַכטן, אַז ער איז אָנגעגאָסן מיט בליי. דער קאָפּ האָט אים ווי געטון, און אין די אויגן האָבן אים ווי זאַמדעלעך גע־שטאָכן. די אויגן־לעדנדלעך האָבן זיך אַלעמאָל אַראָפּגעלאָזט, ווי

אַ שווער געוויכט וואָלט אויף זיי געהאָנגען און זיי אַראָפּגעצויגן, אָבער ער האָט זיי אַלעמאָל באַלד צוריק אויפגעריסן: דערפילט אַ שטאָך, און מיט אַ ציטער זיך אויפגעכאַפּט, דאַן האָבן די פאַרפּאַפּקעטע פאַרחלשטע אויגן אָן אויסדרוק געקוקט צו דעם שוואַרצן פייערל פונם נאַפט־לעמפל, וואָס האָט געוויכערט און פינצטער געברענט. ווידער האָט ער איינגעדרעמלט, זיך געדרייט און געוואָרפן פון איין זייט אויף דער צווייטער, זיך געמאַטערט, געקראַצט, ביז ער האָט זיך סוף כל סוף אויפגעזעצט. ער האָט דערפילט, אַז עפּעס קריכט אויף אים אַרום, און אָנגעהויבן אַ געיעג מיט ביידע הענט איבערן לייב. דאָס מויל האָט זיך אים שיער נישט צעריסן פון גענעצן.

דאָס אַלטע פאָרפאָלק, אין די צוויי נאָך עלטערע און צעבראָכענע בעטלעך, אָפּגעטיילט פון די איבעריקע דורך אַ ליילעך, וואָס דער טויבער האָט פאַרן שלאָפן־גיין אויפגעהאָנגען, האָט אויך נישט געקאָנט איינשלאָפן, כאָטש זיי זענען צו די צרות שוין געווען צוגעוווינט. אויף יוספס גענעצן האָבן זיי אַלעמאָל — אַמאָל ער און אַמאָל זי — געענטפערט מיט אַ הויכן צעצויגענעם גענעץ, וועלכער האָט זיך באַם סוף געענדיקט, אַ מאָל מיט אַ קוויטש און אַ מאָל מיט אַ מריטש. נאָך יעדן גענעץ האָט די דאַרע יידענע געברומט: „זיי זענען נאָך אַלץ נישטאָ... שיינע לאָקאַטאָרן געקריגן... שוין באַלד טאָג...“

ס'איז געווען שוין גוט שפּעט, אפשר איינס אָדער צוויי אין דער נאַכט, ווען די לאָקאַטאָרן זענען אַהיימגעקומען שלאָפן. דאָס זענען געווען צומייגסט באַלמעלאָכעס, בחורים, און אַזעלכע, וואָס האָבן שוין געהאַט פרויען און קינדער. זיי זענען אַלע געווען פון פאַרשידענע קליינע שטעטלעך, געקומען קיין ווארשע אַרבעטן, אָדער זוכן עפּעס אַ באַשעפטיקונג. אַ סך פון זיי האָבן געהאַט אַרבעט. דאָס זענען געווען צומייגסט געגריחעטע שוסטער, שניידער און סטאָליער. די אַנדערע — די, וועלכע זענען געקומען זוכן אַ באַשעפטיקונג — זענען דערווייל יעדע נאַכט אַהיימגעקומען מיט געשוואָלענע פיס פון אַרומגיין זוכן, דערשלאָגענע און פאַרחושכדיקטע. פון אונטערן אויפגעהאָנגענעם ליילעך האָט זיך באַלד גע־

לאָזט הערן דאָס האַלב־פאַרשלאָפענע און בייזע קול פון דער באַלעבאָסטע: „שיינע לאָקאַטאָרן... שוין באַלד טאָג... מ'קען דען אַן אויג צוטון בײַ זיי?... אַלץ פאַר דעם קערבל אַ חודש...״

דאָס האָט דער מאַן אירער, דער טויבער הערש, נישט געהערט. ער האָט נישט געהערט, אַז ס'איז ווער אַריינגעקומען, נישט געהערט דעם ווייבס שעלטן און זידלען, און פאַרשלאָפן געברומט זיין אייגענע טענה: „אוי די וואַנצן, די וואַנצן...״

נישט אַלע פון די אַריינגעקומענע האָבן זיך גלייך געלייגט שלאָפן, כאָטש ס'איז שוין געווען אַזוי שפּעט אין דער נאַכט. טייל האָבן געוואָלט ערשט אויסרייכערן די פּאַפּיראָסן, מיט וועלכע זיי זענען אַריינגעקומען און טייל האָבן ערשט גאָר פאַררייכערט. אָבער סיי די און סיי די אַנדערע, אפילו ווען זיי האָבן שוין געהאַט אויסגערייכערט, האָבן אויפסניי ווידער פאַררייכערט. די פאַנטאַסטישע שאָטנס פונם קאָפּטשעדיקן נאַפּט־לעמפּל אינם פינצטערן קעלער זענען פאַרשוווּנדן אין די וואָלקן רויך פון די פּאַפּיראָסן. אויף זייער אָרט האָבן ווי גייסטער, בײַ די פייערלעך פון די פּאַפּיראָסן, אַלע מאָל זיך אַנטפּלעקט די סילועטן פון די בלאַסע פּנימער, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן אין אַ גרופּע. זיי האָבן וועגן עפּעס גערעדט, נאָר זייער שטיל — געסודעט זיך. בלויז פון צייט צו צייט האָט אַלע מאָל אַן אַנדערער פון זיי איבערגעריסן דאָס פליסטערן מיט אַ האַסטיקן שפּיי.

יוסף איז שוין אינגאַנצן וואַך געווען. ער האָט זיך צוריק אַנידערגעלייגט, אָבער די אויערן האָט ער געהאַלטן אָנגעשטרענגט. ער האָט יעדעס וואָרט זייערס, וועלכעס ער [illegible] מיט שווערער מי אויפגעכאַפּט, געשלונגען, ווי אַ דורשטיקער וואַסער. אויף דעם שרעקלעכן געלעגער אין דעם טונקעלן קעלער אין מיטן דער נאַכט, האָט פון די וואָלקן רויך אַרויס אַ נייע וועלט זיך אָנגעהויבן אויפדעקן. ער האָט שוין מער נישט געפילט קיין בייסן פון וואַנצן אָדער פליי, קיין שלאָף, קיין מידקייט, און אפילו נישט די שווערע לופט, וועלכע איז איצט פונם רויך, וואָס די פּאַפּיראָסן האָבן אָנגעמאַכט, נאָך שווערער געוואָרן. די סילועטן, פון צייט צו צייט באַלויכטן פון די קליינע אַלע מאָל זיך אָנצינדנדיקע פייערלעך

האָבן זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקל אַריין און זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ בעטל. זיי האָבן איצט שוין געפירט אַ ליידנשאַפטלעכן געשפּרעך, הגם זייער איינגעהאַלטן. מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ האָט זיך יוסף צוגעהערט צו דידאָזיקע ווערטער:

— דער קאָמיטעט פון „בונד" האָט באַשלאָסן, אַז מען מוז אָנהייבן אַ שטרייק...

— איצט איז פּרץ שוין אַן אומזעריקער...

— עטץ...

— נישט „עטץ", נאָר „איר"!...

— אַנטשולדיקט. אָבער זיין ליד „די נאַכט-װעכטער" האָט איר געלייענט?...

— יאָ.

אַ ייִנגערמאַן דעקלאַמירט:

„אַ נאַכט אַ מחיה, דאָס נעכטל איז טייער,
היט אייך פאַר פייער, היט אייך פאַר פייער!"

— דאָס איז שוין אַלט. איך האָב געלייענט זיינס „וואָס זאָל איך װעלן".

... „שלום און שטיל איז אויפן בית הקברות... אָן גע-רויש פּרעסן זיך די װערים איין אין די מתים-לייבער, שטיל האַלזט אַרום דער מאָך די אַלטע מצבה און ציט זי אין דער ערד אַריין... שטיל רוישט דאָס אָרעמעביימל, וואָס ציט אַריין אין זיך דעם קברים-זאַפט... נאָר פּרוּוו גיב תחית המתים"...

— שװייג!... מענטשן שלאָפן!... און די, װאָס זענען אויף — װער װייסט, װער זיי זענען...

— שטיל איז נאַכט און טויט! אַזוי זאָגט פּרץ!

— אָבער קאָנספּיראַציע!... און דאָס, „וואָס זאָל איך װעלן", איז אויך שוין אַלט. עס זענען איצט שוין דאָ אַ סך אַנדערע זאַכן זיינע, שענערע זאָגט מען, נאָר מען פאַרשטייט זיי נישט...

פון אונטער דעם אויפגעהאַנגענעם לײַלעך אַפער האָט זיך

געהערט אַ כראַפּען: די צוויי אַלטע זענען איינגעשלאָפן. די, וועל־כע האָבן זיך געלייגט שלאָפן אַזוי ווי זיי זענען נאָר אַריינגעקו־מען, האָבן זיך געקראַצט, געגעניצט און געבייזערט. זיי האָבן נישט געקאָנט איינשלאָפן, כאָטש זיי האָבן שוין עטלעכע וואָכן געוווינט אין דעם קעלער. און אפשר דער הונגער? אַ ליידיקער מאָגן און דאגות־פּרנסה לאָזן נישט שלאָפן. איינער האָט געברומט: „אוממעגלעך איינצושלאָפן!" דאָן אַ צווייטער: „גאַנצע נעכט רעדט מען!"

אויף זייער שרייען און אויף דעם ליידנשאַפטלעכן, איצט שוין צעפלאַקערטן געשפּרעך אינם ווינקעלע אויפן בעטל, האָט זיך אויפגעכאַפּט די אַלטע און גענומען מאַכן קולות: „עטך זאָלט ענק שוין אַרויסשלעפּן פון מיין שטוב!"

ס'איז געוואָרן שטיל. אין דער שטילקייט האָט מען געהערט די טריט פון די, וועלכע זענען זיך שוין געגאַנגען לייגן שלאָפן. אונטער דעם אויפגעהאָנגענעם ליילעך האָט אין אַ בלעכערנער כּלי געקלונגען אַ דין וואַסער־שנירל... באַלד דערנאָך האָט דער טויבער הערש זיך באַוויזן: ער האָט צוגעשלאָסן די טיר און זיך צוריק געלייגט שלאָפן. אין די בעטלעך האָבן זיך אַלע שוין געגרייט איינצושלאָפן. פּלוצלינג האָט איינער זיך צעשריגן:

— ווער ליגט דאָ אין מיין בעט?

יוסף האָט געשטאַמלט.

— מיינע געשעפטן! דאָס בעטל איז פּאַר איינעם צו־קליין!

דערויף האָט די באַלעבאָסטע גענומען שיטן: „דאָס געלט, וואָס דו האָסט מיר באַצאָלט פּאַר יענעם חודש און פּאַר דעם חודש, קאָן איך דיר צוריקגעבן!... אַז עס פּאַסט דיר נישט דאָס בעט, ברייטער פּריץ, קאָנסטו גיין אין האָטעל בריסטאָל אַריין!"...

יוסף האָט זיך געפילט זייער אין אַ שלעכטער לאַגע. ער האָט זיך געפילט, ווי אַ גנב, אַ שלעכטער מענטש, און געוואָלט שוין אַרויסגיין פון בעט. דער אויסגעטוועגער, מיט איין פיס שוין אויפן געלעגער, האָט אים אָבער נישט געלאָזט, אוןביידע זענען

די גאַנצע נאַכט שוין געלעגן צוזאַמען. זיי האָבן זיך ביידע געדרייט פון איין זייט אויף דער צווייטער, זיך געשטויסן, ביז דער אַלטער באַלעבאָס פונם בעטל איז איינגעשלאָפן.

יוסף איז געלעגן כמעט אויף דער וואַנט. ער האָט זיך צוגעהערט צום שנאָרכן פון אַ צענדליק נעז און געטראַכט וועגן דעם געשפרעך, וואָס ער האָט פריער געהערט. צוערשט האָט זיך אים געדאַכט, אַז אייגנטלעך האָט ער גאָר קיין שום נייעס נישט געהערט: ער האָט די זעלבע ווערטער כמעט שוין געהערט אין זיין שטעטל, באַזונדערס, ווען די צוויי פרעמדע יינגעלייט האָבן זיך דאָרט באַזעצט. אָבער אין זיינע אויערן און פאַר זיינע אויגן איז ווי עפעס פאַנטאַסטישס שטיין געבליבן דאָס וואָרט „פרץ”. „ער איז אוודאי אַ גרויסער שרייבער, אַ דיכטער, אָדער אַ פילאָזאָף!” — האָט ער באַ זיך געטראַכט. — „און אפשר גאָר אַן אַסטראָנאָם: אַ יידישער גאַליליי, אָדער אַ קאָפערניקוס?” און פאַר אים האָט זיך אָנגעהויבן שפיגען גאָר גרויסעס, ביז ער איז איינגעשלאָפן.

---

צומאָרגנס האָט יוסף באַשלאָסן אַהינצוגיין צו יענעם, צו וועלכן ער האָט פון רב מיטגעהאַט אַ בריוו. יענער האָט געוווינט אויף דער לעשנע גאַס, אַ ברייטע און אַ שטאָלצע קעגן דער שמאָלער מילע, ווו זיין טאַטנס קרוב האָט געוווינט. דאָס האַרץ האָט אים געקלאַפט. באַם אַריינגיין אין דעם גרויסן ברייטן טויער פון דעם רייכן הויז, אויף די טרעפ — דריי שטאָק — האָבן זיך די פיס אונטער אים געזעצט. אויף אַ גלאַנציק מעשן בלעכל, וואָס איז געווען אָנגעקלאַפט אויף דער טיר, האָט ער איבערגעלייענט: „צבי פערלמאַן, העבּרעישער און רוסישער לערער, פראָשעניע-שרייבער און מאַטעמאַטיקער.” דאָס אייגענע איז אויך געווען אויפגעשריבן אויף רוסיש. דאָס האַרץ האָט אין אים אָנגעהויבן נאָך שטאַרקער קלאַפן. דעם בריוו אין האַנט — ער זאָל

אים שיצן — האָט ער שטיל און נישט דרייסט אָנגעקלאַפּט. ער האָט געוואַרט. דאַן האָט ער ווידער אָנגעקלאַפּט, נאָך שטילער. אַזוי עטלעכע מאָל, אָבער קיינער האָט נישט געעפנט. ער האָט שוין געוואָלט אַוועקגיין, האָט זיך פּלוצלינג די טיר געעפנט, נישט אינגאַנצן, און אַ בייזע שטימע פון אַ פרוי האָט צו אים אַרויסגעשריגן:

„קטאָ טאַם? ווער קראַצט עפּעס אַזוי באַ דער טיר דאָרט?"

אַ בלאַסער, מיט אַ ציטערנדיק קול, האָט יוסף קוים געענטפערט: „אַ בריוו. . ."

אַ קייטל האָט זיך אָפּגעלייגט, און די טיר האָט זיך אינגאַנצן געעפנט. אַן אויסגעפּוצטע מאַדאַם, שטייענדיק אין דער טיר, האָט אים אָפּגעמאָסטן פון אויבן ביז אַראָפּ. דאַן האָט זי זיך אָנגעהויבן בייזערן אויף אים, אַז מ'דאַרף אָנקלינגען, אָט אַזוי, און נישט קראַצן ווי אַ קאַץ, אָדער ווי אַ גנב! זי האָט באַ אים צוגענומען דעם בריוו, אים געעפנט — אַלץ שטייענדיק אין דער טיר — געזעען, אַז זי קאָן אים נישט לייענען — געשריבן אין העברעיש — האָט זי אים געהייסן קומען באַנאַכט, ווען איר מאַן וועט זיין אין דער היים.

יוסף האָט טאָג נאָך טאָג זיך געהויבן אויף די דריי שטאָק מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ, געקלונגען, און אַלע מאָל באַקומען אַן אַנדערן ענטפער: אַז דער מאַן איז איצט נישטאָ אין דער היים, דער הער איז איצט נישט לאַנג אַוועקגעגאַנגען, דער פּאַן איז איצט פאַרנומען, איצט קאָן מען מיט דעם „כאַזייען" נישט שפּרעכן, ער זאָל אַזוי גוט זיין און קומען מאָרגן, דער באַרין איז פאַררייזט, ביז ער האָט דעם הער פערלמאַן קוים געטראָפן. ווען מ'האָט אים אַריינגעפירט אין קאַבינעט צו אים, האָט ער זיך גלייך איבערצייגט, אַז קיין רב — ווי ער האָט געמיינט — איז ער נישט. פאַר אים איז אויף אַ גרויסער געבעטער שטול געזעסן אַ ליטוואַק, אַ בייזער ייד, מיט אַ קיילעכדיקער צוגעשוירענער געלער באָרד, וועלכע האָט שוין אָנגעהויבן גרוי ווערן.

דער ליטוואַק האָט קיין סך נישט גערעדט. אפשר ווייל ער האָט געהאַט אַ קיילעכדיק בייכל מיט אַ גאָלדענער קייט דעריבער, אָדער ווייל ער האָט געטראָגן שוואַרצע ברילן. יוסף האָט אים מיט

גרויס דרך ארץ געגעבן שלום, נאָר יענער האָט אים כמעט נישט געענטפערט. באַכלעסיק, ווי געצוווּנגען און לעפישצוואַטע, האָט ער יוספן דערלאַנגט עטלעכע קאַלטע און טויטע שפּיצן פון פינגער. דערנאָך, נאָך אַ לאַנגער אָנגעצויגענער שטילקייט, האָט ער געברומט: „איך האָב דעם בריוו געלעזן. וואָס מאַכט ער, ישראל לערמאַן? נאָך אַלץ „ראָוו?"

צום ערשט האָט יוסף נישט געוווּסט וועמען דער ליטוואַק מיינט. נאָר, אַז ער האָט דערהערט דאָס וואָרט „ראָוו", האָט ער זיך אָנגעהויבן פילן אַ ביסל אויפגעלעבטער. גלייך האָט דער ליט־וואַק ווידער אָנגעהויבן מיט זיין ליטווישן לשון, און יוסף איז פאַר אים ווידער שטיין געבליבן, ווי אַ זעלנער פאַר אַן אָפיציר, מורא געהאַט זיך אַ ריר צו טון. דער ליטוואַק האָט זיך געבייזערט: „גו, און וואָס קען איך אייך העלפן? רמב"ם האָט איר געלערנט? דאָס הייסט... אויב איר האָט פאַרשטאַנען, וואָס איר לערנט".

יוסף איז רויט געוואָרן ביז איבער די אויערן און גע־שטאַמלט: „יאָ... נאָר..."

— און תנ"ך?

— אויך, אָבער...

— דאָס הייסט.. אַז גוט העברעיש קענט איר נישט, ווי איך זע, איך מיין... גוט לעזן אויך אַן אַנדער ספר, חוץ גמרא, און פאַרשטיין.

— איך האָב געלייענט שוין...

— און וואָס איז בא אייך מכּוח אַן אַנדערער שפּראַך? קענט איר רוסיש, די אייגענע לאַנדס־שפּראַך? אַ מענטש, וואָס וויל עפּעס וויסן, מוז דאָך קענען וועלכע עס איז וועלט־שפּראַך, נישט בלויז דעם „זאַרגאָן".

יוסף האָט אינדערהיים שוין אפילו געהאַט געלערנט עפּעס רוסיש, אָבער זייער ווייניק. ער איז דעריבער נאָך רוי־טער געוואָרן, נישט געקענט ענטפערן אויף דער לעצטער פראַגע.

— הערט־זשע מיך צו, יינגערמאַן — האָט דער ליטוואַק אָנגעהויבן מיט אַ ניגון, ווי ער וואָלט געלערנט גמרא. — הערט

מיך גוט צו מיט קאָפּ. קויפט אַ רוסישע גראַמאַטיק, טיכאָמיראָוס, און צוויי מאָל אין דער וואָך — לאָמיר זאָגן פון פינף ביז זעקס אין אָוונט — וועט איר אַהערקומען צו מיר. דאָס וועט אייך קאָסטן פינף רובל אַ חודש, בײַ אַן אַנדערן נעם איך צען. נאָר בײַ אייך, ווייל איר זענט געקומען פון מײַנעם אַ פרײַנט. . .

פונעם ליטוואַק האָט יוסף נישט געטראָפן דעם וועג צוריק אַהיים, צו זײַן טאַטנס קרוב, כאָטש ער איז שוין אויף אים אַזוי פיל מאָל געגאַנגען, אים אַזוי גוט געקאָנט. ער איז אינגאַנצן אַנטוישט געווען אין וואַרשע, שוין אפילו אָנגעהויבן פײַנט קריגן אָט דידאָזיקע שטאָט. זי האָט אים אָנגעהויבן אויסזעען שרעקלעך, אַ גהינום, און בּאַריש מיט איר גאַנצן הו־האַ. ער איז אַרומגעגאַנגען אַ יאושדיקער. זײַן פאַנטאַזיע אינדערהיים: אַז אין וואַרשע איז אינגאַנצן אַן אַנדערע וועלט, דאָרט ווערן אַנטפּלעקט אַלע סודות, ליכט און וויסן שטראָמט פון אַלע זײַטן און די מענטשן זענען דאָ אַלע גליקלעכע, זייערע פּנימער לײַכטן פון פרייד — דידאָזיקע פאַנטאַזיע האָט אים אינגאַנצן אָפּגענאַרט. ער האָט דערזעען, אַז די מענטשן — אַלע, וועלכע ער האָט געזעען אויף דער גאַס, וווּ זײַן טאַטנס קרוב וווינט, אויך אויף די אַנדערע גאַסן: אויף דער דזשיקע, גענשע, דזשעלנע, נאַלעווקעס, און אויף נאָך אַ סך אַנדערע גאַסן, וווּ ער האָט געזעען בלויז נאָר יידן — די אַלע זעען אויס אַ סך אומגליקלעכער, ווי די יידן אין זײַן שטעטל. און וויסן, חכמה? אַז מען קאָן דאָ אויף דער גאַס אפילו וועגן איין געדאַנק נישט נאָכדענקען! די אַלע געדאַנקען, וועלכע ער האָט אין זײַן שטעטל תמיד געהאַט, געהערט רעדן אין זיך — האָט ער איצט נישט מער. נאָר עס רוישט און עס קאָכט! אַזוי פיל דראָזשקעס און טראַמווייען, אַ געקלאַפּעריי און אַ געקלינגעריי! און די הייזער — אַזעלכע הויכע, שרעקלעכע! אַזוי פיל הויכע קוימענס, אַ פאַררויכערטער שוואַרצער הימל! נישט קיין חידוש, אַז די מענטשן לויפן דאָ אַלע ווי משוגע, זעען אויס בייז, זענען איפּגערעגט און פאַרצווייפלט.

נאָר די גרעסטע יסורים האָט זײַן נשמה געליטן פון די [illegible]ריילעך, וועלכע ער האָט פון דער היים געקריגן. די מאַמע האָט

אים כמעט יעדע וואָך געשריבן, אַמאָל אויך צוויי מאָל אין דער וואָך, אַז ער זאָל זיין אַן ערלעכער ייד, ער זאָל חס ושלום נישט פאַרפעלן דאַווגען אַמאָל, ער זאָל זיין אָפּגעהיטן אין יידישקייט, און אויך לערנען אַמאָל אַ בלאַט גמרא. וועגן טאַטן האָט זי אים תמיד געשריבן, אַז ער האָט צוגעזאָגט אַליין שרייבן, און וועגן די שוועסטער — זי גריסט אים. און אין דידאָזיקע לעצטע דריי ווערטער האָט ער תמיד דער מאַמעס אַלע ליידן דערזעען. די אותיות פון דידאָזיקע דריי ווערטער האָבן תמיד אויסגעזען אַנדערש, ווי די אותיות אין דעם גאַנצן בריוול: מער צעבראָכן, איין אות פון אַנדערן זייער שטאַרק אָפּגערוקט, אָדער איינס אין אַנדערן אַריינגעשריבן, ווי זי וואָלט די דריי ווערטער געשריבן מיט פאַרמאַכטע אויגן, און אינגאַנצן אַ ציטערנדיקע. נאָר דער געלער פלעק אויף דידאָזיקע דריי ווערטער האָט אים אינגאנצן שוין צערודערט.

דער מאַמעס בריוולעך האָבן אים אינגאַנצן צעבראָכן, צעריסן דאָס האַרץ. ער האָט געזען, אַז זי ווייסט שוין אַלץ וועגן מרימען, און אז די זאַך איז זייער ערנסט געוואָרן, אָבער וואָס זאָל ער שרייבן דער מאַמען וועגן זיך? זאָל ער זי נאַרן, אָדער שרייבן דעם אמת, אַז ער דאַוונט נישט? ער האָט דעם אמת איר נישט געקענט שרייבן. אָבער נאָך שרעקלעכער, האַרצרייסנדיקער, זענען געווען דעם טאַטנס בריוו. נאָר ער האָט זיי נישט געקענט פאַרשטיין, זיי זענען געווען געשריבן עפּעס אומדייטלעך. נישט פאַרשטעלט, נאָר עפּעס אַזוי מיסטיש, אַז ער האָט זיי בשום אופן נישט געקענט פאַרשטיין. אָבער ער האָט אין די אומפאַרשטענדלעכע מיסטישע בריוו געזען זיין טאַטנס פאַרבענקטע און פאַרחלשטע נשמה: זי גייט אויס פון בענקשאַפט נאָך עפּעס אומזעבאַרס, אומפאַרשטענדלעכס. ער האָט דעם טאַטן — אויף זיין יעדן גרויסן בריוו — געענטפערט מיט אַ דרייפאַך גרעסערן, אין וועלכן ער האָט געפּרוווט אַלע זיינע געדאַנקען אַריינצולייגן. דורך זיינע בריוו האָט ער דעם טאַטנס פאַרחלשטע נשמה, אויף זיינע שוואַכע, ייִנגע און אומזיכערע פליגל פון פאַרשטאַנד און שטרעבן צו חכמה געוואָלט נעמען, און פליען מיט אים אונטער זייגע הימלען פון נייע

וועלטן. אויף דידאָזיקע בריוו זיינע האָט ער אָבער תמיד שוין מאַטן נאָך אומפאַרשטענדלעכערע בריוו באַקומען. ער האָט נישט געוווּסט, וואָס ער זאָל טון.

ער איז אַוועקגעגאַנגען צום סוחר, צו וועלכן דער טאַטע האָט אים געגעבן אַן אַדרעס. יענער האָט געוווינט אויף דער שענ־סטער גאַס אין וואַרשע, און דאָס הויז — אַ פּאַלאַץ! די שטיגן פון ווייסן מאַרמאָר, אויסגעלייגט מיט טעפּיכער, און וואַזאָנען פון ביידע זייטן. ווען מ׳האָט אים געעפנט די טיר, האָט אַ באַרווישנדער ריח אים פאַרכישופט, און טענער פון אַ קלאַוויר האָבן אים צעמישט. ער האָט כמעט קיין וואָרט נישט געקענט אַרויסרעדן, נאָר גלייך ווי ער האָט געזאָגט, אַז ער איז פון קאָ—ליע, אברהם דעם וואַלד־סוחרס אַ זון, און מ׳האָט דאָס געמאָלדן דעם באַלעבאָס — איז יענער באַלד אַרויסגעקומען און זיך געפרייט מיט אים, ווי ער וואָלט געווען אַ קיסרס אַ זון.

הער גאָלדשטיין — אַזוי האָט געהייסן דער באַלעבאָס — האָט יוספן געפירט דורך עטלעכע סאַליעס, אַלע מיט שפּיגלען פון אויבן ביז אַראָפּ, מיט פּערסישע טעפּיכער — איינע שענער פון דער אַנדערער. אין גרינעם צימער האָט ער אים פאַרגע־שטעלט פאַר זיין פרוי. מיט אַ זיס שמייכעלע אויף איר יידיש און נגידיש באַחנט פנים, האָט מאַדאַם גאָלדשטיין יוספן דערלאַנגט איר הייכע, ווייסע האַנט, פון וועלכער ס׳האָבן געבליצט דימאַנטן און בריליאַנטן. דאַן האָט ער אים פאַרגעשטעלט זיין טעכטערל, וועל־כע איז געזעסן באַם קלאַוויר. די זיבצן־יעריקע האַנאַטשקאַ — וועלכע האָט געהייסן הדסה — איז אויפגעשטאַנען, דערלאַנגט יוספן איר קליין הענטל, און זיך אַ ביסל פאַררויטלט. זי האָט גע־האַט הימל־בלויע אויגן, אַ ווייס איידל פנים און גרויסע בלאָנדע צעפּ. די צעפּ האָבן זיך געשלענגלט פאָרנט, זיך אַראָפּגעלאָזט אי־בער אירע יינגע נאָך קליינע ברוסטן.

יוספן האָט זיך אָנגעהויבן מישן פאַר די אויגן: שבעלע... האַנאַטשקאַ... הימל־בלויע אויגן... שוואַרץ־ברענענדיקע... בלאָנדע לאַנגע צעפּ... שוואַרצע וואַרעמע האָר... אַ קאַמף... דער קאָפּ האָט זיך אים געדרייט. „פעס מיטאַמאָל האָט ער מער

קיין איינע נישט געזען... דערנאָך — ווי ער וואָלט אויפגעקומען פון אַ שלאָף — האָט ער ווידער צוריק דערזען נאָר איינע: האַנאַטשקאַ, מיט די בלאָנדע צעפּ פאָרנט, און בלויע אויגן. הער גאָלדשטיין האָט אים געפרעגט, וואָס דער טאַטע מאַכט, די מאַמע און די שוועסטער, וואָס ס'הערט זיך איגם שטעטל, וועגן די פאַבריקן, און אַזוי ווייטער. יוסף האָט דערציילט וועגן וואָס ער איז געקומען קיין וואַרשע. דאָס איז זייער שטאַרק געפעלן דעם הער גאָלדשטיין און אויך דער מאַדאַם גאָלדשטיין. האַנאַטשקאַ — זי איז שוין צוריק געזעסן באַם קלאַוויר, נאָר נישט געשפּילט — האָט דערפילט, ווי איר הערצל האָט אין איר אַ טיאָכקע געטון, ווען יוסף האָט געזאָגט, אַז ער בלייבט אין וואַרשע. די מאַדאַם גאָלדשטיין האָט אים איינגעלאַדן צום מיטאָג, און דער הער גאָלדשטיין האָט אים פאָרגעלייגט, אַז ער זאָל באַ אים בלייבן וווינען.

דאָס הערצל אין דער שיינער הדסה באַם קלאַוויר האָט געקלאַפּט, און יוספס שטימונג האָט אָנגעהויבן ווערן אַן אַנדערע. אָבער ער איז דאָרט נישט געבליבן וווינען, און טאַקע איבער דער שיינער הדסה. ער האָט אויך שוין מער נישט געוווינט באַ זיין טאַטנס קרוב אויף דער שמאָלער מילע. ער האָט באַ זיך באַשלאָסן, אַז ער וועט טון אַלץ, ווי דער ליטוואַק האָט אים געזאָגט, און דערצו, האָט ער געוווסט, מוז ער האָבן אַ דירה: נישט אין יענעם שרעקלעכן קעלער און נישט אין „די רייכע סאַליעס, ווו ס'איז דאָ אַ יינג שיין מיידל. ער האָט זיך געקויפט טיכאָמיראָווס גראַמאַטיקע און געשוויצט באַם ליטוואַק אין „חדר", ווען ער האָט אים געפרעגט: „טשטאָ טאַקאָיע פּרילאַגאַטעלנאָיע?"

יוסף איז זיך פאָרגעקומען נאַריש: אַ מענטש פון פינף און צוואַנציק יאָר לערנט רוסישע גראַמאַטיק... אָבער די ווערטער, וועלכע דער ליטוואַק האָט אים געזאָגט: „אַז אַ מענטש, וועלכער וויל עפּעס וויסן, מוז קאָנען וועלכע-עס-איז וועלט-שפּראַך" — האָבן אים געהאַמערט אין מוח. און באַ זיך אין שטיבל — טאַקע נישט ווייט פון די גאָלדשטיינס הויז — איז ער גאַנצע טעג און נעכט געזעסן איבער דער רוסישער גראַמאַטיק, און געחזרט: „כשטאָ טאַקאָיע גלאַגאָל? טשטאָ טאַקאָיע...?" נאָר אין קאָפּ האָט זיך

איך אָנגעהויבן מישן. ער האָט דערזעען שבעלען, זי קוקט אַרויס צו איס דורכן פענצטער... זי האָט אַזעלכע טיפע שוואַרצע פייערדיקע אויגן... די שיינע הדסה... זי האָט אַזעלכע בלויע אויגן... בלאָנדע צעפּ פּאַרגט... זי זיצט באַם קלאַוויר... די טענער וויגן אים איין און וועקן אים אויף...

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, און נאָך אַ מאָל אָנגעהויבן:

„טשטאָ טאָקאָיע סוּטשעסטוויטעלנאָיע?... טשטאָ טאַקאָיע פּרילאַגאַטעלנאָיע?..."

---

דאָס איז געווען אין אַ שיינעם זומערטאָג, און יוספן האָט מען מער נישט דערקענט. ער האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די לאַנגע קאַפּאָטע, דאָס קליינע היטעלע מיטן נידעריקן דענקעלע, אָנגעטון זיך אַ פיינעם טוּנקלבלויען אָנצוג, אַ שוואַרצן הוט, און געוואָרן גאָר אַן אַנדערער מענטש. באַ דער פאַמיליע גאָלדשטיין איז ער געווען אַן אָפטער גאַסט, און מיט דער שיינער הדסה, זייער נאָענט. ער איז מיט איר געגאַנגען אין דער אָפּערע אַריין אויף „די צויבערפלייטע" פון מאָצאַרט. קיין סך האָט ער אָבער פון דעם שטיק און פון דער מוזיק נישט פאַרשטאַנען, און ער איז אַהיימגעגאַנגען אומצופרידן. ער האָט אַלץ, וואָס ער האָט געזען און געהערט, געוואָלט פאַרשטיין מיטן קאָפּ. פאַר דאָס אָבער, ווען ער איז מיט איר דאָס צווייטע מאָל געגאַנגען, דאָן אין גרויסן פוילישן טעאַטער אַריין, ווען ער האָט שוין פאַרשטאַנען גוט פויליש, און אויף שעקספּירס „האַמלעט" — האָט ער געפילט, ווי זיינע אויגן האָבן זיך אים געעפנט. ווען אים האָט זיך דערנאָך געדאַכטן, אַז ער הערט זיין מאַמעס ווערטער, וועלכע זי האָט אים אָנגעזאָגט באַם געזעגנען זיך; זי מאָנט באַ אים: „יוסף... פּאַרוואָס דאַוונסטו נישט?..." — האָט ער צו זיך געטענהט — איר געענטפערט:

— איך קאָן נישט מער קושן קיין שטיקער לעדער, אָפּגע-

אינדענע פעלן פון קעלבער, וואָס שטינקען פון שווייס און נבילה, און זיי אָנטון יעדן טאָג אויפן קאָפּ און אויף דער האַנט! איך קאָן נישט מער דריי מאָל יעדן טאָג זאָגן די זעלבע ווערטער, ווען איך וויל גאָר דענקען וועגן עפּעס אַנדערש!

---

יוסף האָט רוסיש שוין אינגאַנצן פריי געלייענט, און כמעט אַלץ שוין פאַרשטאַנען, וואָס ער האָט אין דער שפּראַך געלייענט. ער האָט אָנגעהויבן איינזען, אַז אייגנטלעך איז דער ליטוואַק גאָר אַ גאַנץ אַנדערער מענטש, ווי אים האָט זיך אין דער ערשטער רגע געדאַכטן. דער רב האָט געוווּסט צו וועמען ער שיקט אים. די ביכער, וועלכע דער ליטוואַק האָט אים געהייסן לייענען, און די, וועלכע ער האָט אים געגעבן, האָבן אים אַלץ מער געעפנט די אויגן. נאָכמער די געשפּרעכן, וועלכע ער האָט מיט אים געפירט, ווען ער האָט נאָר צייט געהאַט. ביסלעכווייז האָט ער אויך דער־זען, אַז זיין אַנען אינדערהיים וועגן וואַרשע, האָט אים נישט גע־נאַרט. דאָס בילד נאָר, וועלכעס זיין פאַנטאַזיע האָט אים וועגן זיין אַנען פאַרגעשטעלט, איז געווען פאַלש, ווייל ס'איז געווען נאַיוו. ער האָט אויך דערזען, אַז דאָס, וואָס ער האָט געלערנט אין בית המדרש, איז נישט געווען קיין אומזיסטע צייט פאַרלירן. אַלץ, וואָס ער האָט פריער געלערנט, איז אים איצט גוט צונוץ געקומען באַ יעדן בוך, וואָס ער האָט געלייענט. ער האָט נאָר דעמאָלט נישט ריכטיק און נישט גאַנץ פאַרשטאַנען, וואָס ער האָט געלערנט.

ער האָט געלייענט אַ סך, אויך די טעגלעכע יידישע צייטונגען, דעם „ייד" און דעם „פריינט". איינמאָל האָט ער זיך אין די צייטונגען אָנגעשטויסן אויף דעם וואָרט „פּרץ", וועלכעס ער האָט צום ערשטן מאָל געהערט אינם קעלער, ווו ער איז די ערשטע נאַכט געשלאָפן, ווען ער איז געקומען קיין וואַרשע. דאָס וואָרט האָט אים קיין רו נישט געגעבן. די אותיות פון דעם וואָרט:

די פ, ר און ך — צעגליטע, פלאַמענדיקע, גאָלדענע געשטאַלטן — האָבן נישט אויפגעהערט שוועבן פאַר זיינע אויגן. ער האָט אין די צייטונגען, אַלץ, וואָס איז געווען אונטערגעשריבן מיט די דאָזיקע דריי אותיות, פשוט געשלונגען. ער האָט זיך פאַרקאָכט אין די חסידישע מעשיות, יעדעס וואָרט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל איבער־געלייענט, און יעדן געדאַנק נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל איבערגע־דענקט. די בילדער פון די „מקובלים", פון „יוחנן וואַסער־טרעגער", פון „שמע ישראל", און נאָך אַנדערע, האָבן נישט אויפגעהערט לעבעדיקע אַרומשוועבן פאַר זיינע אויגן. אין די יידישע בוך־האַנדלונגען, ווו ער איז אַלעמאָל געקומען פרעגן, אויב ס'איז שוין ווידער דאָ עפּעס אַ ניי ביכל פון פּרצן, האָט מען אים אויפמערק־זאַם געמאַכט, אַז אין „השלח" דרוקט זיך זיינס אַ דראַמע „חורבן בית צדיק". ער האָט די דראַמע געלייענט, און זי האָט אויף אים אַ געוואַלטיקן רושם געמאַכט.

ער איז אַרומגעגאַנגען אינגאַנצן אַ צעמישטער, נישט גע־וווסט אויף וועלכער וועלט ער איז. זיין פרייד, אַז ס'איז דאָ איי־נער, וועלכער האָט באַגריפן זיין עלטער־זיידן דאָס שניידערל און שרייבט וועגן דעם, איז געווען אין לשער. ער האָט דאָס דער־ציילט דעם ליטוואַק — איצט שוין זיין גייסטיקער לערער — האָט אים יענער גאָר אויסגעלאַכט, חוזק געמאַכט פון גאַנצן חסידיזם. דאָס איז געווען אַ שרעקלעכער קלאַפּ פאַר אים. בײַ דער פאַמיליע גאָלדשטיין און מיט האַנאַטשקאַ — האָט ער נישט אויפגעהערט רעדן וועגן חסידיזם, וועגן פּרצן און וועגן זיין עלטער־זיידן דאָס שניידערל. הער גאָלדשטיין האָט אים אויסגעהערט און געענטפערט, אַז דער עיקר איז זיין אַ ייד און... גאָרנישט. האַנאַטשקאַ האָט אים געזאָגט — מער אין פּויליש, ווי אין יידיש, ווי זי האָט תמיד צו אים גערעדט — אַז זי האָט געלייענט פון פּרצן „די רויז", נאָר נישט אין יידיש, ווייל יידיש לייענט זי נישט. זייער אַ שיינע זאַך. זי האָט געלייענט מיצקעוויטשן. ער איז געווען אַ נביא! און סלאָוואַצקי — וויעלקי פּאָעטאַ!

אָבער ער האָט געזוכט וועמען, וואָס זאָל אים פאַרשטיין, און ער איז אַהינגעלאָפן צו זיין טאַטנס קרוב. ער האָט זיך דער־

מאַנט, אַז אין יענער נאַכט, ווען ער איז דאָרט געשלאָפן, האָט ער אין דעם שרעקלעכן קעלער געהערט מאָדנע ווערטער: אַז „דער בונד... איצט איז פרץ שוין באַשטימט אַן אונזעריקער...״ ער האָט דעמאָלט דעם יינגנמאַן, מיט וועלכן ער איז געשלאָפן, דער־ציילט וועגן וואָס ער איז געקומען קיין וואַרשע: וועגן זיינע פלע־נער און אידעען, וועגן זיין שטעטל, וועגן זיין עלטער־זיידן דאָס שניידערל, וועגן חסידיזם, און וועגן נאָך אַ סך אַנדערע זאַכן, און דער יינגערמאַן האָט אים — אַזוי דוכט זיך אים — עפּעס יאָ פאַרשטאַנען. ער האָט נאָר נישט געוואָלט פאַרשטיין דעם חסידיזם, געזאָגט, אַז דאָס איז שווינדלעריי, אַז נאָר דער סאָציאַליזם, דער „בונד״, איז די איינציקע אידעע. ער האָט אים דעמאָלט דערויף געענטפערט, אַז חסידיזם איז אויך סאָציאַליזם, נאָר אין אַן אַנדע־רער פאָרם, אין אַ ריין יידישער, און מ׳פאַרשטייט אים נאָך נישט, מען מישט אים צוזאַמען מיט די היינטיקע רביים, וועלכע זענען טאַקע שווינדלער. אָבער דער יינגערמאַן האָט אים אויף אַלעמען געענטפערט: „דער בונד״. נאָר ער האָט אים דאָך מער פאַרשטאַ־נען, ווי דער הער גאָלדשטיין און אפילו, ווי דער ליטוואַק. ער האָט אים דעמאָלט געבעטן, אַז ער זאָל אים מיטנעמען דאָרט אַהין, ווו ער גייט, צום „בונד״, האָט ער נישט געוואָלט, אים געענט־פערט: „קאָנספּיראַציע...״ אויך איצט האָט ער אים געענטפערט דאָס זעלבע סודותדיקע וואָרט, אָבער יוסף האָט אים נישט אָפּגע־לאָזט, און ער האָט אים מיטגענומען.

---

אויף דער פאַרזאַמלונג האָט יוסף דעם, וועמען ער האָט גע־וואָלט זען — פרץ — נישט געטראָפן. די פאַרזאַמלטע — מידע אַרבייטער — האָבן זיך צוגעהערט צום רעפעראַט, וואָס איינער האָט פאַר זיי געהאַלטן. יענער האָט גערעדט וועגן קאַרל מאַרקס, וועגן בורזשואַזיע, פּראָלעטאַריאַט. דערנאָך האָט אַ צווייטער גערעדט וועגן דער שרעקלעכער לאַגע פון די אַרבעטער, און וועגן אַ קאַסע

פאַר שטרייקנדע. דאָס אַלץ האָט יוסף כמעט נישט געהערט. עס האָט זיך אים די גאַנצע צייט געדאַכטן, אַז עפּעס איז אים פאַרלייגט אין די אויערן, אין קאָפּ איז אים טעמפּ און דער אָטעם אַזוי שווער... נאָר דערנאָך, ווען פון צענדליקער זינגענדיקע ברוסטן האָט זיך אַ ריס געטון:

„מיר ווערן געהאַסט און געטריבן,
מיר ווערן געפּלאָגט און פאַרפאָלגט —
און אַלץ דערפאַר, ווייל מיר ליבן
דאָס אָרעמע שמאַכטנדע פאָלק",

איז ער פריש און מונטער געוואָרן. אין קאָפּ איז אים לויטער געוואָרן, פאַר די אויגן ליכטיק. ער האָט געאָטעמט מיט פולער ברוסט, ווי ער וואָלט געווען איבדרויסן אויף פרייער לופט, אונטער בלויען הימל. דאָס צווייטע ליד:

„ווי לאַנג, אָ, ווי לאַנג וועט איר בלייבן נאָך שקלאַפן
און טראָגן די שענדלעכע קייט ?!
ווי לאַנג וועט איר גלענצנדע רייכטימער שאַפן
פאַר דעם, וואָס באַרויבט אייער ברויט ?!"

* *

*

אַ גאַנצע נאַכט איז יוסף דעמאָלט נישט געשלאָפן. פאַר זיינע אויגן האָבן געשוועבט הונדערטער בילדער, אין זיין קאָפּ האָבן געבליצט טויזנטער געדאַנקען, און די לידער, וועלכע ער האָט געהערט אויף דער פאַרזאַמלונג, האָבן ווי גלאָקן געקלונגען אין זיינע אויערן. די צוויי ווערטער: „חסידיזם און סאָציאַליזם", האָבן נישט אויפגעהערט עגבערן זיינע געהירן. די בילדער און די

געדאַנקען וועגן שבעלען און וועגן האַנאַטשקאַ האָט ער ווי בייזע
פליגן געטריבן פון זיך. מיט נאָך אַ גרעסערן ברען האָט ער זיך
גענומען צום לייענען און לערנען, און ווי איין רגע, איז אַ זו-
מער, אַ ווינטער, און ווידער אַ זומער, פאַרשוואונדן. נאָר פלוצים
האָט ער פון דער היים באַקומען אַ בריוו, אַז דער טאַטע איז קראַנק,
און ער איז אַהיימגעפאָרן.

## XIII.

ר'אברהם דעם וואַלד-סוחרם הייזל, דאָס קליינע פאַנטאַסטישע
פאַלאַצל, איז אין דער צייט, וואָס יוסף איז נישט געווען אין דער
היים, אָפּגעשטאָרבן. איצט שלאָגט אַ טרויעריקייט דערפון, אַ דער-
שלאָגנקייט, ווי פון אַ מענטש, ווען ער שטאַרבט פון אינערלעכן
צער און קיינער ווייסט נישט דערפון. דער גאָרטן איז אינגאַנצן
פאַרוועלקט געוואָרן. ער זעט איצט אויס, ווי אַ געלער שקעלעט,
פון קעלטן און ווינטן געטויט. נישט אַרומגעהילט די ביימלעך,
נישט צוגעדעקט די איידעלע פלאַנצן — אַ געפאַלענער בן מלך,
אַ יורד.

עס איז אַוועק דער האַרבסט, און געקומען איז דער ווינטער.
די ערשטע קאַלטע ווינטן, וועלכע זאָגן אָן שניי, האָבן געבלאָזן.
דער הימל איז שטאַרק פאַרוואָלקנט געוואָרן, נידעריק און פאַר-
מרהשחורהט. די אַלטע יידן אינם שטעטל זענען געגאַנגען איינגע-
בויגן, געזוכט זיך צו שיצן פון דער שרעקלעכער קעלט. ס'האָט
אָנגעהויבן כאַפּן אַ פראָסט. אינם שטעטל האָט כמעט יעדער איי-
נער געוווסט, אַז ר' אברהם דער וואַלד-סוחר איז קראַנק, און אַז
דאָרט אין הויז קומט עפּעס פאָר. דאָס האָט זיי דערציילט דער
איסטן פונם הילצערן הייזל — דאָס אויסגעפוצטע, איצט אָפּ
שטאַרבנדיקע פאַנטאַסטישע פאַלאַצל — און די עטלעכע ווער-

טער, וועלכע זענען וועגן מרימען פון מויל צו מויל אַרומגע-גאַנגען.

ר׳ אברהם איז געלעגן אין אַ שווערן צושטאַנד. יעדער האָט אינם שטעטל וועגן דעם גערעדט, געוואָלט גיין אים מבקר חולה זיין און נישט געגאַנגען. עפּעס האָט פון דעם הייזל און פון דעם גאָרטן אַרום דעם הייזל געשלאָגן אַזאַ טרויעריקייט, אַזאַ פּיין און צער, אַזאַ עסנדיקער ווייטיק, אַז קיינער האָט דאָרט נישט געקענט אַריינגיין.

יוסף איז אין זיין חדר געזעסן אַ מידער פון די נעכט אויף זיין באַ זיין טאַטנס בעט. די לעצטע נאַכט איז געווען זייער אַ שווערע. ס׳איז געווען שוין פאַרטאָג, נאָר אינדרויסן איז נאָך גע-ווען גוט טונקל. דאָס קליינע לעמפּל האָט געברענט אויפן טיש, נאָר עפּעס אַזוי טונקל און טרויעריק, אַז ער האָט עס בעסער אויסגעלאָשן. זיין מוח האָבן געפּרעסן טרויעריקע געדאַנקען : „דער טאַטע וועט היינט שטאַרבן. קיין דאָקטאָר לאָזט ער נישט ברענ-גען צו זיך, רעדט נישט. ער פאַרשטייט זיין שווייגן”.

ער האָט שווער אָפּגעזיפצט, איז אויפגעשטאַנען, צוגעגאַנ-גען צום פענצטער און אַרויסגעקוקט. אינדרויסן האָט שוין גע-גרויט, די אַרבעטער זענען געלאָפן אין די פאַבריקן אַריין. פאַר זיינע אויגן איז ארויסגעשווומען וואַרשע. ער איז אומרויק געוואָרן. זיין שטערן, וועלכער איז באַ איבּ געווען גענוג גרויס, איז אין דער צייט, וואָס ער איז געווען אין וואַרשע, נאָך אַ סך גרעסער געוואָרן, אויסגעבויגן און קיילעכדיק. די ווינקלען, ביזן האַלבן קאָפּ אַריין, האָבן זיין פּנים צוגעגעבן אַ מאַיעסטעטישן אויסזען. אויף זיין גרויסן אויסגעקיילעכטיקטן שטערן האָט זיך אין סאַמע מיטן אויסגעפאָרמט ווי אַן אַפּל, אָדער ווי אַ רויז. ס׳האָט זיך גע-דאַכטן, אַז אָט דער אַפּל, אָדער די רויז, האַרט און איינגעקשנט, רעדט, און עפּעס אַזעלכע האַרטע און איינגעקשנטע ווערטער, אַז יעדער מוז זיי הערן. זיינע אויגן האָבן פיבעריש געברענט. דורך זיי האָבן אַרויסגעקוקט די גרויסע געדאַנקען פון זיין מוח. און די גרויסע ליידן פון זיין נשמה.

יוסף האָט זיך פאַרטראַכט וועגן זיין מוטער. „זי ליידט

אַזוי פיל!" — — דאָס האָט געפרעסן זיין האַרץ. ער האָט געוווּסט, אַז זי ווייסט שוין אַלץ וועגן מרימען, וועגן איר איין־און־איינציקער טאָכטער: זי ווייסט שוין אַלץ, פאַר וועלכן איר האַרץ האָט זיך אַזוי געשראָקן. ער האָט געוווּסט, אַז אינם שטעטל קאָכט זיך וועגן דעם, ווי אין אַ קעסל. ער איז דאָס גלייך געווויר געוואָרן, ווען ער איז צוריקגעקומען פון וואַרשע. אָבער ער האָט איינגעזעען, אַז דאָס איז נישט קיין קליינשטעטלדיקייט, אָדער פאַנאַטישקייט דאָס קאָכן זיך פון די יידן. „דאָס איז דאָס שטאַרקע געפיל אין אַ נשמה פון אַ געראודפט פאָלק, וואָס וויל זיך נישט לאָזן אומברענגען", — האָט ער בײַ זיך געטראַכט. „ס'איז נאָך נישט געקומען די צייט פון אויסמישן זיך", — האָט ער בײַ זיך באַשלאָסן. „דאָס אַוועקגיין פון מרימען איצט מיט אַ קריסט, איז בלויז נאָר אַן אָפּרייסן זיך פון איר פאָלק."

ער האָט געוווּסט, אַז זיין מאַמע גייט שוין אַ לאַנגע צייט נישט אַרויס פון שטוב. זי קאָן זיך נישט ווייזן אויף דער גאַס, קאָן קיין מענטש אין פּנים אַריין נישט קוקן, וויינט טאָג און נאַכט. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט איר בושה, געפילט דעם פּאַטש, וואָס זי האָט באַקומען אין פּנים אַריין. ער האָט אין די עטלעכע וואָכן, וועלכע ער איז שוין געווען צוריק אינדערהיים, צוגעזעען, ווי זיין מאַמע עסט נישט, פאַסט תּעניתים און קאָן שוין מער נישט אַרומגיין, זיך האַלטן אויף די פיס. זי ליגט גאַנצע טעג אויפן קבר פון איר זיידן דאָס שניידערל, וויל אים פון דער ערד אַרויסרייסן ער זאָל זעען איר בראָך. זי וועקט איר טויטן טאַטן, די מאַמען, די באָבען. עס קומט קיין פרעמדער מענטש נישט אין שטוב אַריין — קאָנען אוודאי נישט. און ער — ער קאָן איר קיין איין וואָרט נישט זאָגן, נישט טרייסטן. וואָס זאָל ער איר זאָגן?

ער איז אַוועקגעגאַנגען פונם פענצטער, צוגעגאַנגען צו דער טיר פון דער שטוב, וווּ דער טאַטע איז געלעגן. ער האָט צוגעלייגט אַן אויער, זיך איינגעהערט. ס'איז געווען שטיל. ער איז צוריק אַוועקגעגאַנגען, ווידער צוריק צוגעגאַנגען צום פענצטער, און ווידער זיך פאַרטראַכט: „אפשר ווייסט דער טאַטע און די מאַמע — זיי פילן עס — אַז איך דאַווען שוין נישט מער? דאָס

הייסט: דאָס לעצטע שוין אָוועקגעוואָרפן. ווען יאָ — וויפיל שמערצן פאַרשאַף איך זיי דערמיט? אפשר אַזוי פיל, וויפיל מרים מיט איר וועלן אָוועקגיין איצט מיט אַ קריסט? סאַראַ איבערקערעניש אין דעם שטעטל איז געשעען! סאַראַ איבערקערעניש אין דער שטוב! און אין מיר אַליין? קאָן איך מיך אַליין דען דערקענען? אָבער דער מאַמעס קנאָכיק פּנים, אירע אָפּגעגעסענע באַקן פון די טרערן, אירע רויטע אויגן פון וויינען! ווי אַזוי קאָן איך איר העלפן? אַ צעבראָכענער שאַרבן איז פון איר געוואָרן. און דער טאַטע? אַ, דער טאַטע! — — — אָבער איך קאָן נישט אַנדערש! איך קאָן נישט מער גיין אין בית המדרש אַריין לערנען! איך קאָן נישט מער זיין דער, וואָס איך בין פריער געווען! איצט פיל איך ערשט, אַז איך בין אַ ייד, איך באַגרייף דעם ייד אין מיר, און וואָלט געקאָנט, ווי יענע קדושים שפּרינגען אין פייער אַריין פאַר מיין פאָלק! אָבער איין זאַך: איך קאָן נישט זיין ווי יענע זענען געווען!"

אַ געדאַנק האָט אַ בליץ געטון אין זיין קאָפּ: „אפשר פאַרשטיי איך גאָרנישט דעם כּוח, וועלכער ליגט אינם דאַווענען פאַרן קיום פון מיין פאָלק? אפשר פאַרשטיי איך גאָרנישט דאָס גאַנצע יידישקייט? דאַן באַגרייף איך נישט מיין עלטער־זיידן, דאָס שנייַדערל, אין וועלכן איך זע דעם עתיד פון מיין פאָלק, און דעם משיח פאַר דער גאַנצער מענטשהייט!"

ווי אַ צערייצטער לעמפערט האָט ער זיך אַרומגעדרייט איבער דער שטוב אַהין און צוריק. זיינע אויגן זענען געווען טיף, זיין בליק ווייט. ווידער האָט ער זיך אָוועקגעזעצט באַם טיש. דאָס אויסגעלאָשענע לעמפל האָט אים אָנגעקוקט. ער האָט צוזאַמענגענומען אַלע זיינע געדאַנקען, וועלכע זענען אים אויסגעקומען איינער קייגן אַנדערן, און אַלע קייגן דעם ייד, ווי ער איז פריער געווען, דאָס הייסט: קייגן דעם שולחן־ערוך־יידישקייט. זיין קאָפּ האָט געאַרבעט. ער האָט געוואָלט אַלע זיינע געדאַנקען צוזאַמענגיסן, צוזאַמענשמעלצן אין איין געדאַנק, אַז זיי זאָלן אַלע אויסקומען ווי איין קרוין פאַר זיין פאָלק און נישט געקענט. זיינע אויגן האָבן זיך אין וואַרשע געניטן בּרייט געעפנט, עס זענען פאַר־

שוווּנדן אַ סך גרענעצן פֿאַר זיין בליק. דאָס, וואָס ער האָט נאָך נישט פֿאַרשטאַנען, האָט ער געפֿילט. ער האָט פֿאַרשטאַנען זיין שוועסטער, געפֿילט איר אמת, ווען זי האָט אים געזאָגט: „איך וויל נישט מער וויסן פֿון ייד און קריסט, איך וויל נישט מער וויסן פֿון מיין פֿאָלק און יענעמס פֿאָלק! אַלע מענטשן זענען איין פֿאָלק! בלויז צוויי קלאַסן זענען דאָ, רייכע און אָרימע, און קעגן דעם וויל איך קעמפֿן!" ער האָט זי פֿאַרשטאַנען, באַגריפֿן, פּונקט ווי ער האָט פֿאַרשטאַנען און באַגריפֿן פֿריער, ווען זי האָט מיט אים גערעדט וועגן דעם אויפֿוואַכן פֿון איר פֿאָלק צוזאַמען מיט אַלע פֿעלקער, און אַז יעדעס פֿאָלק, יעדע נאַציע, מוז האָבן איר היים. ער האָט יעדן געוואָלט פֿאַרשטיין. ער האָט פֿאַרשטאַנען און באַגריפֿן די, וועלכע האָבן אינגאַנצן געלייקנט אין אַ גאָט, און אויך די, וועלכע האָבן זיך זייער גאָט פֿאָרגעשטעלט אין הימל אַלס שופֿט ראש השנה און יום כּפּור. ער האָט זיי אַלע פֿאַרשטאַנען, באַגריפֿן זייערע וועלטן. אָבער ער האָט אין דער זעלבער צייט געוווּסט, אַז קיין טויזנטער אמתן זענען נישטאָ. אָדער — דאַן זענען דאָ מיליאָנען, מיליאַרדן אמתן! אין יעדער רגע ווערט דאַן פֿאַר יעדן מענטש געבוירן אַ נייער אמת! דאַן איז זיין פֿאָלק פֿאַרלוירן, ווייל ס'גלייבט בלויז נאָר אין איין אמת, אין איין גאָט!

ער איז אויפֿגעשפּרונגען: „יאָ! בלויז נאָר איין אמת איז דאָ! די מיליאָנען און מיליאַרדן אמתן זענען בלויז נאָר איין אמת! איין זון, מיט מיליאָנען און מיליאַרדן שטראַלן! איך דאַרף נאָר, אַז דאָס גאַנצע פֿאָלק מיינס, יעדער איינער — נישט בלויז דער יחיד — זאָל דעם איינעם גרויסן אמת וויסן! און נישט גאָט זאָל דאָס וואָרט הייסן, נאָר —"

ער האָט זיך פֿאַרפֿלאָנטערט און צוריקגעכאַפּט: „ניין, נישט דאָס מיין איך. איך וויל נאָר, אַז דער איינער גרויסער אמת, די זון, זאָל פֿאַר מענטשן אין דער וועלט גלייך שיינען. אַלע מענטשן זענען איין פֿאָלק, ווי מיין שוועסטער זאָגט. אָבער זי פֿאַרשטייט נאָך נישט, ווי אַזוי דאָס איז. אונזער עלטער-זיידע דאָס שניידערל האָט דאָס פֿאַרשטאַנען. אָבער דאָס לעבט אין מיין פֿאָלק, יאָ, דאָס

לעבט שטום אין מיין פאָלק, און אין אַלע פעלקער. די נביאים
האָבן וועגן דעם איינעם גרויסן אמת גערעדט, און נישט פאַרלויר
געגאַנגען זענען זייערע ווערטער. הונדערטער יאָרן זענען זייערע
ווערטער וועגן דעם איינעם גרויסן אמת, וועגן דער גרויסער גע
רעכטיקייט, ווי פאַרזייטע קערנער שטיל אין דער ערד געלעגן
און איצט וואַקסן זאַנגען אויס. יעדעס וואָרט פון יעדן נביא אי
צו אַ זאַנג פון דער שוואַרצער ערד אויסגעוואַקסן, יעדע זאַ
טראָגט אין זיך צענדליקער קערנער און אַלע רייסן זיך צו טון,
וואָס דער נביא האָט געזאָגט. די ווערטער פון די נביאים הייבן
איצט אָן קלינגען, און אַלע אין איין כאָר. די שטימע פון פאָלק
וואַכט אויף. די גערעכטיקייט פון דעם איינעם גרויסן אמת. איצט
ווייס איך שוין, פאַרוואָס די אַלע געדאַנקען אין מיר קומען אויס
איינער קעגן אַנדערן, און אַלע קעגן איינעם. דאָס הייסט: קעגן
דעם ייד, ווי איך בין פריער געווען. ווייל איך בין פריער קיין
ייד גאָרנישט געווען. די אַלע דינים און מנהגים, אין וועלכע דאָס
יידישקייט איז אַריינגעדריקט געוואָרן, זענען אַ שרעקלעכער חומר,
אין וועלכן די נשמה ווערט דערדריקט. איצט האָב איך מיך פון
דעם חומר באַפרייט, און איך פיל ערשט, אַז איך בין אַ ייד. מיין
שוועסטער רעדט ווי אַ נביאה, זי איז מרים הנביאה".

ער האָט געציטערט פון באַגייסטערונג. נאָר באַלד איז ער
ווידער צוריק טרויעריק געוואָרן. די ערשטע טרויעריקע געדאַנקען
זענען ווידער צוריקגעקומען אין זיין קאָפּ: „ס'איז די צייט נאָך
נישט געקומען, דער אָדלער מוז נאָך אין איי ליגן. איך פאַרשטיי
דעם צער פון מיין טאַטנס שטומער נשמה, כאָטש ער אַליין פאַר-
שטייט זי אפשר נישט. אָבער דאָס נישט פאַרשטיין איז כמעט תמיד
געווען דער ריכטיקער אמת, ווי דאָס נישט קענען רעדן דער
גרעסטער וויי. דאָס קאָכן זיך אינם שטעטל איז דער שטו-
מער אומוויסנדיקער „מע" פון אַ סטאַדע שעפּסן, ווען איינס ווערט
פון זיי אָוועקגעריסן. אָ, ווי גרויס איז דער צער פון מיין מאַמען,
ווען פון איר ווערט איר אייגן קינד אָוועקגעריסן? עס קומט קיי-
נער נישט דעם טאַטן מבקר חולה זיין, ווי ער וואָלט אין דער
גאַנצער שטאָט קיין איין פריינט נישט געהאַט. איך ווייס פאַרוואָס

ס'איז דאָס אומגליק וועגן מיין שוועסטער אַלעמענס גלייך, און מען וויל זיך נישט קוקן אין די אויגן אַריין, מען קען נישט. ניין, דאָס איז נישט קיין צוזאַמענשמעלצן זיך פון אַלע פעלקער אין איין פאָלק, דאָס איז נישט דאָס קול פונם איינציקן אמת, אין וועלכן עס גיסן זיך צוזאַמען אַלע אמתן, דער אמת, וועלכער הייסט ליבע. דאָס זענען ווידער בלויז נאָך איינציקע שטימען דערוויַיל, און די איינציקע, וועלכע לויפן שוין, וועלן דערנאָך זיין די פאַרבלאָנדזשעטע שעפעלעך פון דער סטאַדע, אָדער גע־גזלטע. ווער קאָן וויסן? אַז אַזוי פיל וועלף לויערן נאָך אויף אונז. און דווקא מוזן מיר זיך האַלטן, אַזוי לאַנג, ווי די אַנדערע וועלן נאָך אַלץ וועלן גרעסער און שטאַרקער ווערן אויף פרעמדע פלייצעס. יאָ, איך וועל אויסטון מיין קאַפּאָטע, דעם טלית קטן — ווען דו וועסט אויסטון דיין סוקמאַנע, דיין צלם".

אין זיינע אויגן האָט זיך אָנגעצונדן אַ פייער, און ער האָט אויסגעשריגן: „די פרומע יידישע מאַמעס פאַרשטייען נישט, זיי־ערע שטומע נשמות קענען נישט רעדן, אָבער זייערע מאַמע־הער־צער פילן ריכטיק! אַלע זענען זיי איין געטרייַע מאַמע פאַר זייער פאָלק! זיי דערציען זייערע קינדער מיט ליבע און זאָרג, ציטערן מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ, אַז איין שעפעלע זאָל זיי חס ושלום נישט פאַרבלאָנדזשעט ווערן, אַז קיין פרעמדע האַנט זאָל חס ושלום נישט שולט זיין אין זייער סטאַדע! גרויס איז די אויפגאַבע פון דע פרוי צו זיין אַ מאַמע — זי מייסטערט וועלט און גאָט!"

ער איז צוגעגאַנגען צו דער טיר, ווו מרימל איז געשלאָפן, צוגעלייגט אַן אויער, און זיך איינגעהערט, אויב זי שטייט שוין אויף. ער האָט געוואָלט מיט איר רעדן. אָבער ער האָט זיך אי־בערצייגט, אַז זי שלאָפט נאָך, און איז פון דער טיר צוריק אוועק־געגאַנגען. ווידער האָט ער געדענקט וועגן זיין טאַטן: „ער שטאַרבט. ניין, נישט ער שטאַרבט — ער גייט אויס, ווי אַ שטו־מער פויגל, וואָס האָט געוואָלט פליען און נישט געקאָנט, געוואָלט זינגען און זיך געשעמט".

יוסף האָט געפילט, אַז זיין האַרץ פּלאַצט פון דעם צער אין זיין היים, פון דער שרעקלעכער טראַגעדיע באַ זיינע עלטערן. ער

האָט זיך דערמאַנט, אַז ווען ער איז צוריקגעקומען פון וואַרשע, האָט מען אים דערציילט, אַז דער רבי האָט אַרויסגעטריבן אַ דבוק. אַ גרויסן ווייטיק האָט ער דעריבער דערפילט אין זיין האַרץ. דער געדאַנק, אַז זיין עלטער-זיידן, דאָס שניידערל, האָט געירשנט אַזאַ רבי, איז געוואָרן שרעקלעך פאַר אים. זיין מוח האָט געפּלאַצט. ער האָט צוגעלייגט די האַנט צום שטערן. „אָ, די אַלע געדאַנקען...״ אין דעם זעלבן מאָמענט האָט זיך אים געדאָכטן, אַז ער פאַרשטייט אַלץ, זעט אַלץ, און פילט אַלץ. ער איז אָבער נישט געווען גליקלעך אין דעם מאָמענט, געקרעכצט: „נו, יאָ... אָבער...״

אין די עטלעכע וואָכן, פון כמעט יעדע נאַכט אויף-זיין באַם טאַטנס בעט, און צוזעען זיין ווייַ, איז יוספס פּנים בלאַס געוואָרן. זיין קאָפּ איז מיד געוואָרן פון די אַלע שווערע געדאַנקען, וועלכע ער האָט געזוכט צו פאַרענטפערן, צוזאַמענצושמעלצן, אַז זיי זאָלן אַלע מסכים זיין צו איין געדאַנק זיינעם, וועלכן ער האָט נאָך דערווייל אַליין קלאָר נישט פאַרשטאַנען, אָבער שטאַרק שוין געפילט אים, שוין געזען דאָס בילד פון אים. ווידער האָט ער זיך אָוועקגעזעצט באַם טיש, דעם קאָפּ אויף ביידע פויסטן, און געגלאָצט. נאָר באַלד איז ער ווידער צוריק אויפגעשפרונגען, דערפילט אַ ווילדן כוח אין זיך, ווי אַ פייערדיקע לאַווע וואָלט זיך אין אים געריסן. אין זיינע אויערן האָבן געקלונגען די לידער, וועלכע ער האָט אין וואַרשע אויף דער פאַרזאַמלונג געהערט זינגען, און ער האָט אָנגעהויבן שפּאַנען איבער דער שטוב הין און צוריק. זיינע טריט זענען געוואָרן אַלעמאָל האַסטיקער. עס האָט זיך אים אָנגעהויבן דאַכטן, אַז ער גייט איבער גאַסן, איבער שטעט, איבער לענדער, און נישט ער גייט, נאָר ער טראָגט זיך אין דער לופט, ער איז אויף אַ באַרג, און רעדט צו מיליאָנען מענטשן, אַלע מענטשן פון דער גאַנצער וועלט האָבן זיך פאַרזאַמלט אַרום אים, און ער רעדט צו זיי. זיינע ווערטער זענען ווי דונערן און בליצן, די מענטשן, וועלכע הערן אים: יונג און אַלט, מענער און פרויען, און קינדער — אַלע זעען אויס, ווי זיי וואָלטן זיך צו אים געריסן מיט באַגייסטערונג. זייערע אויגן בליצן, זייערע

פנימער זענען צעשטראָלט, און זייערע בליקן יום טובדיק. ער רעדט צו זיי וועגן גאָט:

— גאָט איז די ליבע, וועלכע פילט אָן די גאַנצע וועלט! די ליבע אין די הערצער פון די מענטשן איינער צום אַנדערן, די ליבע צו אַלעם, וואָס דאָס אויג קאָן נאָר זעען, און דער געדאַנק דענקען! ליבע האָט די וועלט באַשאַפן! ליבע האַלט די וועלט און שאַפט זי ווייטער! ליבע איז אמת! ליבע איז רעליגיע! נישטאָ טאָ קיין פעלקער אויף דער וועלט, נאָר מענטשן! עס איז דאָ בלויז נאָר איין לעבן, און דאָס איינע לעבן לעבן אַלע אויף דער ערד!

ער האָט אַלע מאָל האַסטיקער געשפּאַנט איבער דער שטוב. זיין פנים איז געוועזן צעפלאַמט, די אויגן האָבן געשפּריצט מיט פייער, און דער קאָפּ איז געפלויגן. פּלוצלינג איז ער שטיין געבליבן שטאַר אין מיטן שטוב. פון זיינע אויגן האָבן זיך געגאָסן טרערן, ער האָט געזעען אַ הערלעך בילד: אַלע מענטשן זענען זיך געפאַלן אין די אָרעמס, זענען זיך געלעגן אויף די העלזער און געוויינט פון פרייד. פון זיין האַרץ האָט זיך אַ ריס געטון: „אַלע קירכן, קייטן און שלעסער — פאַרשווינדט!" און שוין האָט ער געהערט מויערן קראַכן, אייזן און שטאָל. אַלע קירכן זענען צוזאַמענגעפאַלן, אַלע טורמעס, און די געפאַנגענע — אַלע באַפרייטע — האָבן זיך געקושט מיט די, וועלכע האָבן זיי געהאַלטן געפאַנגען. ווייסע טויבן זיינען פונם כלי זיין געוואָרן. אַ נייע וועלט איז געבוירן געוואָרן, דער הימל אַזוי בלוי, און די זון אַזוי ליכטיק...

יוסף האָט אויסגעשפּרייט זיינע הענט: „גאָט!" — —

— — — — — — — — — — — — —

ווי פון הימל אויף דער ערד געפאַלן, האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ער פאַנטאַזירט. ער האָט זיך אויסגעריבן די אויגן, ווי ער וואָלט פון שלאָף אויפגעקומען און אַ גוטן חלום געזעען. דאָס איז באַ אים געווען שוין דאָס צווייטע מאָל, זינט ער איז געקומען פון וואַרשע. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אין דער שטוב, ביסלעכ-

ווייז זיך צוריק דערמאַנט, וועגן וואָס ער האָט פריער געטראַכט, און ווידער דערזעען די גאַנצע ביטערע ווירקלעכקייט. ער איז ווי־דער צוגעגאַנגען צום פענצטער און ווידער אַרויסגעקוקט. ווידער האָבן אים די זעלבע געדאַנקען און די זעלבע בילדער, וועלכע האָבן אים קיין איין מינוט קיין רו נישט געגעבן, אָנגעהויבן קו־מען אין קאָפּ אַריין, און ער האָט וועגן זיי ווידער געטראַכט. ער איז אָבער באַלד מיד געוואָרן ווידער צו טראַכטן וועגן זיי, און זיי פאַרטריבן פון זיך. ער האָט געוואָלט גאָרנישט דענקען מער, גאָר־נישט טראַכטן, און גאָרנישט זעען. אָבער דאָס האָט ער נישט געקאָנט. נאָך פלוצלינג האָט ער זיך גאָר דערמאָנט אָן שבעלען און אַ טרויעריקער שמייכל האָט זיך אויף זיינע, אין שמערצן פאַרקרומטע ליפּן, באַוויזן : „ווידער שטיי איך באַם פענצטער... קוק אַרויס... שבעלע שלאָפט איצט נאָך אוודאי... אָבער באַלד וועט זי אויפקומען, און וועט זיך אַנידערשטעלן באַ איר פענצ־טער...״

ער איז אַוועקגעגאַנגען פון פענצטער, אָבער שבעלעס אויגן האָבן אים פאַרפאָלגט : ס׳האָט זיך אים געדאַכטן, אַז אירע בליקן זאָגן אים עפּעס. און גלייך האָט ער אויך הדסהס בלויע אויגן דערזעען, אירע בלאָנדע צעפּ, ווי זיי שלענגלען זיך איבער אירע ברוסטן, זי זיצט באַם קלאַוויר...

ער האָט זיך געריבן דעם שטערן : דער בעל שם.., ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער... ר׳ נחמן בראַצלעווער... זיין על־טער־זיידע דאָס שניידערל... פּרץ... דער יינגערמאַן, מיט וועלכן ער איז אין וואַרשע אין יענעם שרעקלעכן קעלער געשלאָפן אין איין בעט... סאָציאַליזם...

נאָך פלוצלינג האָט אַ גערויש פון דער שטוב, ווו ר׳ אַברהם איז געלעגן, איבערגעריסן אַלע זיינע געדאַנקען. ער האָט אויפגע־פּראַלט די טיר, אַריינגעלאָפן אַהין און דערזעען, אַז די מאַמע שטייט באַם טאַטנס בעט, מונטערט אים, רייסט אים, און מרים — אַ בלאַסע — שטייט אין אַ ווינקל. מיט איין שפרונג איז ער גע־ווען באַם בעט. ער האָט אַרומגעכאַפּט דעם טאַטנס הענט, און

אַ פֿאַרצווייפֿלטער געשריי האָט זיך פֿון זיין האַרץ אַרויסגעריסן:
„טאַטע! — —“

דער גוססדיקער ר׳ אברהם האָט אויפֿגעריסן די אויגן, געקוקט. פֿאַרשטומטע האָבן אַלע אויף אים געקוקט, נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין וואָרט פֿון זייער מויל. אַ בלאַסער פּאַס ליכט פֿון דער אויפֿגייענדיקער זון האָט זיך אַריינגעגאָסן אין שטוב און געפֿאַלן אויפֿן גוסס.

יוסף איז געשטאַנען מיט אַן אָפֿן מויל, נישט געוווּסט, וואָס ער זאָל טון. ער האָט געזען, אַז דער טאַטע וויל עפּעס זאָגן. ער האָט אויפֿגעריסן די אויגן אויף מרימען — זי צוגערופֿן צום בעט מיט זיין בליק. אָבער זי איז שטיין געבליבן קאַלט און רויק אין איר ווינקל. רחלע האָט זיך געבראָכן די אויסגעדאַרטע ציטערדיקע הענט, געזען, אַז איר מאַן שטאַרבט. דער גוסס איז געלעגן רויק. נאָר פּלוצלינג האָט זיך דער אויסגעלאָשענער בליק אין זיינע אויגן אָנגעצונדן מיט נישט קיין געוויינלעך פֿייער. דער בלאַסער פּאַס ליכט פֿון דער אויפֿגייענדיקער זון האָט דאָס קאַלטע פּנים פֿונם גוסס אַלעמאָל שטאַרקער באַלויכטן. די איינגעפֿאַלענע ליפּן מיט די וואָנסעס האָבן זיך אָנגעבלאָזן. די שוואַרצע באָרד איז אָבער שוין געווען טויט. די פֿיבערישע בליקן אין זיינע אויגן, וועלכע האָבן געשיט מיט שפּיזנדיקע פֿלאַמען, זענען געוואָרן אַלעמאָל אָנגעצינדענער. יוסף האָט געציטערט. זיינע אויגן האָבן געברענט נאָך שטאַרקער און פֿיבערישער ווי דעם טאַטנס, און זיין פּנים איז געווען נאָך בלאַסער ווי פֿון דעם גוסס. ער האָט אין טאַטנס פֿיבערישן בליק פֿאַרן טויט דערקענט, אַז ער וויל איצט זאָגן דאָס, וואָס ער האָט באַם לעבן נישט געזאָגט. ער האָט געזען, אַז דער טאַטע וויל, מרים זאָל צוקומען צום בעט, און ער האָט זי צוגערופֿן. זי איז מיט קאַלטע נישט געאיילטע טריט צוגעגאַנגען ביז פֿאַרן בעט און איז שטיין געבליבן. דאָס פֿיבערישע פֿייער פֿונם גוסס אויגן האָט זיך אויף איר אַ גאָס געטון. דער גוסס האָט זיך געוואָלט נאָך אויפֿזעצן, אָבער ער האָט שוין נישט געקענט. קוים ער האָט נאָך אַרויסגעשעפּטשעט: „מיין קינד... בלייב אַ ייד...“

אַלע זענען פאַרשטיינערט געוואָרן. מרימס באַקן זענען נאָך בלאַסער געוואָרן. דער בליק אָבער אין אירע אויגן איז געבליבן דוּיק. יוסף און די דערשלאָגענע מאַמע האָבן געזעען, אַז דעם שטאַרבנדיקנס ווערטער האָבן זי נישט גערירט. זיי האָבן איר גע־וואָלט עפּעס זאָגן, אָבער זיי האָבן נישט געקענט: די צונגען האָבן זיך באַ זיי נישט געלייגט צום רעדן. פון די שוין כמעט אינגאַנצן אויסגערונענע און אויסגעוויינטע מאַמע-אויגן, וועלכע האָבן שוין אויסגעזעען ווי צוויי פינצטערע לעכער, האָבן זיך אָנגעהויבן גיסן טרערן ווי פון אַ קוואַל, הייסע זידיקע טרערן. יוספס בליקן זענען ווי שפּיזן געפאַלן אויף מרימען. זי האָט געפילט, ווי זיי לעכערן זי דורך, און צראַפּגעלאָזט די אויגן.

דער גוסס האָט זיך אָנגעהויבן קרעכצן, ווי ער וואָלט אַראָפּ־געשלונגען אַ ביין. ער האָט זיך אָנגעהויבן ראַנגלען, שטאַמלען, ווי ער וואָלט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן. אַלע, חוץ מרים, זענען צו אים צוגעלאָפן, האָבן אים אויפגעזעצט, אָבער מער ווי האַלבע ווערטער, וועלכע מען האָט קוים נאָך געקענט פאַרשטיין, האָט ער שוין נישט געקענט אַרויסברענגען. זיינע לעצטע ווערטער זענען געווען: „אייער זיידע... אַלע צדיקים... טאַנצן... מיט... דער... שכינה... אַלע מענטשן...״

פון יוספס האַרץ האָט זיך ווידער אַרויסגעריסן אַ פאַרצווייפל־טער געשריי: „טאַטע! — — —״

דער גוסס האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אַרונטער און נאָך איינמאָל אויפגעריסן די אויגן. דער בליק אין זיי, וועלכער האָט מיט איין מינוט פריער אַזוי געפלאַקערט, איז שוין אינגאַנצן אויס־געלאָשן געווען. בלויז נאָך איין וואָרט האָט ער פון צווישן די ציין אַרויסגעכאָרבלט: „וידוי״.

יוסף האָט גיך געכאַפּט דער מאַמעס קרבן-מנחה-סידור, וועל־כער איז געלעגן אויפן טיש, און אין איילעניש אויפגעמישט וידוי. ער האָט אָבער דעם סידור באַלד צוריק אַוועקגעלייגט, ווייל עס איז שוין מער נישט געווען מיט וועמען צו זאָגן. אין פאַרצווייפ־לונג האָט ער אַרומגעכאַפּט די מאַמע, זי געדריקט צום האַרץ, און געבעטן: „קיין וואָרט, מאַמע.. שטיל... שטיל...״

אינסטינקטיוו האָט ער געכאַפּט צוויי גרויסע ליכט, זיי אָנ־געצונדן, און אוועקגעשטעלט בײַ דעם מת צוקאָפּנס. ער האָט גע־וואָלט אַ קוק טון אויף מרימען, אָבער ער האָט נישט געקאָנט. ער האָט ווידער אַרומגעכאַפּט די מאַמע, זי געקושט אין קנאָכיקן פּנים, און צוגעדריקט צום האַרץ. ער האָט נישט אויפגעהערט זי בעטן: „נישט וויינען, מאַמע... נישט וויינען...״ אָבער רחלע האָט סײַווי נישט געוויינט, זי האָט שוין מער נישט געקאָנט.

---

ווי אַ בליץ האָט אינם שטעטל זיך פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז ר׳ אברהם דער וואַלד־סוחר איז שוין מער נישטאָ. באַלד האָבן צום מת אָנגעהויבן אָנקומען אַ סך מענטשן: יידן מיט גרויע בערד, וועלכע האָבן נאָך געדענקט ר׳ מלכן, און אַזעלכע, וואָס זייערע טאַטעס האָבן גערעדט מיטן שניידערל. עס זענען געקומען ווייבער און די חברה־קדושה.

אַלע געוועלבער זענען געווען צו. אהרן ברוך שמשס קול האָט טרויעריק גערופן: „מת מצווה!...״ די צדקה־פּושקעס האָבן געקלימפּערט: „צדקה תציל ממוות...״

כמעט דאָס גאַנצע שטעטל האָט מלווה געווען דעם מת. אַ שווערע טרויעריקייט. יעדן האָט זיך געדאַכט, אַז די לופט וויינט. דער הימל איז געווען פינצטער, די זון האָט זיך אײַנגעהילט אין גרויע תכריכים. די לוויה האָט זיך געצויגן און געצויגן. די יידן זענען געווען אָנגעטון אין זייערע וואָכעדיקע קאַפּאָטעס, און די ווייבער אײַנגעהילט אין פאַטשיילעס. די מלמדים זענען געגאַנגען מיט זייערע תלמידים. יוסף האָט געפירט די מאַמע אונטערן אָרעם. ער איז געגאַנגען מיט איר האַרט לעבן דער מיטה, וועלכע פיר יידן — די חשובסטע אין דער שטאָט — האָבן געטראָגן. מרים איז געגאַנגען אָפּגערוקט, בײַ דער זייט, ווי אַ פרעמדע. די אויגן האָט זי געהאַלטן אַראָפּ צו דער ערד, געפילט, ווי אַלעמענס בליקן און געדאַנקען שטעכן זי דורך.

די יידן, וועלכע זענען נאָכגעגאַנגען נאָך דער מיטה האָ[בן]
געפילט, אַז עס בינדט זיי איצט צוזאַמען מיט דעם געשטאָרבענעם.
זיי האָבן געטראַכט וועגן זיין טאָכטער: „אפשר טאָר מען זי שוין
נישט אַרויפלאָזן אויפן הייליקן־אָרט? — —" אין דער זעלבער רגע
זענען די פיר יידן מיט דער מיטה פּלוצלינג שטיין געבליבן, און
דער גאַנצער עולם הינטער זיי. איינער מיטן אַנדערן האָט זיך אי־
בערגעקוקט. די בליקן האָבן זיך פאַרשטאַנען. בלאַסע, אין שווע־
רער פאַרלעגנהייט, זענען אַלע געשטאַנען און געוואַרט אויף
עפּעס. זיי האָבן אָפּגעזאָגט די פסוקים, וועלכע מען דאַרף זאָגן פאַרן
אַריינגיין אין בית עולם, אָבער די פיר יידן מיט דער מיטה האָבן
זיך אַלץ נישט גערירט פון אָרט. דאָס שווערע טויער פונם בית עולם
איז געשטאַנען אָפן, אויסגעזעען, ווי אַ שרעקלעך אָפן מויל, וואָס איז
גרייט צו פאַרשלינגען — נישט נאָר דעם מת — נאָר אויך די־
לעבעדיקע. די מצבות — אַ סך שוין איינגעזונקענע אין דער ערד,
און די קברים — אַ סך שוין איינגעפאַלענע — האָבן אַרויסגעקלאָגט
מיט אַ שטומער יללה. דיביימער — טרויעריקע — האָבן זיך גע־
שאָקלט אין צער, און דאָס גראָז — דאָ נאָך גרין — האָט אויס־
געזעען, ווי גרינע שלאַנגען וויקלען זיך אַרום די קברים אַרום.
אַן אומהיימלעכע שטילקייט, אַ טויטע רויקייט, אַ פּחד.

די שטומע רעדעוודיקייט פונם עולם, זייערע בליקן און די־
גאַנצע אָנגעצויגנקייט, האָט שרעקלעך אָנגעהויבן דריקן אויף יוספס
נשמה. ער האָט געביסן די ליפּן, געקריצט מיט די ציין, און צוזאַ־
מענגעדריקט די הענט אין פויסטן. ער האָט זיך שוין מער נישט
געקאָנט באַהערשן, און אַ געשריי געטון: „וואָס שטייט מען?!" און
אָנכאַפּנדיק מרימען באַ דער האַנט, האָט ער זי געשלעפּט:
„קום!"

די רציחה האָט געקאָכט אין אים.

מרים האָט דערפילט אַ שרעקלעכן ווייטיק אינעם אָרעם, ווי־
אַרומגענומען מיט אַן אייזערנער צוואַנג. זי האָט נישט פאַרשטאַ־
נען, פאַרוואָס ער ציט זי אַזוי, וואָס מיט אים איז געשען, אָבער
זי האָט געפילט, ווי די שטומע בליקן פון די הונדערטער אויגן
עגבערן זיך אין איר גוף, און אָנגעהויבן זיך אָגשטויסן. אין

יוספס שרעקלעך ברענענדיקע בליקן האָט זי איבערגעלייענט אַלץ, און שוין געוווּסט, אין וואָס דאָ האַנדלט זיך. אירע בליקן — צוויי קאַלטע פלאַמען — האָבן אָנגעהויבן מלחמה האַלטן מיט די בליקן פונם עולם. די פיר יידן, ווי זיי וואָלטן פון וועמען אַ שטויס באַקומען, האָבן אַ נעם געטון די מיטה און אָנגעהויבן גיין. רחלע האָט נישט געוווּסט, וואָס ס'איז פאָרגעקומען.

באַם אָפענעם קבר האָט יוסף געזאָגט קדיש.

## XIV

מרים איז נאָך דער לוויה פאַרשוווּנדן, און שוין מער אַהיים נישט געקומען. יוסף איז נאָך דער שבעה זי אַרומגעגאַנגען זוכן. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף איר באַ אירע באַקאַנטע, ביז ער האָט זי געפונען. זי איז געווען אין אַ קליין אָרעם שטיבל הינטער דער שטאָט באַ אירס אַ פריינט, אַ פאַבריק-אַרבעטער. דערדאָזיקער אַרבעטער איז געווען אַ קריסט, געהייסן יאַן שווידער, און געווען דער פירער פון דער באַציווקע אין דער פוילישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי. פאַר אים האָט דאָס גאַנצע שטעטל מורא געהאַט. אַז מען האָט דערמאַנט זיין נאָמען, האָט זיך יעדן געדאַכטן, אַז ער הערט אַ באָמבע אויפרייסן, ער זעט קאָזאַקן אויף פערד זיך יאָגן, מען שיסט, אין די גאַסן וואַלגערן זיך געהרגעטע סטראַזשניקעס — אַן איבערקערעניש.

יאַן שווידער איז געווען אַ הויכער, מיט בלויע אויגן, און דאָס קליינע ברוינע קאָפּעלושל געטראָגן זייטיק אַ ביסל אויף דער גרויסער טשופּרינע. ער האָט מרימען — זיין בעסטע „פשיאַטשול-קע" — איבערגעלאָזט באַ זיך אין דער וווינונג, ווייל ער איז אַוועקגעפאָרן אויספירן „אַ שטיקל אַרבעט".

ווען יוסף איז אַריינגעקומען אין דעם אָרימען שטיבל, האָט ער געטראָפן מרימען אַריינוואַרפן שטיקלעך האָלץ אין אייזערנעם

אייוועלע, ס'זאָל זיין וואַרעם. ער האָט בײַ דער טיר איר געזאָגט גוט-מאָרגן. זי האָט זיך דערשראָקן, גיך זיך אויסגעדרייט צו זעען, ווער עס איז אַריינגעקומען. זי איז גאָר נישט געווען גאַנץ אָנגעטון, בלויז אין וואַרעמען אונטערקליידל, אָן אַ בלוזקע, און באָרוועס. זי האָט געמיינט, אַז ס'איז יאַן, ווייל ער האָט געקענט רעדן יידיש ווי אַ ייד, און זי איז דעריבער רויט געוואָרן.

יוסף איז נאָך אַלץ געשטאַנען בײַ דער טיר. זיינע אויגן זענען בײַ אים געווען שרעקלעך אויפגעריסן. מען האָט געקאָנט מיינען, אַז מיט זיינע בליקן עסט ער זיך איין אין אירע ראָזע שלאַנקע און פולע אָרעמס, אין אירע הייסע צאַפּלדיקע ברוסטן, אין אירע נאַקעטע פיס. זיין בליק איז אָבער געווען אַ קאַלטער, און אַ שטייפער. ער האָט געטראַכט בײַ זיך: „זי ענטפערט מיר שוין אפילו נישט קיין גוט-מאָרגן...”

מרים האָט גיך אויף זיך גענומען איר וואַרעם מאַנטל, אים בלויז נאָר אויפגעהאָנגען אויף זיך און געוואַרט אויף דעם, וואָס ער וועט איר זאָגן. אירע שוואַרצע האָר, שוואַרץ ווי פעך און גלאַנציק, מיט אַזוי פיל הייס לעבן אין זיך — זענען ווי אַ פעכער איר געלעגן צעשיט איבערן גאַנצן מאַנטל, איבער אירע אַקסל און פּלייצעס, און איר געגרייכט ביז איבער דער טאַליע. אירע אויגן האָבן געקוקט פאַרשנדיק אויף יוספן. זי האָט גענומען אַ בענקל, עס אַוועקגעשטעלט בײַם אייזערן אייוועלע, און זיך אַוועקגעזעצט וואַרעמען. רויטע פלאַמען פונם אייוועלע אַרויס זענען אַרומגעשפרונגען אויף איר פּנים, געלעקט אירע נאַקעטע אָרעמס און ברוסטן, וועלכע האָבן אַרויסגעקוקט דורך איר אָפענעם מאַנטל. זי האָט צוגערופן יוספן, אים געבעטן זיצן.

— וועסט אפשר עסן אָנבייסן מיט מיר? ס'איז נאָך אַזוי פרי, האָסט נאָך אוודאי נישט געגעסן.

נאָר גלייך האָט זי זיך צעלאַכט: „כאַ-כאַ-כאַ... דו וועסט דאָך בײַ מיר נישט עסן, בײַ מיר איז דאָך אַלץ טריפה... דאַן גיב מיר, איך בעט דיך, דאָס ברויט מיט אַ מעסער, ס'ליגט דאָרט אין שענקל, וועל איך אַליין עסן”.

יוסף האָט זיך דערפילט אַ ביסל אויפגעבונדן, איר דער-

לאַנגט, וואָס זי האָט געוואָלט, און גלייך אָנגעהויבן: „דו ביסט מיין שוועסטער, מרים... (ער האָט דערפילט א ביסל ענג אין האַלז און אויף אַ מינוט אויפגעהערט. דאַן האָט ער ווידער אָנגעהויבן): דו ביסט מיין שוועסטער, און דו קאָנסט מיך נישט. אָבער איך בין אַ ייד, און וועל בלייבן אַ ייד!"

י האָט אים שאַרף אָנגעקוקט.

— צייט איך בין צוריקגעקומען פון וואַרשע, דריי איך מיך אַרום אין מיין היים ווי אַ פרעמדער. און אויך שוין פריער —

— דאָס האָב איך באַמערקט.

— אָבער נישט, ווי דו מיינסט, מרים, און האָסט זאָפשר רחמנות אויף מיר, אַז איך בין שטיין געבליבן אויף אַ זאַמדיק אָרט, קאָן נישט ווייטער. ניין, שוועסטער מיינע. איך פיל דאָס נייע לעבן, וואָס אינם שטעטל האָט זיך אָנגעהויבן וועקן.

— וועקן? — — עס שטורמט און ברויזט.

— איך ווייס. אין וואַרשע וועט אוודאי שוין באַלד עפּעס געשעען. און דאָס נייע לעבן האָט מיך פונם אַלטן אַוועקגעריסן. אָבער דאָס נייע לעבן, מרים, איז נאָר אַ שוואַרצער פּאַקריפּלטער אָפּגלאַנץ פון די אַלטע יידישע אידעען. איך בין נישט, מרים, ווי אַנדערע, אָן לעבן שטיין געבליבן. אין מיר קאָכט און ברויזט דאָס נייע לעבן. אָבער איך קאָן נישט, ווי די אַלע, וועלכע האָבן מיט מיר געלערנט צוזאַמען אין בית המדרש, ווערן אַ ציוניסט, אָדער אַ סאָציאַליסט, ווי זיי זענען עס איבער נאַכט געוואָרן.

מרים האָט אויפגעריסן די אויגן, געוואָלט איר ברודער אַרומכאַפּן און אומאַרעמען: „יוסף!..."

— יאָ, מרים, מען מוז דאָס גאַנצע אַלטע לעבן אויפטרייסלען און שאַפן אַ נייעס, אָבער נישט אַוועקגיין פון אייגענעם פאָלק.

— וואָס הייסט „אַוועקגיין"? איך גיי נישט אַוועק. איך האָב דיר שוין אַמאָל געזאָגט: באַ מיר איז נישטאָ „מיין פאָלק" און „דיין פאָלק" — „פעלקער" — נאָר איין מענטשהייט. כאַכאַ-

— בּאַ. . . דו זאָגסט אוודאי אויך, ווי אַלע פילאָזאָפישע רעוואָלוציאָ־נערן, אַז איצט איז נאָך נישט די צייט, מען מוז פריער די מענטשן דערציען, און די אַלע אַנדערע מלמדיש־בטלנישע פראַזן?

— וואָס הייסט?

— איך, יוסף, לאַך פון דידאַזיקע אַלע רעוואָלוציאָנערן! איינער מוז זיין דער ערשטער! און דער, וואָס האָט דער ער־שטער פאַרשטאַנען, מוז דער ערשטער האַנדלען! יעדער מוז האַנד־לען ווי ער דענקט, ווי זיין איבערצייגונג איז!

— אָבער איך פאַרשטיי סאָציאַליזם און רעוואָלוציע אַני־דערש.

זי האָט אים אָנגעקוקט.

ער האָט אָנגעהויבן מיט היץ: „איך האָב אין וואַרשע גע־רעדט מיט איינעם, האָט ער מיר אויך, ווי דו, געזאָגט, אַז ער וויל נישט וויסן פון קיין פעלקער, נאָר פון אַ מענטשהייט. אָבער דאָס איז דאָך נישט אמת. מרים! מען קאָן דאָך נישט פון רוס־אויסצאַפּן זיין רוסיש בלוט, פון ענגלענדער דאָס ענגלישע, פון כי־נעזער דאָס כינעזישע — פון יעדן פאָלק, פון יעדער ראַסע און נאַ־ציע — אויסצאַפּן דאָס ספּעציפישע בלוט און אַריינגיסן אין אַלע איין בלוט!"

— אַלע בלוטן זענען גלייך — רויט.

— דאָס איז נישט אמת! דאַן איז די חיה און דער מענטש גלייך. אָבער אפילו בּאַ חיות האָט יעדער מין איר ספּעציפיש בלוט. איך מיין נישט דווקא דאָס בלוט, עס קאָן אויך זיין דער נערוון־סיסטעם — דער אינערלעכער מהות. יעדעס ווען איז אַן אינדיווידום פאַר זיך, יעדע גרופּע, יעדע ראַסע, יעדעס פאָלק, יעדע נאַציאָן. איין פאַרב האָט בלויז נאָר דער טויט, ווען אַזעלכעס איז איבערהויפּט דאָ. נישט אַריינגיסן אין אַלע מענטשן איין בלוט וויל דער סאָציאַליזם, נאָר באַפרייען אַלע — אָן אונטערשייד — פון די קייטן, וועלכע עס האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט: דאָס גע־פעלשטע קריסטנטום אויפן קריסט, דאָס געפעלשטע יידישקייט אויפן ייד, דאָס געפעלשטע מאַכמעדאַנערטום אויפן מאַכמעדאַנער, און

דאָס געלט אויף אַלע. פריי זאָל יעדער זיין, פריי לעבן ווי ער וויל, און נישט שטערן דעם אַנדערן. זיין היים זאָל ער האָבן ווי אים געפעלט. דעמאָלט וועט דער סאָציאַליזם אַליין קומען, ווייל יעדער מענטש איז אָנגעפולט מיט ליבע צום אַנדערן. פון דער־דאָזיקער ליבע ווערט געבוירן דער שכלדיקער סדר פאַרן סאָציאַלן לעבן צווישן די מענטשן. און דער, וואָס האָט דער ערשטער דאָס פאַרשטאַנען, מוז דער ערשטער — און אָט שוין — זיין פאָלק וועקן, אַז עס זאָל אַראָפּוואַרפן פון זיך די קייטן, וועלכע מען האָט דערויף אַרויפגעלייגט: דעם פאַלשן גלויבן, די פאַרשטאַרטע דאָגמען, דעם חשק צו געלט — דאָס גאַנצע פאַרקערטע, אומ־שכלדיקע, אומנאַטירלעכע לעבן. ווי דער מאַלער מייסטערט זיין בילד, מיט ליבע און איבערגעבנקייט, מיט וויסן און קראַפט; ער זעט, אַז די פאַרב און די ליניע אין זיין בילד זאָל זיין די, וואָס דאָס בילד טראָגט שוין אין זיך; ער פאַרעמט עס, כדי ער זאָל עס קאָנען ברענגען אין מוזיי — אַזוי מוז אויך דער קעמפער פאַרן נייעם לעבן, די פאַרב און די ליניע פון זיין פאָלק — וועלכע עס טראָגט אין זיך — מייסטערן און פאָרמען, אַז ער זאָל עס קאָנען ברענגען אין וועלט־מוזיי.

מרים האָט אַרומגענומען איר ברודער און זיך צעלאַכט:

„דו קאָנסט דאָך גאָר שיין רעדן, יוסף... האָסט אוודאי שוין אַ סך ביכער געלייענט. אָבער... כאַ־כאַ־כאַ... דו ביסט אַ בית המדרשניק, מיין ליבער ברודער. דו האָסט וועגן אַלץ גערעדט, נאָר וועגן איין קלייניקייט, וואָס איז שייך דעם סאָציאַליזם, האָסטו פאַרגעסן: דו האָסט פאַרגעסן, אַז ס'זענען דאָ קאַפּיטאַליסטן און פּראָלעטאַריער. לייען די ביכער פון קאַרל מאַרקס, פון ענגעלס — די דייטשע טעאָרעטיקער פונם סאָציאַליזם."

יוסף האָט זיך פאַרשעמט, אַראָפּגעלאָזט די אויגן, און קוים וואָוועגנדיק מיט די ליפּן, איר געענטפערט: „כ'האָב וועגן סאָציאַ־ליזם נאָך גאָרנישט געלייענט".

— טאָרסטו וועגן סאָציאַליזם נאָך גאָרנישט רעדן.

זי איז אויפגעשטאַנען. דאָס מאַנטל איז פון איר אַראָפּגע־פאַלן. זי איז שטיין געבליבן, ווי פריער, מיט נאַקעטע אָרעמס און

ברוסטן. זי האָט גיך אויפגעהויבן דאָס מאַנטל, זיך צוריק איינגע־
הילט דערין. אַ שטילקייט. נאָר יוסף האָט זיך ווי אין עפּעס דער־
מאָנט, און די שטילקייט איבערגעריסן:

— דעם קדיש אויפן בית עולם האָב איך נישט געזאָגט פאַרן טאַטן, נאָר פאַר דער מאַמען. איך האָב דאַן נישט געקאָנט זאָגן קיין קדיש, נאָכדעם, ווי איך האָב מיט אַ פערטל שעה פריער, פאַרן טויער פון בית עולם, אַזויפיל איבערגעלעבט. דו האָסט דאָס געזען.

— יאָ, ווען דו האָסט מיך אַ געם געטון פאַרן אָרעם, ווי מיט אַן אייזערנער צוואַנג, און מיך אָנגעהויבן שלעפּן. דו ביסט שטאַרק, איך האָב געמיינט, אַז איך בלייב אין דיין האַנט.

— אין מיין האַרץ האָט געברענט אַ פייער. אין יענעם מאָמענט האָב איך אַלץ באַגריפן, די גאַנצע שרעקלעכקייט פון דער דאָגמאַ־טיק און פאַנאַטיזם. אָבער צוליב דער מאַמען, צוליב איר האָב איך דעם קדיש געזאָגט. צוליב איר בין איך שבעה געזעסן, צו־ליב איר האָב איך די וואָך געדאַוונט, און צוליב איר וועל איך אַ גאַנץ יאָר גיין אין בית המדרש אַריין דאַווענען און קדיש זאָגן. און איך בין איצט אַהערגעקומען צו דיר, דיר זאָגן, אַז צוליב דער מאַמען זאָלסטו מיט מיר איצט אַהיימגיין.

— איך טו קיין זאַך נישט צוליב יענעם, אפילו צוליב דער אייגענער מאַמע. אַלץ, וואָס איך טו, איז, ווייל איך קאָן נישט אַנ־דערש. וועט די מאַמע צוליב מיר עפּעס טון?

— אַלץ אין איר לעבן האָט זי צוליב דיר און צוליב מיר געטון.

— דאָס איז נישט אמת! זי האָט געטון נאָר דאָס, וואָס זי האָט געמוזט! זי האָט געמוזט דיך זייגן, ריין מאַכן — האָט זי עס געטון! וואָס האָט אונזער מאַמע און אונזער טאַטע פאַר אונדז געטון? אַזויווי זיי האָבן געדענקט, אַזוי האָבן זיי אונדז דערצויגן! און אפשר האָבן זיי גאָר אַנדערש געדענקט, ווי זיי האָבן אונדז דערצויגן. איך לייען די ביבל — אין פּויליש, ווייל אין יידיש איז זי דאָך נישטאָ — און איך זע, אַז דאָס גאַנצע יידישקייט, וואָס

מען האָט אונז נעלערגט, איז פאַלש! עס זענען דאָ צווייערליי יידישקייטן, ווי ס'זענען דאָ צווייערליי קריסטלעכקייטן. איינס — דאָס ריכטיקע אין בוך, און דאָס צווייטע — וואָס מען לעבט און מען לערנט די קינדער. און דעריבער: געענוג מיט יידישקייט און קריסטלעכקייט! אויס מיט די רעליגיאָנען! אויס מיטן וואָרט גאָט! גיי, יוסף, און שרייב דיך איין אין דער פּאַרטיי, הער אויף צו זיין האַלב, צו זיין אַ פילאָזאָף! גענוג מיט די נאַרישע ווערטער, אַז עס איז נאָך נישט די צייט! תמיד איז די צייט! אַ קינד, אַז עס ווערט געבוירן — אויב עס לעבט — מוז מען עס דערציען! זאָגן צום קינד: בלייב נאָך אין דער מאַמעס בויך, ווייל עס איז נאָך נישט די צייט — כאַ־כאַ־כאַ!... אַז דאָס קינד ווערט געבוירן — אפילו פאַר דער צייט — איז פאַרפאַלן, ווען עס זאָל אפילו שפּעטער שטאַרבן! כ'האָב רחמנות אויף דער מאַמען, אָבער פאָלגן זי קאָן איך נישט. וועט זי דען טון, וואָס איך וועל זי הייסן?

— וואָס?

— זי זאָל צוועקוואַרפן איר פרומקייט, ווייניקסטנס אויף דער עלטער.

— דו רעדסט נאַרישקייטן, מרים.

— קאָן איך אויך נישט, טון וואָס זי הייסט מיך. און איך גיי טאַקע היינט שוין אַהין צו יענעם, וועלכן איך ליב. ער איז אַ קריסט — דאָס ווייסטו דאָך. ער וווינט אין דער אַלטער מיל. אַז דו וועסט וועלן, קאָנסטו צו מיר אַהינקומען. שמדן וועל איך מיך נישט.

— איך פאַרשטיי.

— קאָנסטו דאָס זאָגן דער מאַמען. און איך גיי נישט מיט אים לעבן, ווייל איך בין אַ סאָציאַליסטקע און ער אַ סאָציאַליסט, נאָר ווייל איך האָב אים ליב. און דו, יוסף — גיי, און שרייב דיך איין אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. זיי נישט האַלב און קיין פילאָזאָף.

# XV.

אין די פּוסט-איבערגעבליבענע שטיבן פון ר׳ אברהם דעם וואַלד-סוחר, האָט די אבלדיקייט שטאַרק געדריקט. יוסף האָט אין דער שטוב, וווּ זיין טאַטע איז מיט אַ וואָך צוריק געשטאָרבן, אַ מידער און צעבראָכענער שווער זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול פון אַ ווינקל אַרויס איז ווי אַ שאָטן באַלד אויסגעוואַקסן די מאַמע און געפרעגט:

— וווּ איז מרים?

ער האָט נישט געענטפערט. צוזאַמענגעדרייט, ווי אַ שלאַנג איז ער געזעסן אויף דער שטול, דעם קאָפּ שווער געזונקען, דאָס פּנים ווי אַש. די אויגן האָבן גולמדיק געקוקט אויף דער פּאָדלאָגע. אָבער דער שאָטן, מיט די צוויי שוואַרצע אויסגערונענע לעכער אין שאַרבן, האָט מיט אַ שטומער איינגעעקשנטקייט געוואַרט אויף זיין ענטפער. ער האָט נישט געוווּסט, וואָס צו ענטפערן, און אַרויסגעבורטשעט:

— זי וועט נישט קומען.

— וואָס?

— זי וועט מער נישט אַהיימקומען.

די שטוב איז געווען שרעקלעך אָפּגעלאָזט, קאַלט און קלעפּיק. עס האָט זיך געדאַכטן, אַז די טרויעריקע נשמה פון געשטאָרבענעם ר׳ אברהם דעם וואַלד-סוחר שטייט בײַ דער טיר.

דער שאָטן האָט אַלץ געקוקט אויף יוספן, טויט געגלאָצט. פּלוצלינג האָט ער ווי אַ וויכער זיך אַ דריי געטון איבער דער שטוב, אַ כאַפּ געטון עפּעס אַ גרויסע ווייכע און שוואַרצע זאַך, און איז אַרויסגעלאָפן.

אונטער דער שטאָט באַ דער אַלטער מיל, האָט אין דער פינצטע־רער נאַכט אַלץ אויסגעזעען סודותדיק. דער טייך האָט זיך געקנייטשט, און אַז מען האָט אין אים אַריינגעקוקט, האָט:מען געזעען אַ שוואַרצן הימל. שטיל האָט זיך דאָס וואַסער געגאָסן, אָדער עס איז געשטאַנען, זיך געשטיקט אונטערן פראָסטיקן אָטעם פון ווינטער. דאָרט אָבער, ווו די גרויסע רעדער זענען געווען, איז דאָס וואַסער געפאַלן מיט אַ רעש און עס האָט זיך געדאַכטן, אַז גאַנצע מחנות שדים פירן דאָרט זייערע מלחמות. אַ פחד האָט געשלאָגן פון אַרום און אַרום.

— מרים! — — —

די טויטע פינצטערניש אַרום האָט געענטפערט;

— יאָ—ם—ם! . . .

זי האָט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל גערופן, און אַלץ דער זעלבער ענטפער.

די מיל האָט געשראָקן.

— מיין קינד! — — —

— אינ—נ—ט! . . .

---

יוסף איז די גאַנצע נאַכט אַרומגעלאָפן זוכן די מאַמע. ער האָט זי געזוכט באַ דער מיל, ווי אַ משוגענער אַרומגעלאָפן באַם טייך הין און צוריק, געקוקט אין וואַסער אַריין, אַריינגעשטעקט עט־לעכע מאָל אַ האַנט און זי נישט געפונען. ער איז צוריק אַהיימגע־לאָפן. עס איז שוין געווען פאַרטאָג. ער האָט גערעכנט, אַז אפשר איז זי שוין גאָר דאָ צוריק אינדערהיים. אָבער ער האָט זי נישט געטראָפן. ער האָט זי געזוכט אין בעט, ווי מען זוכט אַ גאָדל. דאַן האָט ער זי געזוכט אונטערן בעט, אין אַלע שטובן, אין יעדן ווינקעלע. דאָס האַרץ אין אים האָט אַלעמאָל אַלץ שטאַרקער געקלאַפט, די הענט און די פיס האָבן זיך אונטער אים געוואָרפן.

ער האָט געפֿילט, אַז מיט דער מאַמען איז עפּעס געשען. ער האָט זי ווידער געזוכט אין בעט, אין אַלע שטובן, אין יעדן ווינקעלע. אַ קאַלטער שווייס האָט אים באַדעקט. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט בײַם טיש. נאָר גלײַך איז ער צוריק אויפֿגעשפּרונגען און איז אַרויסגעלאָפֿן.

דאָס שטעטל איז שוין געווען אויף. ס'איז געווען אַ פֿראָסט. די אַרבעטער זענען געגאַנגען אין די פֿאַבריקן אַרײַן. די פֿרויען, וואַרעם אָנגעטון, אין גראָבע פֿאַטשיילעס, האָבן געטראָגן קוישן געבעקס און קאַנען מילך. יוסף איז געלאָפֿן פֿון איין גאַס אין דער צווייטער, געקוקט אין אַלע זייטן, און יעדער פֿרוי, פֿאַר וועלכער ער איז פֿאַרבײַגעגאַנגען, האָט ער שטאַרק אַרײַנגעקוקט אין פּנים. ער האָט דערזען עטלעכע פֿרויען שטיין אין אַ רעדל, איז ער צו זיי צוגעלאָפֿן און פֿאַרצווייפֿלט אַ געשריי געטון: „מײַן מאַמע? — — —"

די פֿרויען זענען פֿאַרשטומט געוואָרן, האָבן אים נישט געענטפֿערט. ער האָט נאָך אַ פֿאַרצווייפֿלטערן און ווילדערן געשריי אַרויסגעלאָזט: „דערטרונקען? — — —"

אַן אַלטע יידענע, זעענדיק, אַז נישט ענטפֿערן איז נאָך ערגער, האָט אים געזאָגט: „אַ גוי איז געקומען אין שטאָט אַרײַן און דערציילט, אַז אַ געשטאָרבענע פֿרוי, אין אַ ברוינער פֿאַטשיילע, ליגט בײַ דער אַלטער מיל. מען האָט זי שוין געבראַכט, זי ליגט אין פּאָליש פֿון איר זיידנס שול."

יוסף איז שטיין געבליבן שטום. דער קאָפּ איז אים אַראָפּגעפֿאַלן אויף דער ברוסט, ווי מען וואָלט אים אונטערגעשניטן דעם האַלז. נאָר גלײַך האָט ער זיך אַ ריס געטון, און אַרויסלאָזנדיק אַ משוגעדיקן קוויטש: „מאַמע! — — —", האָט ער זיך געלאָזט לויפֿן אין זיידנס שול אַרײַן. די אַלטע יידענע האָט אים נאָכגעקוקט, ווי ער לויפֿט, און געשאָקלט מיטן קאָפּ: „לעבעדיק מאַכן וועט ער זי נישט... פֿאַרפֿאַלן... נישטאָ מער רחלע... אַזאַ כּשרה צדיקות..." אַן אַנדערע האָט געקלאָגט; „ווי, ווי... וואָס פֿון דעם הויז איז געוואָרן... אַזאַ בראָך..." די אַנדערע

ווייבער האָבן זיי גערופן: „קומט שוין! ... אַלע זענען שוין אַהינגעגאַנגען! ..."

---

בּאַ דער אַלטער מיל זענען געשטאַנען יידן און ווייבער, מיט שטעקנס און מיט שטיינער אין די הענט, און געשריגן: אַזאַ משומדת! ... אַזאַ חצופה! ... די אַלטע יידן האָבן געקרעכצט: „דעם שניידערלס אייניקל..." און אַלע זייטן האָט מען צו איר געשריגן: „שווייגט! ... שווייגט! ... דערמאָנט נישט דאָ דעם הייליקן צדיק ר' פּייוועלע! ...

עס האָבן געציטערט די לאַנגע בערד פון כעס בּאַ די יידן. זייערע אויגן האָבן געשפּריצט מיט פייער און מיט אויפגעהויבענע שטעקנס אין דער הייך האָבן זיי גערופן: „קומט! ... דערהרגענען וועלן מיר זי! ... דערהרגענען! ..." די אַלטע האָט ווידער געקרעכצט: „ר' מלכס אייניקל... ר' אברהמס טאָכטער... אַזאַ ערלעכער ייד געווען... אַ מענטש אָן אַ גאַל..." אַ ייד מיט אַ גראָבן שטערן, מיט גראָבע ליפּן און מיט אַ גראָבער באָרד, האָט געברומט: „שיינע קינדער האָט ער איבערגעלאָזט... דער זון וועט זיך דען נישט שמדן? ..." ווייבער האָבן געקלאָגט: „אויסגעהויכט די נשמה פאַר דער צייט... אפילו נישט אינדערהיים... ווער ווייסט, אויב דער שגץ האָט זי נישט דערהרגעט..." קולות: „נו, וואָס שטייט מען? ... אויפברעכן די טיר! ..."

נאָר פלוצלינג איז געוואָרן אַ שרעקלעכער טומל און פּאַניק צווישן די יידן און ווייבער, אַלע האָבן אָנגעהויבן אַנטלויפן. די טיר פון דער אַלטער מיל האָט זיך געעפנט, און אַ געזונטער שגץ, מיט אַ האַק אין ביידע הענט אינדערהייך, האָט זיך געריסן: „זשידי פּשאַקרעוו! ..." מרים, אַ בלאַסע, האָט אים צוגעהאַלטן פון הינטן. זי האָט געציטערט און זיך געבעטן בּאַ אים: „מאַי קאָכאַני..." הינטער איר און איר געליבטן זענען געשטאַנען נאָך

עטלעכע שגצים, מיט שטיקער אייזן, מיט ווידלעס, און געדראָט:
אַלע וועלן מיר אייך אויסקוילען!..."

## XVI.

יוסף האָט נאָך דער לוויה פון דער מאַמען זיך אַרומגעדרייט אין שטעטל ווי אַ פרעמדער, געפילט זיך שרעקלעך איינזאַם. ער האָט נישט געקאָנט איבערטראָגן די שרעקלעכע קלעפּ, וואָס ער האָט אין איין טאָג געקריגן: פאַרלוירן דעם טאַטן, די מאַמען, און אויך די שוועסטער. ער האָט כמעט נישט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך מיט אים. דאָס שטעטל איז אים אויסגעקומען עפּעס קלענער, ווי עס איז געווען, עפּעס אַזוי ענג און נאַריש. ער האָט נאָכגעדענקט וועגן דעם בייעם לעבן, וואָס עס האָט זיך דאָ אָנגעהויבן, און דאָס איז אים פאָרגעקומען ווי אַ קינדער-שפּיל: די קליינע מאַכן נאָך די גרויסע. ער האָט זיך געטראָפן מיט זיינע חברים, אָבער זיי זענען אים אויסגעקומען נאָך גרעסערע בטלנים, ווי זיי זענען פריער געווען, ווען זיי האָבן נאָך געלערנט אין בית-המדרש. ער האָט נישט געקאָנט מיט זיי רעדן און זיי אָנגעהויבן אינגאַנצן אויסמיידן. ער האָט אָנגעהויבן טראַכטן וועגן צוריקפאָרן קיין וואַרשע, אָבער ער האָט זיך נישט געקאָנט באַשליסן דערצו, כאָטש ער האָט געפילט, אַז דאָרט איז איצט זיין היים.

ער איז געגאַנגען ווי די אויגן האָבן אים געפירט, נישט וויסנדיק וווהין. נאָר אַז ער האָט געעפנט די טיר, האָט ער געזען, אַז ער איז באַם רב. ער האָט דאָרט געטראָפן עטלעכע יינגעלייט — זיינע פריערדיקע חברים. צווישן זיי איז אויך געווען שלמהלע חיהלע בוזשעס. דער רב האָט אָן אויפגעקאָכטער געקלאַפּט מיט די פויסטן אין טיש אַריין, און געשריגן: „קייגן פינצטערניש, פאַנאַטיזמוס און אַבערגלויבן קאָן מען קעמפן מיט וואָרט! אָבער קייגן דער שרעקלעכער צביעות פון דעם רבין! — —"

— מען דאַרף אים באַוואַרפן מיט שטיינער! אַרויסטרייבן פון דער שטאָט! — האָט אַ ייִנגערמאַן זיך אָנגערופן.

— אַ דבוק איז אַ ריין גייסטיקע, אָדער — און דאָס צו־מיינסט — זעלישע קראַנקייט. — האָט, דער רב, שוין אַ ביסל אַן אָפּגעקילטער, ווייטער גערעדט. — דאָס, וואָס אַ סך מעדיצינער און אַנאַטאָמיקער האַלטן זיך בײַ דער ריין מאַטעריאַליסטישער לערע: זיי זאָגן, אַז קיין זעלישע קראַנקייטן זענען לגמרי נישטאָ, בלויז גייסטיקע — און דאָס זענען געהירן־קראַנקייטן, אָדער נערוון־קראַנקייטן — איז נישט אמת! אדרבא, אַ סך מעדיצינער, גרויסע געלערנטע און פילאָזאָפן, זאָגן, אַז אפילו ריין אָרגאַנישע קראַנקייטן: ווי פאַרשידענע גאַל־קראַנקייטן, לעבער־קראַנקייטן, האַרץ־קראַנקייטן, און אפילו לונגען־און הויט־קראַנקייטן, קענען קומען דורך זעלישע ליידן. דאָס באַווייזן טאַקע די דיכטער. אָבער דעריבער לוינט זיך איצט שוין מער נישט צו רעדן. כּמעט די גאַנצע וויסנשאַפט אָנערקענט שוין הייַנט, אַז דער מענטש האָט אַ נשמה. און נישט נאָר דער מענטש, נאָר אויך יעדעס גרעזעלע אפילו.

— און די חיה? — האָט אַ ייִנגערמאַן אַ פרעג געטון.

דער רב האָט אים אָנגעקוקט: „וואָס הייסט? וואָס איז דען דער מענטש? אַ צווייפיסיקע חיה.

דער ייִנגערמאַן האָט זיך פאַרשעמט און פאַררוקט אין אַ ווינקל אַריין. דער רב האָט שטאָלץ, ווי אַ זיגער, ווייטער גערעדט: „הייַנט וועט שוין קיין פּראָפעסאָר נישט זאָגן, אַז ער האָט טויזנטער מתים צעשניטן, און קיין נשמה נישט געפונען".

— דער פּראָפעסאָר איז אוודאי געווען אַ קצב, — האָט אַ ייִנגערמאַן באַמערקט.

— זייער גוט געזאָגט! — האָט דער רב, אַ צופרידענער, דעם ייִנגנמאַן געלויבט. — און גלייבן אין אַרויסטרייבן פון אַ דבוק איז פינצטערער אַבערגלויבן, פאַנאַטיזם! קיין דבוק פליט נישט פלוצלינג אין איינעם אַריין, ווייל יענער האָט געזינדיקט,

און דורך שופר בלאָזן, גוזר זיין, קאָן מען אים נישט אַרויסטרייבן!

— דער רבי האָט דעם דבוק גאַנץ אַנדערש אַרויסגעטריבן, אַזוי זאָגט מען, — האָט דער יינגערמאַן, וועלכער האָט געפרעגט, אויב אַ חיה האָט אויך אַ נשמה, דעם רב איבערגעריסן אינם רעדן.

— אָבער וואָס הייסט אַרויסטרייבן?

דער יינגערמאַן איז רויט געוואָרן און זיך נאָך מער באַהאַלטן אין זיין ווינקל. דער רב האָט געוווּסט, אַז דער־דאָזיקער יינגערמאַן גלייבט נאָך אין שדים, און מיט חוזק אים געפרעגט: „און ווי אַרום מיינסטו איז דער דבוק אַרויס פונם יינגנמאַן: דורכן קליינעם פינגערל, אָדער דורכן? ...

אַלע האָבן אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער, און דער יינגערמאַן — פאַר גרויס בושה — האָט זיך אינגאַנצן באַגראָבן אינם ווינקעלע, ווו ער איז געשטאַנען. נאָר דער רב האָט אים צוגערופן צו זיך און געגעבן צו פאַרשטיין: „לאָמיר נעמען אַזאַ פאַל ווי ליבע. אַ מיידל האָט זיך פאַרליבט אין אַ בחור, אָדער פאַרקערט. ביידע ליבן זיך אַזוי שטאַרק, זייערע נשמות האָבן זיך אַזוי צוזאַמענגעשמאָלצן, אַז מען קאָן זיי מער נישט צעטיילן. אַ סיבה אָבער האָט זיי צעריסן. דאַן איז מעגלעך, אַז איין נשמה, די, וועלכע איז געבליבן איינגעוואַקסן אין דער אַנדערער, זאָל פון יענער אָנהייבן אַרויסרעדן. ביידע גופים גייען דעמאָלט צו גרונט, ווייל אַ גוף אָן אַ נשמה קאָן נישט לעבן, און אַ גוף מיט צוויי נשמות ליידט שרעקלעכע יסורים. די ליבע פון אַ מאַן צו אַ פרוי, אָדער פאַרקערט — איז דאָס רייסן זיך פון איין נשמה צו דער צווייטער. אָבער דורך די גופים ווילן זיך די נשמות פאַראייניקן, דורך די לייבער. דעריבער בענקט אַזוי איין לייב צום אַנדערן, איין גוף צום צווייטן. איין גוף צום צווייטן וויל זיך צודריקן, ווייל די נשמות אין די לייבער — זייערע פלאַמען — ווילן זיך צוזאַמענגיסן. לאָזט מען אָבער נישט די צוויי נשמות זיך צוזאַמענקומען, פאַראייניקן — ליידן זיי גרויסע יסורים, מאַטערן זיך, און ווערן פאַרברענט אין זייער אייגן פייער.

אָדער אַנדערש: די צוויי נשמות, וועלכע בענקען איינע צו דער אַנדערער, זענען די צוויי פּאָליוסן פון פּאָזיטיוו און נעגאַטיוו. ביידע ציען זיך איינע צו דער אַנדערער, און אַז מען לאָזט זיי נישט צוזאַמענקומען זיך, גייט די פּאָזיטיווע נשמה — די אַקטיווע — אַרויס פון איר גלייכגעוויכט, זי באַקומט אַ ווונד, ווערט קראַנק. זי הייבט אָן רעדן פון היץ, כאָטש דער גוף האָט קיין היץ נישט. אַזאַ קראַנקע נשמה קאָן מען נישט היילן, אפילו נישט די דאָקטוירים, וועלכע פּרוּוון איצט היילן קראַנקע נשמות דורך זייערע נייע מיטלען, דורך היפּנאָז. אַזאַ נשמה קאָן נאָר דעמאָלט געזונט ווערן, ווען זי דערגרייכט איר ציל."

די ערנסטע ייִנגעלייט האָבן געשלונגען יעדעס וואָרט, וואָס דער רב, דער געלערנטער, האָט פון זיין מויל אַרויסגעלאָזט. אָבער נישט אַלע האָבן אַלץ, וואָס ער האָט געזאָגט, פאַרשטאַנען.

— דאָס איז דאָך גאַנץ פּשוט — האָט דער רב זיך באַזונדערס געווענדט צו שלמהלע חיהלע בוזשעס, וועלכער האָט אים די גאַנצע צייט באַזונדערס אויפמערקזאַם אויסגעהערט און אים געקוקט אין די אויגן אַריין. — דאָס איז דאָך גאַנץ פּשוט, אַז אַ מענטש קאָן נאָר דעמאָלט לעבן, ווען ער באַקומט די שפּייז, וועלכע ער מוז האָבן. לאָמיר זאָגן, אַז מען קען געבן איינעם סאַכאַרין אָנשטאָט צוקער. אָבער נישט יעדער איינער קאָן זיך דאָך צוגעווינען צו סאַכאַרין, און זיין צופרידן מיט אים. און אפילו די, וואָס מען מיינט, אַז זיי האָבן זיך צוגעוווינט און זענען צופרידן, ליידן אויך, און אפשר נאָך מער ווי יענע, וועלכע האָבן זיך גאָרנישט געקאָנט צוגעווינען.

דער ייִנגערמאַן, וועלכער האָט געפרעגט די ערשטע קלוגע קשיא, האָט ווידער אַרויסגעפּלאַצט: „אָבער דער דבּיק, וועלכן דער ייִנגערמאַן האָט געהאַט אין זיך, און דער רבי האָט אים פון אים אַרויסגעטריבן, איז געווען... ווייל ער האָט זיך צופיל געעוסקט מיט קבלה".

דער רב האָט אַ שמייכל געטון און אַלע האָבן אין זייער ערנסט זיך ווידער צעלאַכט. נאָר באַלד איז דער רב געוואָרן אין

כעס און דעם נאַרישן ייִנגמאַן שטרענג געענטפֿערט : „דאָס איז אַלצייִנס".

נאָך זייער אַ סך האָט דער רב גערעדט וועגן דעם, וואָס אַ דבוק איז, געשריגן, אַז דער רבי איז אַ פּשוטער שווינדלער, אַ גראָבער ייִנג. יוסף האָט צוערשט נישט געוווּסט, אין וואָס דאָ האַנדלט זיך, און דעריבער גאָרנישט פֿאַרשטאַנען פֿון דעם אַלעם, וואָס דער רב האָט געזאָגט. נאָר באַלד האָט ער זיך דערמאָנט אָן דעם, וואָס מען האָט אים דערציילט, אַזויווי ער איז צוריקגעקומען פֿון וואַרשע, און אָנגעהויבן אויפֿפּרישן אין זיין קאָפּ הונדערטער געדאַנקען און בילדער, וועלכע האָבן צו דעם אַלעמען און צו זיין גאַנץ לעבן געהאַט אַ שייכות. ער האָט זיך פֿאַרטראַכט, נאָר פּלוצלינג האָט ער דערהערט, אַז מען רופֿט אים : „יוסף ! . . . יוסף ! . . ."

דער רב האָט די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט גערעדט, געקוקט אויף יוספֿן. ער האָט אים נישט געקאָנט דערקענען. נאָר, אַז ער האָט זיך אויסגעדרייט, האָט ער אים אָן די פּלייצעס דערקענט, און אים אָנגעהויבן רופֿן : „יוסף ! . . . שלום עליכם ! . . . כ'האָב דיך גאָרנישט דערקענט . . . וואָס מאַכסטו ? . . ."

יוסף האָט געשוויגן. זיין פּנים איז געווען בלאַס און שטייף, און דער בליק אין זיינע אויגן דורכדרינגענד קאַלט. זיינע פֿריערדיקע חברים, כאָטש זיי האָבן מיט אים שוין געהאַט גערעדט נאָך זיין צוריקקומען פֿון וואַרשע, האָבן איצט געקוקט אויף אים מיט נייגיריקייט, ווי אויף אַ פֿרעמדן. דער רב האָט געזעען, אַז יוסף, זיין פֿריערדיקער געליבטסטער תּלמיד, איז זייער דערשלאָגן. ער האָט אים אַרומגענומען און מיט אַ געזונקענעם קאָפּ אַזוי שטיין געבליבן לעבן אים. דאָס האָבן די ייִנגעלייט באַמערקט, זיך דערפֿילט איבעריק, און זענען אַוועקגעגאַנגען. דער רב איז נאָך אַלץ אין דערוועלבער פּאָזע געשטאַנען. דאַן האָט ער אַ שווערן זיפֿץ געטאָן און, אַרויפֿלייגנדיק אַ האַנט אויף זיין אַקסל, האָט ער אים געזאָגט :

— אַלץ אין דער וועלט, יוסף, מוז פֿון איין פֿאָרם אין דער צווייטער זיך אומוואַנדלען. „געשטאָרבן", „געבוירן", „לעבן",

„טויט“ — דאָס זענען אַלץ נאָר ווערטער פאַר פאַרשידענע פאָרמען און אומוואַנדלונגען. דער שמערץ דערביי איז נאָר דער פּראָצעס פון דעם אומוואַנדלען. עס איז שווער דאָס שיידן זיך מיט דער פריערדיקער פאָרם, און מיט די, מיט וועלכע מען איז אין דער פריערדיקער פאָרם געווען. דאָס אייגענע איז אויך פאַר די אַנדערע, וועלכע בלייבן נאָך איבער אין דער פריערדיקער פאָרם. עס איז די גרויסע יסורימדיקע בענקשאַפט און שטרעבן אינם אוניווערס צו איין פאָרם, ווו עס איז נישטאָ מער קיין טויט און לעבן, קיין געבוירן ווערן און שטאַרבן. אַלץ איז אין איין קערפּער פאַרשמאָלצן, שוועבט אין דעם גרויסן אין-סוף.

דערנאָך האָט דער רב יוספן אויסגעפרעגט וועגן וואַרשע, ווי אַזוי ער האָט דאָרט פאַרברענגט, וואָס ער האָט דאָרט געלערנט און וואָס עס מאַכט זיין פריינט, צו וועמען ער האָט אים מיטגעגעבן אַ בריוו. יוסף האָט געענטפערט מיט איינציקע ווערטער. ער האָט אייגנטלעך גאָרנישט געהערט, וואָס דער רב האָט צו אים גערעדט. זיין פריערדיקע פילאָזאָפיע איז אים איצט נישט געקראָכן אין קאָפּ אריין. ער איז מיט זיינע געדאַנקען געווען ערגעץ אַנדערש, אָדער ער האָט לגמרי גאָרנישט געדענקט, געווען אין אַ צושטאַנד פון אַ לונאַטיקער. און אַזוי, ווי ער איז צום רב געקומען, אַזוי איז ער פון אים אַוועקגעגאַנגען: אָן אַ וואָרט — ווי אין שלאָף.

ווען יוסף איז ווידער צוריק געווען אינדרויסן, האָט ער זיך פּלוצלינג דערמאַנט אין די ווערטער, וועלכע מרים האָט אים געזאָגט, ווען ער איז געקומען צו איר זי אָהיימרופן פון דעם פירער פון דער באַיוווקע. זי האָט אים געזאָגט, אַז ער זאָל זיך איינשרייבן אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, אַז ער זאָל נישט זיין האַלב, און קיין פילאָזאָף. דידאָזיקע ווערטער האָט ער דעמאָלט, ווען זי האָט זיי אים געזאָגט כמעט נישט געהערט, נאָר איצט, אַז ער האָט זיך אין זיי דערמאַנט, האָט ער זיך אָן זיי אָנגעכאַפּט ווי אַ טרינקענדיקער אָן אַ ברעט. זיצנדיק אינדערהיים באַם טיש, דעם קאָפּ צווישן די פויסטן, האָבן די גלאָצנדיקע אויגן זיינע געזעען צוויי בילדער: איינס — ער זעט דורכן פענצטער

באַם רבין פירן שבת דעם טיש: די רביצין — אין גאָלד און בריליאַנטן, אַלעמאָל אין אַן אַנדער זיידן קלייד — טראָגט געבראָטענע גענז, קיגלען. דער רבי טיילט שיריים, די חסידים שטופּן זיך און כאַפּן פון די טעלער אַרויס. מען טרינקט וויין און מען טאַנצט. דאָס צווייטע — דער פינצטערער שרעקלעכער קעלער אין וואַרשע, עס קומען ייִנגעלייט, מיד פון אַ גאַנצן טאָג שווערער אַרבעט, עסן גישט, לייגן זיך צו צוויי אין אַ בעטל אַריין און קאָנען גישט שלאָפן. אויף אַ פאַרזאַמלונג זעט ער בלאַסע אויסגעמאַטערטע פּנימער, פון זייערע הערצער אַרויס רייסט זיך:

„ווי לאַנג, אָ ווי לאַנג וועט איר בלייבן נאָך
שקלאַפן" — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

* *
*

באַנאַכט האָט זיך יוסף געטראָפן מיט די צוויי פרעמדע ייִנגעלייט, וועלכע זענען אַראָפּגעקומען אין שטעטל אַריין אויפקלערן די אַרבעטער, און האָבן אויפגעמאַכט אַ שולע. ער האָט זיי אָפּגעגעבן אַ גרוס פון וואַרשע, זיי דערציילט וועגן די אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע ער פלעגט קומען. דאָך זענען די צוויי ייִנגעלייט געווען זייער פאָרזיכטיק מיט אַ וואָרט. נאָר אַז ער האָט זיי געזאָגט, אַז זיין שוועסטער מרים „די רעוואָלוציאָנערין" — אַזוי האָט מען זי גערופן אינם שטעטל און אויך אין דער פּאַרטיי — האָט אים געשיקט צו זיי, אַז זיי זאָלן אים איינשרייבן פאַר אַ מיטגליד אין דער פּאַרטיי, האָבן זיי אָנגעהויבן רעדן גאַנץ אַנדערש מיט אים. זיין פאַרלאַנג האָבן זיי, פאַרשטייט זיך, גלייך דערפילט.

## XVII.

צו די דאָזאָרעס פונם שטעטל, אָדער צו אַזעלכע, וואָס האָבן זיך ערשט געריבן אויף דאָזאָרעס, האָט דער רב געטענהט אַזוי: „אַן אמתער רבי פאַרנעמט זיך נישט מיט דבוקים אַרויס־טרייבן, אָדער היילן קראַנקע, אַזעלכער איז נישט מער ווי אַ מכשף". ער האָט זיי אויפגעוויזן, אַז דבוקים פלעגן אַרויס־טרייבן גלחים, און אויך נאָך היינט טוען זיי דאָס. זיי טוען דאָס, ווייל דער יעזוס זייערער האָט אַזוי געטון: ער האָט אַרויסגעטריבן דבוקים, געהיילט קראַנקע — געמאַכט זיך פאַר אַ משיח, פאַר אַ גאָט. די סנהדרין האָבן אים דערפאַר געהייסן צוקלאַפּן צו אַ צלם. ער האָט זיי אויך דערמאַנט וועגן שניידערל: „ער האָט קיין דבוקים נישט אַרויסגעטריבן, נישט געהיילט קיין קראַנקע, ער איז געווען אַ פשוטער ייד, אַ שניידער, און דערמיט איז ער געווען אַ גרויסער צדיק, ווי דער בעל שם טוב, וואָס איז געווען אַ בעלפער".

דאָס איז געווען געגוג, אין די גראָבע נפשות, אַזעלכע, וואָס האָבן געזוכט מחלוקה, כדי צו קאָנען זיך ווייזן, אַז זיי זענען דאָ; קליינע מענטשעלעך, קרעמערישע נשמהלעך — וואָס זענען ערשט נעכטן געווען דעם רבינס חסידים — האָבן אָנגע־הויבן אַ מלחמה קיגן אים. דער רב האָט זיי צוגערעדט, אַז זיי זאָלן זיין ספרל „רפואות יהושע" איבערגעבן דער פאָליציי: ער סמט מענטשן, פאַרנעמט זיך מיט דאָקטאָריי און נאַרט אויס געלט. נאָר דאָס האָבן זיי נישט געוואָלט טון. זיי האָבן קיגן רבין מלחמה געהאַלטן מיט אַן אַנדער מיטל, אַז די רביצין מיט הערש לייבן... דאָס גאַנצע שטעטל האָט וועגן דעם געקאָכט, אפילו חדר־ייִנגלעך האָבן וועגן דעם גערעדט.

— און די טאָכטער? — האָבן אַנדערע געשריגן. — שלעפּט זיך אַרום מיטן בלאָנדן דייטש!

אין דעם שטעטל האָבן געלעבט אַ סך דייטשן, וועלכע האָבן צווישן די פּאָליאַקן און די יידן אויסגעזעען, ווי מענטשן פון עפּעס אַ ווייטער אומבאַקאַנטער וועלט. זיי האָבן צווישן די צוויי פעלקער געבילדעט אַן אָפּגעזונדערט פאָלק. נאָר מיט די יידן האָבן זיי געהאַנדלט צוזאַמען, געהאַט שותּפות פאַבריקן. זיי האָבן געהאַט אַן אייגענע שולע, און דער לערער פון דער דאָרטיקער שולע — אַ שיי-נער בלאָנדער יינגערמאַן, מיט שיינע בלאָנדע וואָנסעס און בלויע אויגן — האָט געהאַט צוויי שוועסטערן. מיט זיי האָט זיך חווהלע געחברט — דעם רבינס עלטערע טאָכטער — און דעריבער אָפּט צו זיי געקומען. און אַריינגעפירט געוואָרן איז זי דאָרט דורך איר חברטע לאהטשע נחמיה זיינוולס, וועלכע מען האָט אינם שטעטל געהאַלטן פאַרן פרומסטן מיידל, און דעם טאַטן אירן פאַר איינעם פון די שענסטע יידן. נאָר עס האָט קיינער נישט גע-ווּסט — און עס וואָלט קיינער נישט געגלייבט — אַז אָט די לאהטשע ליבט זיך מיט דעם בלאָנדן דייטש, דעם לערער. ער אָבער — אַז זיין געליבטע האָט אים אין שטוב אַריין געברענגט אַ שענערע און אַ יינגערע — האָט ער זי געלאָזט שטיין און זיך גענומען צו איר חברטע. דאָס האָט זי, פאַרשטייט זיך, געקרענקט, און זי האָט אויף חווהלען אינם שטעטל די מיאוסטע מעשיות פאַרשפּרייט, פון וועלכע אַ סך זענען אפשר אמת געווען.

אין שטעטל האָט געקאָכט. מען האָט אויסגעטראַכט אַ לידל, און עס געזונגען:

„די רביצין מאַכט אַ קוגל אין אַ קוגל-שאַרבן אַריין,
בים, בים, בים...
און הערש לייב דער גמרא-מלמד,
בום, בום, בום...
האָט זיי דער רבי ערגעץ געטראָפן,
באַם, באַם, באַם...
האָט זיי דער רבי ערגעץ געטראָפן,

בעם, בעם בעם...

די רביצין טראָגט שוין דעם קוגל צווישן די חסידים,

בים, בים, בים...
און הערש ליב דער גמרא־מלמד,
איי, איי, איי...
האָט צו זיי דער רבי זיין גאַרטל גענומען,
אוי, אוי, אוי...
האָט צו זיי דער רבי זיין גאַרטל גענומען,
וויי, וויי, וויי..."

מיידלעך און יינגע ווייבלעך האָבן זיך נישט געקאָנט ווייזן אין גאַס אַריין. חברה לצים האָבן יעדעס מיידל אָדער ווייבל באַגעגנט מיט דידאָזיקע ווערטער:
„די רביצין מאַכט אַ...

---

אין די שולן פון די צוויי וואַרשעווער און פון דעם העבּ־רעישן לערער, הער הימלבלוי, זענען נאָך דערווייל זייער ווייניק שילער געוועזן. די פרומע יידן אין דעם שטעטל האָבן זייערע קינדער צו די אפיקורסים, צו די אויסוואורפן — ווי זיי האָבן זיי גערופן — נישט געוואָלט שיקן, געשריגן, אַז זייערע קינדער וועלן קיין גויים נישט זיין. די, וועלכע האָבן יאָ געוואָלט שיקן, האָבן מורא געהאַט, נישט געהאַט קיין מוט, ווייל יענע, וועלכע האָבן געשיקט — די מער אויפגעקלערטע — האָבן די חסידים זייער שטאַרק גערודפט. דעריבער זענען אַלע קינדער פון דעם שטעטל נאָך געגאַנגען אין די אַלטע חדרים אַריין.

די יינגלעך, וועלכע האָבן געלערנט באַ הערש לייבן, האָבן זייער רבין געקוקט ממזריש אין די אויגן אַריין... אין חדר

האָבן זיי וועגן נאָרנישט גערעדט, ווייל זיי האָבן פאַרן רבין מורא געהאַט, ווי פאַרן מלאך המוות. זיי דאָבן געוווסט וואָסערע אויגן ער האָט: ער דאַרף נישט קוקן און זעט אַלץ... ס'איז גענוג בלויז נאָר צו באַוועגן די ליפּן, אָדער אַ פינטל טון מיט אַן אויג, ווייסט ער שוין, וואָס מען האָט גערעדט, אָדער געמיינט.

הערש לייב האָט זיינע תלמידים געשלאָגן אויף אַ גאַנץ אַנדערן אופן, ווי די אַנדערע מלמדים אין דעם שטעטל. ער האָט נישט געשלאָגן מיט קיין שטעקן, נישט מיט קיין פּאַסיק, אפילו נישט מיט קיין קאַנטשיק, נאָר בלויז מיט דער האַנט, און דאָס האָט מער וויי געטון ווי מיט אַ שטעקן, אָדער מיט עפּעס אַנדערש. און נישט אין דער באַק אַריין, אָדער ערגעץ אַנדערש, נאָר תמיד אויפן הינטן. פּאַמעלעך האָט ער דעם פאַרזינדיקטן אָפּגעקנעפּלט די הויזן, געהייסן אים קאַפּויערהייבן דאָס העמד ביזן נאָפּל, און אַזוי שטיין בלייבן אַ פערטל שעה. זיינע אויגן האָבן דאַן אָנגעהויבן שרעקלעך גלאַנצן, זענען געוואָרן וואַסערדיק. זיין פּנים איז בלאַס געוואָרן, כאָטש עס האָט זיך געדאָכטן, אַז ער לאַכט. די שוואַרצע באָרד האָט געציטערט, און די נאָז איז בײַ אים שפּיציק געוואָרן. דאָס איז פאַרן פאַרזינדיקטן געווען ערגער ווי דאָס שלאָגן. דערנאָך, נאָך דעם פערטל שעה, האָט ער דעם פאַרזינדיקטן אַ כאַפּ געטון מיט ביידע הענט, אים אַ וואָרף געטון צו זיך אויפן שויס אַרויף, אים קראַמפּהאַפט צו זיך צוגעדריקט, געברומט, און מיט איין האַנט — וועלכע איז שרעקלעך הייס געווען און האָט געציטערט — האָט ער דאָס ייִנגל געגלעט איבערן נאַקעטן הינטן, פּאַמעלעך געגלעט און געציטערט, אַלעמאָל שטאַרקער געדריקט, אַלעמאָל שטאַרקער געבריט — ווי אַ שטיק פייער — און דאַן ערשט אָנגעהויבן שלאָגן. צוערשט פּאַמעלעך, איין פּעטשל נאָכן אַנדערן, דאַן שנעלער, אַלעמאָל שנעלער, אַז דער פאַרזינדיקטער האָט די פּעטש שוין מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן. דאַן האָט ער זיך מיט איינמאָל געטון אַ שטעל אויף, און דאָס ייִנגל איז אָן אָטעם, אַ פאַרחלשטער, ווי אַ פּאַק, אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד.

די יינגלעך, וועלכע האָבן ביי אים געלערנט, האָבן אין דער היים וועגן דעם נישט דערציילט. איינס — ווייל זיי האָבן זיך געשעמט, און צווייטנס — ווייל דער רבי, וואָס האָט גע־שלאָגן, איז תּמיד געבליבן גערעכט. אַ סך יינגלעך האָבן אָבער עקסטרע עפּעס געטון, כּדי זיך צו פאַרזינדיקן, אַז דער רבי זאָל זיי אַזויאַרום אָפּשמייסן. עס האָט זיי גערייצט צו שטיין פאַרן רבין מיטן קאַפּויערגעהויבענעם העמד ביזן נאַפּל, און דערנאָך ליגן אויף זיין שויס: עס איז אַזוי גוט, ווי ער קיצלט מיט די פינגער דעם בויך און דאָרט... אַז עס גלוסט זיך אַזש די אויגן צו פאַרמאַכן, פעסט צוצוהאַלטן... דערנאָך טוט טאַקע וויי, אָבער אַז מען געוויינט זיך צו...

זייער אָפּט האָט הערש לייב אַלע תּלמידים אַרויסגעטריבן פון חדר און צוגעשלאָסן די טיר. די ייִנגען האָבן זיך אינדרויסן באַלד אָנגעהויבן אַרויפשטעלן איינער אויפן אַנדערן, און אַזויערנאָך אַריינגעקוקט דורכן פענצטער, וואָס איז געווען זייער הויך, זיי האָבן דאָרט געזען, ווי זייער רבינס פרוי ליגט אויפן טיש — ווי צום אָפּשמייסן — און זשעדנע האָבן זייערע פיבערישע אויגן זיך איינגעזויגן אין דעם, וואָס זיי האָבן געזען. די הענט און די פיס האָבן געציטערט באַ זיי. אַלע האָבן זיי באַ זיך אָפּ־געמאַכט, אַז ווען דער רבי זאָל זיי אפילו דערהרגענען צום טויט, וועלן זיי אין דער היים נישט דערציילן, אַז דער רבי שלאָגט זיי: די טאַטעס זאָלן זיי נישט אַרויסנעמען פון דעמדאָזיקן חדר.

אַלעמאָל האָט זיך אַן אַנדערער אַרויסגעקריגן פונם חדר, זאָגנדיק דעם רבין, אַז ער מוז... הערש לייב האָט געוווּסט, אַז דער יינג נאַרט אים, אָבער ער האָט אים געלאָזט גיין. אינדרויסן האָבן זיי הינטער אַ פּלויט זיך אַוועקגעזעצט טשיפּקע, אַלע מיט אַראָפּגעלאָזטע מייטקעס — ווייל קוים קומט אַרויס דער רבי, זאָל ער זען, אַז זיי... — און געוואַרט דערויף, וואָס מייערל האָט זיי צוגעזאָגט צו דערציילן. נאָר מייערל האָט זיך געלאָזט לאַנג בעטן און דערווייל האָט אַן אַנדערער דערציילט, ווי אַזוי דער פריער

דיקער רבי, בא וועלכן ער האָט געלערנט, האָט אים גע־שלאָגן.

— איך האָב געלערנט בא עלי באָק — האָט דער יינג־דערציילט — האָט ער נישט געשלאָגן, נאָר געקניפּן. געריסן מיט די נעגל די לעפּלעך פון די אויערן, אַז עס איז אַזש געגאַנ־גען בלוט. איינמאָל האָט ער מיט אַ שטיק האָלץ דערהרגעט איי־נעם צום טויט.

— מיין פריערדיקער רבי, ר׳ יחזקאל גאַרב — האָט אַ צוויי־טער דערציילט — האָט תּמיד געהוסט, געשפּיגן, און געהאַט אַ בלויע נאָז. ער האָט געביסן. אַמאָל, ווען ער האָט מיך אָפּגע־שמיסן, האָט ער מיר אַ ביס געטון דאָ אַריין... האָב איך גע־חלשט אפשר אַ האַלבע שעה. כ׳האָב דערנאָך דערציילט דעם טאַטן — בין איך שוין מער נישט געגאַנגען אין חדר צו אים. ער איז געשטאָרבן פאַר פּסח און איז איצט אין גן־עדן, ווייל יעדער, וואָס שטאַרבט אין חדש ניסן, קומט דאָך גלייך אין גן־עדן אַריין.

— אָבער וואָס דערציילט מען איצט וועגן אַזעלכע זאַכן! — האָבן אַלע אָנגעהויבן שרייען. — מייערל האָט דאָך געוואָלט דער־ציילן וועגן...

— און אַלע — האָט איינער צווישן זיי, מיט קיילעכדיקע בעקלעך, פּראָטעסטירט. — אַלע דערציילן נאָר וועגן זייערע שלעכ־טע רבים. איך האָב געלערנט בא ר׳ איטשען — איז ער געווען... אַ מלאך פון הימל! ער האָט דערציילט אַזעלכע שיינע מעשיות... פון צדיקים, פון גן־עדן.

— און מיין רבי, בא וועלכן איך האָב געלערנט פאַראַ־יאָרן — איך האָב אים נאָך היינט אַזוי ליב — האָט תּמיד גע־רעדט וועגן משיחן. באַם לערנען האָט ער תּמיד גערעדט מיט גוטע רייד, שטיל — קיינמאָל זיך נישט געבייזערט.

— און ר׳ מלך? בא אים האָבן מיר דאָךביידע געלערנט. געדענקסט? — האָט אַ דריטער, מיט פאַרחלומטע אויגן, צו דעם מיט די קיילעכדיקע בעקלעך זיך געווענדט. — ער האָט אַ גאַנצן

טאָג מיט אונז בלויז נאָר געזונגען. צוויי מאָרשן געדענק איך נאָך.

— און איך אויך!

אַלע האָבן זיך מיט איינמאָל דערמאַנט אויף אָן די גוטע מלמדים, בּאַ וועלכע זיי האָבן אַמאָל געלערנט, און פאַרגעסן אָן אַלעם. עטלעכע אָבער, וואַרטנדיק אַזוי לאַנג מיט אומגעדולד, אַז מייערל זאָל דערציילן, האָבן ווידער געשריגן:

— נו, דערצייל שוין, מייערל!

מייערל, וועלכן די ייִנגען האָבן אַ צונאָמען געגעבן „מייזל", האָט אָנגעהויבן דערציילן: „צו אונז איז נעכטן אַריינגעקומען רייזל זשאַבאַק. די מאַמע האָט געמיינט, אַז איך הער נישט, ווייל איך בין געווען זייער שטאַרק פאַרטון אין דער אַרבעט. איך האָב מיר נעכטן געמאַכט אַ באַלעם פון גומי. איך האָב געפונען אויפן בוידעם אפשר הונדערט קאַלאָשן, וועל איך האָבן אפשר טויזנט באַלעמס! איר זאָלט זען אַ באַלעם — האַרט ווי אַ שטיין! אַז איך טו אים אַ זעץ אין דער ערד — טוט ער אַ שפרונג אַזש ביז צום הימל!"

— אָבער דו האָסט דאָך געוואָלט דערציילן וועגן עפּעס אַנ־דערש! — האָבן אַלע ווידער אָנגעהויבן שרייען.

— אַז... כי־כי־כי...

ער האָט אַ פינקל געטון מיט זיינע ממזרישע אייגעלעך און אָנגעהויבן דערציילן דאָס, וואָס אַלע האָבן אַזוי גערן געוואָלט הערן. ער האָט זייטיק געקוקט מיט איין אייגל, און פּאַמעלעך דער־ציילט: „רייזל זשאַבאַק האָט נעכטן מיין מאַמען דערציילט, אַז דעם רבינס ווייב, וועלכער האָט אַרויסגעטריבן אַ דבוק, שטעקט אונזער רבי אַריין די האַנט אין דער בלוזקע פאַרנט, און שפּילט זיך דאָרט מיט אירע... עטץ ווייסט שוין מיט וואָס... ער האָט זי ליב..."

זיינע אייגעלעך האָבן נאָך שטאַרער אָנגעהויבן פינקלען, בליצן, און זיינע בלאַסע בעקלעך זענען ראָזע געוואָרן. דאָס הי־טעלע מיטן נידעריקן דענקעלע, מיטן האַלב אָפּגעריסענעם דאַ־שיקל פאַרדרייט אויף איין זייט צום אויער, האָט ער אַ צי אַראָפּ

געטון אין די אויגן אַריין, און זיך צעכיכעט מיט זיין דין קווי-טשיק קולעכל: „כי-כי-כי. . .״

די אייגעלעך האָבן בײַ אַלע אָנגעהויבן גלאַנצן, די בלאַסע פּנימלעך צו בליען, און די צעשראָקענע בליקן האָבן געקוקט, אויב דער רבי קומט נישט.

דאָס, וואָס דו האָסט אונדז דערציילט, ווייסט שוין יעדער! — האָט ווי אַ גרויסער לייבל קלמנס אויסגעלאַכט מייערלען.

לייבל קלמנס, אַ יינג, וואָס האָט שוין באַלד באַדאַרפן אָנהייבן לייגן תפילין, האָט אַלץ געלערנט צווישן צען-עלף-יע-ריקע יינגלעך. ער האָט געהאַט אַ שווערן קאָפּ און איז געווען אַן עקשן. שלאָגן אים האָט נישט געהאָלפן, אפילו מיט קיין שטיק אייזן. ער האָט געהאַט אַ לעדערנע הויט אויף זיך. פאַר אים האָבן אַלע חדר-יינגלעך אינעם שטעטל — אפילו די גרעסטע — מורא געהאַט. ער איז געווען זייער אַ געזונטער, זיך געפירט ווי אַ גרויסער, און גערעדט ווי אַזעלכער, וואָס ווייסט שוין אַלץ: קורץ, שאַרף, אָפּגעהאַקט. געחברט האָט ער זיך נאָר מיט אַזעלכע, פאַר וועלכע מען האָט אינעם שטעטל מורא געהאַט. איצט איז ער אויפגעשטאַנען, אוועקגעשטעלט זיך אין אַ זייט, זיך געבערענגט אין אָרדנונג די הויזן, און געברומט: „איך וואָלט ענק עפּעס דערציילט, אָבער וואָס פאַרשטייט עטץ דען? עטץ זענט דאָך נאָך יאַטן, יאָלדן, און נישט מער! אונדזער רבי — הערש לייב מיט דער נאָז — איז שוין מיטן הייליקן צדיקס ווייב אַ סך ווייטער, ווי עטץ מיינט. . .״

— איך ווייס דאָס אויך! — האָט מייערל, רויט ווערנדיק פון כעס פאַר דער באַליידיקונג און אויפשטעלנדיק זיך, אַ געשריי געטון. — איך ווייס דאָס אויך! איך שלאָף מיטן טאַטן, ווייס איך אַלצדינג! איך הער, ווי ער גייט אַרויס פון בעט, און. . .

זיי זענען אַלע אויפגעשטאַנען, זיך געבערענגט אין אָרד-נונג די הויזן און זענען אַוועקגעגאַנגען אונטער אַ וואַנט אַרונ-טער פון אַ הויך געמויערט הויז. (קוים קומט דער רבי — עס גע-

דויערט שוין אַזוי לאַנג — זאָל ער זיי נישט טרעפן). אונטער דעם וואַנט האָט לייבל קלמנס ערשט דערציילט וואָס ער ווייסט, און מייערל, זעענדיק, אַז אַלע רוקן זיך פון אים אָפּ, איז ברוגז געוואָרן. ער האָט זייטיק אַ זאָג געטון אין דער חברה אַריין: „דאָס, וואָס איך ווייס, ווייסט עטץ קיינס נישט! אָבער דאָס וועל איך ענק נישט דערציילן!"

— דער רבי רופט!

אַלע זענען ווייס געוואָרן, דערקענט דעם רבינס קלאַפּן דורכ׳ן פענצטער, ווען ער רופט צום חומש. שטיל, אָפּגערוקט איינע פון אַנדערן, מאַכנדיק זיך, אַז זיי ברענגען זיך ערשט אין אָרדנונג די הייזן, זענען זיי איינציקווייז, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, צוריק אַרייגגעגאַנגען אין חדר. דאָס איז געווען אַ פינצטערע שטוב; אויף דער שוואַרצער בלאָטיקער פּאָדלאָגע, וועלכע איז געוואַשן געוואָרן פון איין ערב פסח צום צווייטן, זענען באַ די ווענט, וועלכע האָבן אויסגעזעען ווי זיי וואָלטן געווייגט, געלעגן ברעטער אויף איינציקע ציגל — די בענק צום זיצן. הערש לייבס פרוי, אַ קראַנקע איינגעדאַרטע יידענע, איז געשטאַנען באַ דער קיך, פון וועלכער עס האָט געריכערט, און געהוסט. ער איז געשטאַנען באַם טיש, אויף וועלכן די חמושים זענען געלעגן שוין אויפגעמישטע, און זי געשאָלטן. איינגעהאַלטן און שטיל האָט ער געפרעגט: „וואָס האָט אַזוי לאַנג געדויערט?"

קיינער האָט נישט געענטפערט. דאַן האָט יעדער באַקומען צוויי געזונטע פּעטש, אַז פונקען זענען אים אַזש געפלויגן פאַר די אויגן, און באַם אויעקזעצן זיך אַ קניפּ אין תחת אַריין, אַז עס איז אים אַזש פאַרגאַנגען אונטערן האַרץ. אַלעמאָל האָט אַן אַנדערער אַ קוויטש געטון: „אוי! . . . אוי! . . .", און טרערן האָבן זיך אים געשטעלט אין די אויגן. דאַן איז געוואָרן שטיל. אַזוי ווי מען האָט אָבער נאָר אָפּגעלערנט דאָס חומש און הערש לייב איז אויף אַ פּאָר מינוט אַרויסגעגאַנגען, איז געוואָרן אַ געסודעריי צווישן אַלע: אַלע האָבן זיך געשפּאַרט וועגן דעם, וואָס לייבל קלמנס האָט אונטער דער הויכער געמויערטער וואַנט דערציילט. פּלוצלינג איז אָבער דער רבי צוריק אַריינגעקומען, און

עס איז ווידער געוואָרן שטיל, אַזוי, אַז מען האָט די שטילקייט אַזש געקאָנט הערן.

נאָר דאָס ריכטיקע צווישן די ייִנגעלעך האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אויפֿן וועג, אַהיימגייענדיק פֿון חדר. מען האָט זיך גענומען קריגן און שלאָגן, ביז איינער האָט זיך אַריינגעמישט און אָפּגעמאַכט, אַז שבת נאָכן עסן זאָלן זיך אַלע צונויפֿקומען אויפֿן פּאַסטערנאַק באַם טייך, און דאָרט וועט מען מאַכן אַ ריכטיקע מלחמה. עס וועלן זיין צוויי פּאַרטייען, פֿאַרן הייליקן צדיק און קייגן אים, און וועלכע פּאַרטיי עס וועט זיין שטאַרקער, די וועט זיגן. און אַזוי איז טאַקע געוועזן: די, וואָס זייערע טאַטעס האָבן געהאַלטן מיטן רבין, זענען געווען איין פּאַרטיי, און די, וואָס זייערע טאַטעס זענען געווען קייגן רבין, זענען געווען אַ צווייטע פּאַרטיי. עס האָבן זיך אָוועקגעשטעלט „גענעראַלן“, און די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן. אינם געשלעג האָט איינער צום אַנדערן געשריגן:

— אַלץ, וואָס מען זאָגט אויף דער רביצין מיט הערשלייבן, איז אמת! אָבער דער רבי איז אַ גרויסער צדיק, ער האָט דאָך באַוויזן אַ נס: אַרויסגעטריבן אַ דיבוק!

— אַ נס האָט ער באַוויזן?... כע-כע-כע!... ער האָט אַרויסגעטריבן אַ דיבוק!... אַ דיבוק האָט ער אַרויסגעטריבן!...

דאָס געשלעג איז געוואָרן אַלעמאָל שטאַרקער. די, וואָס זייערע טאַטעס זענען געווען קייגן רבין זענען דאָך באַזיגט געוואָרן, ווייל זיי זענען געווען זייער ווייניק. אויפֿן וועג אַהיים האָבן זיי געלאַכט פֿון זייערע זיגער, אָבער זייער לאַכן איז געווען ערגער ווי געוויין. זיי זענען געווען גוט צעשלאָגן, און נאָך ערגער די בושה. פֿאַרשעמטע, מיט אונטערגעהאַקטע אויגן, זענען זיי אַהיימגעקומען, און ניט געקאָנט אפֿילו דערציילן וועגן זייערע בלויע שיניאַקעס. די זיגער, חוץ דעם, וואָס זיי זענען געווען אַ גרויסע מחנה, האָבן זיך געשלאָגן מיט גרויס מסירת-נפֿש. אויפֿן וועג אַהיים זענען זיי געגאַנגען שטאָלצע, און געשריגן

צו די באַזיגטע: „נו?...” יענע האָבן נישט געענטפערט, חוץ מייערל, וועלכער איז געווען שרעקלעך צעניזוקט און די רציחה האָט אין אים געקאַכט. ער האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן, און צוריקגעענטפערט: „און די רביצין מיט הערש לייבן?... און חוהלע מיטן בלאָנדן דייטש?...”

---

צווישן די חסידים האָט זיך אָנגעהויבן אַ שרעקלעכע אומ־רויקייט. זיי האָבן גערעדט צווישן זיך וועגן דעם, וואָס מען האָט אין דער שטאָט גערעדט אויפן רבין און דער רביצין, אָפּגעלייקנט דאָס, וואָס מען האָט געזאָגט אויף דער טאָכטער, אַקייגגעשטעלט זיך קייגן די, וועלכע האָבן געפירט די מחלוקה, אָבער בא זיך אין האַרץ איז יעדער פון זיי אַרומגעגאַנגען מיט ספיקות. די, וועלכע האָבן באמונה שלימה געגלייבט, אַז אַלץ, וואָס מען זאָגט, איז דאָך ליגנט, האָבן באַדויערט זייער רבין, וועלכער מוז אַזוי פיל אָפּקומען אויף דער זינדיקער ערד. אַ סך פון זיי האָבן דערין גע־זען גרויסע סודות, יעדער איינער אַן אַנדערן סוד, און דעם סוד אויסגעטייטשט אויף זיין אופן. טייל חסידים האָבן געגלייבט, אַז די רביצין מיט דער טאָכטער זענען הייליקע מלאכים פון הימל, זיי פירן דאָס אַלץ אַזוי פאַר פאַרן שטעטל, כדי צו עפענען די אויגן פון די טאַטעס און מאַמעס, אַז זיי זאָלן אָנהייבן נאָכקוקן זייערע טעכטער, וועלכע טוען אָפּ כל עבירות רעות בסוד, אָדער די מענער, וואָס זייערע ייבגע פרויען זינדיקן, זאָלן זיך אָנשטויסן. „און אפשר פירן זיי דאָס גאָר פאָר פאַר די פרויען, וועלכע דער יצר־הרע וויל ערשט פאַרפירן?” — האָבן טייל זיך געפרעגט. „די פרויען, אַז זיי וועלן זען ווי מיאוס דאָס איז, וועלן, פאַרשטייט זיך, נישט לאָזן זיך פאַרפירן”. אַנדערע ווידער האָבן געטענהט אַזוי: „די רביצין מיט דער טאָכטער —ביידע נשים צדקניות — מאַכן פאָר פאַרן רבין, ווי זיי וואָלטן געזינדיקט, כדי ער זאָל דערפון פאַרשטיין, אַז אין שטאָט זענען דאָ זינדיקע פרויען און

ער זאָל דאָס נישט דערלאָזן. אָדער... דערמיט, וואָס ער וועט וואָס ער וועט ליידן, ווען אים וועט זיך דאַכטן, אַז זיין ווייב מיט דער טאָכטער זינדיקן, וועט ער מכפּר זיין אויף די אמתע זינדיקע".

און נאָך אַ סך אַזעלכע סודות האָבן זיי אין דעם, וואָס מען האָט גערזאָגט אויף דער רביצין מיט איר טאָכטער געזעגען, און זיך דעריבער זייער שטאַרק געהיטן, אפילו קיין שלעכטע מחשבה אויף זיי נישט צו האָבן. „מען טאָר גאָרנישט רעדן, מען דאַרף זיין געהיטן מיט יעדן וואָרט, וואָס מען גייט אַרויסלאָזן פון מויל אויף אַ צדיק, אָדער אפילו אויף די, וואָס שטייען באַענט צום צדיק!" — האָט יעדער חסיד שטרענג געזאָגט צו זיך. „ווער קאָן פאַרשטיין די הייליקע און גרויסע סודות, וועלכע זענען פאַרבאָרגן אין די מעשים פון די צדיקים און אין די מעשים פון די, וועלכע זענען זיי באַ־ענט? און ווייסט מען דען זיכער, אַז אפילו דאָס, וואָס מען מיינט שוין, אַז מען פאַרשטייט, מען זעט עס מיט די אויגן — איז טאַקע אַזוי, ווי מען פאַרשטייט און מען זעט? אַ פשוטער מענטש איז בלינד, ממש בלינד קייגן דעם צדיק, וועלכער איז ווי די זון, אַ פלאַם פייער, אין וועלכן מען קאָן נישט אַריינקוקן. און קוקט ווער אַריין דע־רין — זעט ער נישט מער ווי פייער. און וויל ער אין דעם פייער מיט געוואַלט עפּעס זעען — ווערט ער בלינד, די אויגן ווערן אים פאַרברענט".

די חסידים האָבן באַ זיך באַשלאָסן, קיינעמען נישט צו־לאָזן רעדן אויפן רבין קיין שלעכט וואָרט, און אפילו נישט אויף דער רביצין מיט דער טאָכטער. דאָס אויסצופירן האָבן זיי געהאַט גענוג כּוח, ווייל זיי זענען געווען אַ סך מער ווי די, וועלכע זע־נען געווען קייגן רבין, און צווישן זיי זענען געווען אַ סך באַל־מעלאָכעס. די באַלמעלאָכעס זענען טאַקע כמעט אַלע געווען בלויז עלטערע יידן, אָבער אַלע אַזעלכע, וואָס וואָלטן געקאָנט געבן גע־זונטע קלעפּ, ווען מען וואָלט באַדאַרפן. צווישן זיי זענען געווען אַלע באַלעגאָלעס, טרעגער, קצבים, און... וואָלף דוד. אָבער די, וועלכע זענען געווען קייגן רבין האָבן זיך דערפאַר נישט אָפּגע־

שטעלט. דער רב האָט דאָס פייער שוין געהאַט גוט צעבלאָזן, אַז מען האָט עס מער נישט געקאָנט אָפּלעשן.

שמואל זייבוועלע עקשן: אַ ייד מיט אַ גראָבער קאָלטן-באָרד און מיט גרויסע פערדישע געלע ציין, אָנגעטון אין אַ כאַלאַטל, וואָס האָט געשטינקען פון לעדער, שטענדיק צעקנעפּלט און מיט נאַרישע אַרויסגעזעצטע ברענענדיקע אויגן — איז אַרומגעלאָפן איבער די גאַסן און געשריגן: „אַ רבי איז ער? אַ מכשף! אַ שווינדלער! נאַרט אויס געלט בײַ מענטשן! אַ דבוק האָט ער אַרויסגעטריבן? כאַ-כאַ-כאַ!... זאָל ער אַרויסטרייבן דעם דבוק פון דער טאָכטער — דעם בלאָנדן דייטש, און פון ווייב — הערש לייבן!... כאַ-כאַ-כאַ!... חסידים... וואָלף דוד ג...”

דאָס לעצטע וואָרט האָט ער אינגאַנצן נישט אַרויסגעזאָגט, ווייל זיין פרוי, וועלכער מען האָט אינדערהיים צוויסן געטון, אַז איר מאַן שרייט שוין ווידער אין די גאַסן, זידלט דעם רבין, איז געקומען צו לויפן און אים אָנגעכאַפּט ביים מויל פונקט, ווען ער האָט געוואָלט אַרויסזאָגן דאָס וואָרט „גנב”. — זי האָט צו אים געשריגן: „דו וועסט דאָך דיך אומגליקלעך מאַכן! מען וועט דאָס דערציילן וואָלף דודן, וועסטו דאָך אפילו קיין פּיפּס נישט טון!”

באַלד איז זי אָבער אינמיטן מאַרק שטיין געבליבן אין בלויזן קאָפּ, אָן דער קופּקע, ווייל ער האָט זי געשלאָגן. מענטשן זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן אויף זייבע געוואַלטן. ער האָט געשריגן צו דער פרוי: „נישט דיין דאגה! וועט מען מיך דערהרגענען! וועסטו חתונה האָבן מיט אַן אַנדערן מאַן, מיטן רבינס אַ חסיד!”

די פרוי איז קוים אַ לעבעדיקע אַנטלאָפן פון אונטער זייבע הענט אַפּער. די מענטשן, וועלכע זענען זיך אָנגעלאָפן, זענען זיך צוריק צעגאַנגען, און אין מאַרק איז ווידער שטיל געוואָרן, נאָר שבת אינדערפרי האָט אין שול באַם דאַווענען יעדער געפילט, אַז עס וועט עפּעס געשען. וואָלף דוד איז אפילו, ווי תמיד, געשטאַנען אין זיין ווינקעלע, איינגעהילט אין זיין גרויסן טלית און געדאַוונט. אָבער ער האָט די גאַנצע צייט געקוקט מיט איין אייגל צו שמואל זייבוועלען, און לעבן אים איז געשטאַנען חיים קאָוואַל, שיע באַלעגאָלע, און עטלעכע פון זיין חברה.

נאָר מען האָט אָפּגעדאַווענט שחרית, מען האָט געלייענט די תורה און ס׳איז גאָרנישט געשען. און פּלוצלינג — אַ גערודער! דער עולם קוקט, הערט ווי מען מ׳רמלט עפּעס, מען האָט דעם רבין אויפגערופן צו שישי און די נישט צופרידענע שושקען זיך, און באַלד שמואל זיינוולס קול: „דעם מכשף שישי!״ —

וואָלף דודס פּנים איז בלאַס-געוואָרן. זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן. אָבער ער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. אַלע אין שול האָבן געקוקט צו אים, צו חיים קאָוואַל, צו שיע באַלעגאָלע, און צו די חברה גנבים. אָבער, אַז וואָלף דוד האָט זיך קיין ריר נישט געטון, נישט געגעבן קיין צייכן זיין חברה-איז געווען שטיל. די שטילקייט איז אָבער געווען שרעקלעך. אין דער שול האָט מען געפילט, אַז עפּעס שוועבט אין דער לופט, עס שטיקט ווי מיט הענט, אַ קאַלט פייער ברענט אונטער די פיס.

דער רבי איז צוגעגאַנגען צום רב, און אים געזאָגט: „איר זענט מרא דאתרא — גייט ארויף צום ספר, שישי געהער אייך. איך בין מוחל אויף מיין כבוד, וואָס מען האָט מיך אויפגערופן.״

די שטילקייט איז געוואָרן צום אָנטאַפּן. דער רב איז ארויפגעגאַנגען צום ספר, געמאַכט די ברכה, דערנאָך די צווייטע, און איז צוריקגעגאַנגען אויף זיין אָרט. מען האָט זיך געשטעלט דאַווענען מוסף. נאָכן דאַווענען איז דער עולם גיך זיך צעגאַנגען אָן אַ גוט-שבת. נאָר עס האָט נישט געדויערט קיין צוויי מינוט און דער מאַרק איז שוואַרץ געוואָרן פון מענטשן. מען איז געלאָפן פון אַלע זייטן, און אַלע: „וואָס איז געשען?״... נאָר עס האָט קיינער קיין וואָרט נישט געענטפערט. און מען איז געלאָפן. אַלע ווייס, די הענט ציטערן, די פיס וואַקלען זיך. קעפּ אויף קעפּ. און קיינער ווייסט נישט וואָס עס איז געשען, כאָטש יעדער איינער איז זיך משער. און איינער דעם אַנדערן פרעגט: „וואָס איז געשען?...״ אָבער קיינער ענטפערט נישט און אַלע שטופּן זיך. אַ קנויל פון מענטשן. מען זעט נישט קיין מאַנספּערשוינען, קיין פרויען, נאָר שוואַרצע אַטלעסענע קאַפּאָטעס, שטריימלען.

די חסידים, אָפּגעזונדערט פון אַלע, האָבן געשריגן: „גוט אַזוי!... „נאָר פּלוצלינג — געשרייען פון אַלע זייטן: „דער סטראַזשניק גייט!...״

דער סטראַזשניק, אָנגעטון פּאַלנע פּאַרם: דאָס היטל זייטיק, די קאָקאַרדע גלייך מיט דער נאָז, ערנסט און צעשראָקן, איז געלאָפן. די שווערד אויף דער לינקער זייט האָט ער פּעסט צוגעהאַלטן מיט דער לינקער האַנט, און מיטן מיטלסטן פינגער פון דער רעכטער האַנט, האָט ער זיך געהאַלטן אין איין מעסטן די קאָקאַרדע פונם היטל, אויב זי איז-טאַקע גלייך מיט דער נאָז, אויף אַ האָר נישט אָוועקגערוקט. ווען די יידן וואָלטן נישט געוווּסט, אַז דאָס איז דער סטראַזשניק, ווען ער וואָלט נישט געטראָגן קיין שוואַרצן ענגעל און אַ הויך היטל מיט רויטע קאַנטן, מיט אַ גרויסער קאָקאַרדע אין מיטן און אַ שווערד מיט אַ רעוואָלווער; ווען ער וואָלט געטראָגן אַן אַטלעסענע קאַפּאָטע און אַ גרויסן טלית אונטערן אָרעם — וואָלטן זיי געמיינט, אַז אַ פאַרשפּעטיק-טער ייד לויפט פון דער שול. ער האָט ערשט אָפּגעדאַווענט, איז דערשראָקן,

אַז די שוואַרצע באָרד ציטערט אַזש ביי אים. נאָר, אַז ער איז צוגעקומען נאָענט, האָט מען געזעען, אַז דאָס איז אַן אַמתער איוואַן, אַ פּראַוואָסלאַוונער, מיט קליינע שטעכנדיקע אייגעלעך, וועלכע ווערן נאָך אַ גלאָז סאָראָקאָווקע ווייך און מילד און גיסן מיט טרערן. תּמיד, ווען ער איז געגאַנגען אויספירן זיין אַמט, איז ער געווען זייער ערנסט: ער איז דאַן געלאָפן אַ צעשראָקענער.

די יידן האָבן זיך צערוקט, געמאַכט אַ וועג פאַרן סטראַזשניק, אָבער זיי זענען זיך נישט צעלאָפן, חוץ עטלעכע פּחדנים און ווייבער. אדרבה, די חסידים האָבן ערשט איצט אָנגעהויבן שרייען און געקאַכט זיך — געוויזן דעם סטראַזשניק, אַז זיי האָבן נישט קיין מורא פאַר אים, אַפילו נישט פאַר זיין נאַטשאַלניק, ווען ער וואָלט געקומען. זיי האָבן אים געוויזן, אַז פאַר זייער רבין זענען זיי גרייט צו גיין אַפילו אין פייער אַריין. זיי האָבן געשריגן: „אַ שיינע כּפּרה אויף זיי!.. צום טויט האָט מען זיי באַדאַרפן דערהרגענען!..״

איין חסיד איז צוגעלאָפן צום סטראַזשניק, אים אָנגעכאַפּט פאַרנט ביים שינעל און אים געפרעגט: „פּאַניע סטראַזשניק!.. דו ביסט דאָך אַ היימישער מענטש, אַן אייגענער, און דו פאַרשטייסט דאָך עפּעס... פרעג איך דיך: זענען זיי נישט ווערט, אַז מען זאָל זיי דערהרגענען צום טויט?.. אַזעלכע פּושעים!.. אַזעלכע גויים גמורים!.. האָבן דעם רבין, אַזאַ הייליקן צדיק, וואָס האָט אַרויסגעטריבן אַ דבוק אין דער שול, אין אַ מקום קדוש, ביים דאַווענען, ווען די ספר-תּורה איז געלעגן אויפן טיש!..״

נאָר פלוצלינג האָבן אַלע דערזעען דוד חיים יחיאלס, ווי ער וואָלט פון דער ערד אַרויסגעוואַקסן, און פאַרשטאַנען, אַז דעם סטראַזשניק האָט ער געבראַכט. דאָס איז געווען אַ גרויסער תּקיף און אַ גרויסער נגיד, און ער איז געווען קעגן דעם רבין. איצט אָבער האָט פאַר אים קיינער קיין מורא נישט געהאַט, און קיין דרך-ארץ צוודאי נישט. די חסידים האָבן געשריגן: „אויף טויט האָט מען זיי באַדאַרפן דערהרגענען!.. אַזאַ זאַך!.. אין דער שול, פאַר אַן אָפענער ספר-תּורה, אַזעלכע ווערטער אויף אַזאַ הייליקן צדיק!.. יאָ, יאָ ער איז אַ הייליקער צדיק, אַ מלאך!.. ער איז צוגעגאַנגען צום רב.

— אַ רב איז ער?.. אַ פּושע!.. אַן אַפּיקורס!.. ער מיינט, מען ווייסט נישט, אַז ער האָט די גאַנצע שטאָט, די בעסטע יינגעלייט אַראָפּגעפירט פון גלייכן וועג!.. די אַלע קראַנקייטן, וועלכע זענען תּמיד געווען אין שטאָט, זענען געווען דורך זיינע זינד!.. ווען נישט דער רבי, וואָס דער רב איז נישט ווערט זיין... וואָלט די גאַנצע שטאָט דעמאָלט געווען אומגעקומען!.. איצט זעען מיר ערשט סאַראַ צדיק דער רבי איז!.. ער איז צוגעגאַנגען צום רב—צו דעם פּושע-און אים געזאָגט „מרי דאתרא״!.. כּדי עס זאָל נישט זיין קיין מחלוקה שבת, און זיי—אַזעלכע גויים!.. אַזעלכע משומדים!.. צום טויט האָט מען זיי באַדאַרפן דערהרגענען!.. צוזאַמען מיטן אַפּיקורס, וואָס האָט אַזאַ פייער אָנגעמאַכט!..

עטלעכע יידן, וועלכע זענען געווען קעגן רבין און זענען נאָך איבערגעבליבן מיט גאַנצע ביינער, האָבן שטילנדיק זיך אויפ-

סטראַזשניק און אויף דוד חיים יחיאלס, אָנגעהויבן צוריק־עַנטפערן. זיי האָבן אָבער קוים צוויי ווערטער געהאַט אַרויסגעלאָזט פון מויל, און שוין זענען זיי געלעגן אויף דער ערד גלייך מיט די צעבלוטיקטע. דער סטראַזשניק איז אינגאַנצן צעמישט געוואָרן, נישט געוווּסט מער, וואָס ער זאָל טון. ער איז געשטאַנען צווישן צוויי פייערן: דוד חיים יחיאלס, און וואָלף דוד.

דוד חיים יחיאלס האָט צום סטראַזשניק נישט גערעדט, נאָר ווי אַ גענעראַל באַפוילן, און דער סטראַזשניק האָט געמוזט פאָלגן. ער האָט דעם סטראַזשניק, ווי זייגס אַן אַדיוטאַנט, געגעבן אַ צייכן, אַז ער זאָל אַלץ פאַרצייכענען, וואָס ער האָט געזען און געהערט. צו די חסידים, וועלכע האָבן זיך געקאַכט, האָט ער זיך נישט אָנגערופן: אַ גענעראַל רעדט נישט מיט קיין בונטאָווטשיקעס. . .

דער סטראַזשניק האָט נאָך שטייפער אַ דריק געטון די שווערד מיט זיין לינקער האַנט, האָט אַ טאַפּ געטון דעם רעוואָלווער אויף דער רעכטער זייט, מיטן מיטלסטן פינגער פון דער רעכטער האַנט האָט ער זיך אַ מעסט אָפּ געטון די קאָקאַרדע, אויב זי שטייט גלייך מיט דער נאָז, גלייך אויף דער האָר און דאַן אַ כאַפּ אַרויס געטון דאָס ביכל פון דער כאָליעווע און אָנגעהויבן שרייבן. אַז ער איז פאַרטיק געוואָרן מיטן שרייבן, האָט ער אָפּגעגעבן אַ באַפעל: „ראַזכאַדיס!“

נאָר קיינער האָט זיך פון אָרט נישט גערירט. דער סטראַזשניק האָט דאַן מיט אַ ציטערדיקער האַנט אָנגעהויבן שלעפּן די שווערד פון דער שייד, און דער עולם: די יידן מיט זייערע טליתים און די ווייבער מיט זייערע גראָבע קרבן־מנחה־סידורים, נאָך איידער זיי האָבן דערזעען דאָס לאַנגע בליצנדע מעסער, זענען ווייס געוואָרן. די אויגן זענען זיי אַרויסגעקראָכן פון די לעכער. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן רוקן צוריק, אַלץ מער צוריק, ביז דער מאַרק איז איבערגעבליבן אינגאַנצן ליידיק. דאַן האָט דער סטראַזשניק צו די עטלעכע, וואָס זענען נאָך איבערגעבליבן, אָפּגעגעבן אַ צווייטן באַפעל: „אָוועקטראָגן די פאַרוווּנדעטע צו חיים רופא! אָדער. . .וואַרט!“

ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן צו די צעבלוטיקטע און זיי גע־

פרעגט, אויב זיי קאָנען טאַקע נישט גיין. נאָר יענע האָבן נישט געענטפערט, און ער האָט צוזאַמען מיט דוד חיים יחיאלס און נאָך עטלעכע זיי אויפגעהויבן פון דער ערד, און זיי געפירט צו חיים רופא. אויפן וועג זענען זיי אַקייגנגעקומען זייערע פרויען מיט געוואַלטן: „ווי איז מיר!... זיי האָבן מיר דערהרגעט דעם מאַן!...“

— מאַלטשאַט!

* *

*

חיים רופא האָט זיך גענומען געבן די פאַרוווּנדעטע די ערשטע הילף. ער האָט זיך אַ נעם געטון צו זיין דאָקטאָרישע אַר־בעט: אַ געשריי געטון צום ייִנג, וועלכער האָט באַ אים געגאָלט בערד, געשוירן און געלערנט פעלדשעריי, אַז ער זאָל באַ אַלע איינ־זייפן די קעפּ. דעם צווייטן געשריי האָט ער געטון צו זיין פרוי, וועלכע איז אין דעם שטעטל געווען הייבאַם, אַז זי זאָל אים דער־לאַנגען אַלץ, וואָס ער דאַרף האָבן: פאָדעם, נאָדל, גאַזע, יאָדאָ־פאָרמע און קאַרבאָל. אַז אַלץ איז פאַרטיק געווען, האָט ער זיך אַ נעם געטון צום ביִיען. ער האָט זיך פאַרקאַטשעט די אַרבל, אַרויסגענומען פון אַ פיין קעסטעלע אַ קליין בליצנדיק צווענגעלע, אַ מעסערל און אַ שערעלע. פייגע רחל — די פרוי — האָט אים דערלאַנגט די נאָדל: אַן אויסגעבויגענע, ווי אַ האַלבע לבנה.

— נאָך פאָדעם! דאָס איז ווייניק! אפשר צו פיפּצען לע־כער אין יעדן קאָפּ, און — ער האָט אָנגעהויבן ציילן — איינס... צוויי... דריי... פיר... פינף... דרייצן קעפּ צוצו־ביִיען!...

ער האָט דערזעען צוויי נישט איינגעזייפטע קעפּ און אָנגע־הויבן שרייען צום ייִנג: „פאַרוואָס האָסטו נישט איינגעזייפט יענע צוויי קעפּ?“

— זענען גאַנצע.

— זייף אײן און גאַל אָפּ!

דער ייִנג האָט געהאַלטן אין אײן אײנזייפן קעפּ און גאָלן. פייגע רחל האָט געהאַלטן אין אײן דערלאַנגען זײדענע פעדים, און חיים רופא — דער דאָקטאָר — האָט געהאַלטן אין אײן בייען. די פאַרוואונדעטע האָבן געשריגן, געקוויטשעט, געמאַכט קולות. חיים רופא האָט צו זיי געשריגן: „אַ רוח אין ענקערע טאַטעס און מאַמעס אַריין! אַ כאָליערע ענק אין די בייגער אַריין! ווער האָט ענק געהייסן טשעפּען מיטן רבין?"

חיים רופא האָט געהאַלטן מיטן רבין, ער האָט געמוזט, ווייל ער האָט פון וואָלף דודן געהאַט זיין גאַנצע פּרנסה כמעט: ער האָט פון אים געקריגן צען רובל אַ וואָך, אַז ער זאָל אומזיסט היילן אַלע אָרימע קראַנקע אין דער שטאָט. די פרויען פון די פאַרוואונדעטע מענער זענען געשטאַנען איבדרויסן אונטער דער טיר און געוויינט. חיים רופא האָט זיי נישט אַרייַנגעלאָזט. דערנאָך, ווען ער האָט אַלע קעפּ שוין געהאַט צוגענייט, באַשיט מיט דער געלער יאָדאָפאָרמע און אַרומגעבאַנדאַזשירט מיט דער ווייסער גאַזע, האָט ער צום סטראַזשניק אַ זאָג געטון: „אין אָרדנונג!"

ער האָט אָפּגעעטעמט, אַ פּאָר מינוט געקליבן נחת פון זיין דאָקטאָרישער אַרבעט און דאַן, ווי אַ פּראָפעסאָר, פאַראָרדנט: „יענע צוויי גלייך אַוועקפירן אין שפּיטאָל אַריין!"

## XVII.

וואָלף דוד האָט איבדערהיים אויסגעפּרעגט זיין חברה, מיט וואָס זיי האָבן געשלאָגן: ער האָט פריער נישט געקאָנט גיין צום טיש, ביזוואַנען ער האָט דאָס נישט געוווּסט. און אַז ער איז פון זיי געוווּיר געוואָרן, אַז זיי האָבן געשלאָגן מיט אייזערנע

הענטשקעס, האָט ער יעדן פון זיי אַריינגעלאָזט אַ פּלאַם צווישן די אויגן, אַז יענער איז גלייך געפאַלן צו דער ערד. דערנאָך האָט ער זיך גענומען צו יאָסלען, און אַז ער איז פון אים גע־ווער געוואָרן, אַז ער האָט געשטאָכן מיט אַ מעסער, האָט ער אים געטרעטן מיט די פיס און געשריגן: „וויפיל מאָל האָב איך געזאָגט, אַז ווען מען שלאָגט — שלאָגט מען אויף טרוקן! איי־זערנע גבורים...“

ער האָט געוואָלט נאָכאַמאָל זיך נעמען צו יאָסלען, נאָר די ייִנגען, אַליין געשלאָגענע, האָבן נישט צוגעלאָזט, אַז ער זאָל אים נאָכאַמאָל שלאָגן. שטום, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ האָבן זיי זיך געשטעלט צווישן יאָסלען און וואָלף דודן. וואָלף דוד — זיי אַנקוקנדיק — איז שטיין געבליבן אַפּהענטיק. גאָלדעלע די יונה־ציקנס — די מאַמע — איז געשטאַנען אין אַ זייט, און געשפּיזט מיט אירע טיגער־אויגן. זי האָט געוווסט, אַז זי טאָר זיך איצט נישט אָנרופן: זי קאָן בלויז נאָר ערגער מאַכן.

וואָלף דוד האָט געברומט: „איך האָב געשלאָגן אָן אַן אייזערנע הענטשקע, נישט געשטאָכן — מען האָט קיין טראָפּן בלוט נישט געזען — און עטץ האָט געזען שמואל זיינוולען און דעם אַנדערן?...

יאָסל, ליגנדיק אויף דער ערד, האָט קאַפּויערגעריסן די אויגן און אַרויסגעבורטשעט: „נישט פון דיינע קלעפּ“.

— נאָר פון וועמענס?

— כ'האָב דאָך דיר געזאָגט: כ'האָב אים דעם בויך...

וואָלף דודס אויגן האָבן געשפּיזט. ער האָט געביסן די אונ־טערשטע ליפּ, געפּייפט מיט דער נאָז. יאָסל, קאַלט און רויק, איז צוריק אויפגעשטאַנען פון דער ערד און צו זיך געזאָגט: „מער ועט ער אויף שבעלען נישט רעדן“.

וואָלף דוד האָט אים אָנגעקוקט: „אויף וועלכער שבעלע?“

— דעם רבינס טאָכטער.

— דערפאַר האָסטו אים געשטאָכן?

— דערפאַר.

— נישט ווייל ער איז קייגן רבין

— ניין.

— הם. . .

וואָלף דוד האָט יעדן אָנגעקוקט, אָפּגעמאָסטן מיט זיינע איצט שרעקלעכע אויגן, און זיך אַוועקגעדרייט. די ייִנגען האָבן דערפילט, אַז זיי זענען איצט איבעריק אין שטוב און זענען אַרויסגעגאַנגען.

גאָלדעלע די יונהציקנס האָט פון זונס עטלעכע אָפּגעהאַקטע ווערטער און פון מאַנס מיט איינמאָל געענדערטן בליק אַלץ פאַרשטאַנען, און טריומפירנדיק אויסגעשריגן: „נו, וואָלף דוד?... וואָס האָב איך דיר געזאָגט?... זעסט, אַז דו האָסט דאָס קינד דעמאָלט אומזיסט באַשולדיקט, ווען דו האָסט געזאָגט, אַז ער איז אין יענער נאַכט געגאַנגען גנבענען!...“ זי האָט צוזאַמענגעפאַטשט ביידע הענט און אַרויפגעריסן די אויגן צום סופית: „כ׳דאַנק דיר, גרויסער און שטאַרקער גאָט!... ליבער און טייערער טאַטע אין הימל!... הייליקער באַשעפער!... מיין טייער און איידל קינד!...“

טרערן האָבן זיך איר געגאָסן פון די אויגן. זי האָט אַרומגעהאַלטן יאָסלען און אים געקושט, געוויינט און געכליפּעט ווי אַ קליין קינד, און געהאַלטן אין איין שנייצן די נאָז אין פאַרטוך אַריין. זי האָט אַרומגעכאַפּט דעם מאַן, און זיך ערשט רעכט צעוויינט: „דו וועסט זען, סאַראַ נחת מיר וועלן נאָך האָבן פון אים!... ער וועט אונז נאָך אמתדיק באַשיינען!...“

וואָלף דוד איז געווען גערירט פון דער פּלוצלינגדיקער איבערראַשונג. ער איז ווייך געוואָרן און באַרויקט דאָס ווייב: „נו, חיין בישט...“ ער האָט זיך געווענדט צום זון, ווי אַ טאַטע, און אים געמוסרט: „האָסט אים נישט באַדאַרפט שטעכן. אומזיסט אים געפּטרט: אַ ייִד, אַ טאַטע פון קינדער. ער האָט נישט געמיינט די ייִנגערע, שבעלען, נאָר די עלטערע, חוהלען. און יענע — איך ווייס נישט, נישט מיין דאגה, אָבער מענטשן רעדן, און מיר דאַכט זיך...“

— מיר האָט מען דערציילט, אַז ער האָט גערעדט אויף

שבעלן, און אויף איר וועל איך קיינעם קיין וואָרט נישט לאָזן רעדן!

— אָבער נישט מיט קיין מעסער. אַ גוי שטעכט מיט אַ מעסער; ער קאָן נישט אַנדערש טון קיין קלאַפּ, נאָר מיט אַ שטיק אייזן. ער מיז זעען דם, רויטע יוכע, און וואָס? צעהאַקט אַ קאָפּ — גייט מען אַריין צו חיים רופא, און ער נייט צו. אָבער אַ טרוקענער קלאַפּ...

יאָסל האָט דעם טאַטן שטום אָנגעקוקט. וואָלף דוד האָט געשמייכלט אין זיינע גראָבע וואָנסעס אַריין, זיינע אויגן האָבן געשטראַלט פון גליק. עס האָט אים הנאה געטון, וואָס ער האָט זיך איבערגעצייגט, אַז דער יינג קאָן פאַרנעמען אַ געזונטן קלאַפּ (ער האָט זיך דאָך באַלד אויפגעהויבן פון דער ערד), און וואָס ער האָט זיך פאַרליבט אין רבינס טאָכטער, אין דער, וועלכע זעט אויס ווי אַן אמתע הייליקע טאַקע, ווי אַ רבינס אַ טאָכטער דאַרף אויסזעען. פון גרויס פרייד האָט ער געזאָגט צו יאָסלען: „ביסט אַ יינג!... און איצט גיי רוף אַריין די חברה, וועלן מיר גיין צום טיש! עס לויבט נישט איבער אַזאַ באַרישקייט אַ שבת צו פאַר־שטערן. זאָלן זיי דאַנקען גאָט, אַז זיי זענען אָפּגעקומען מיט אַזוי ווייניק. אין שול וואָלט פון זיי קיין איינער נישט געווען איבער־געבליבן אַ לעבעדיקער. נאָר גיי שלאָג אין אַ שול..."

---

באַם טיש איז יאָסל געזעסן אַ בלאַסער, שטום, און נישט געקאָנט נעמען קיין ביסן אין מויל אַריין. נישט פון די קלעפּ. אין קאָפּ האָבן זיך באַ אים געמישט פאַרשידענע געדאַנקען. ער האָט געזעען שמואל זיינוולען מיט אַן אויפגעשאַרפּעטן בויך, וועלכן ער האָט אומזיסט געשטאָכן, נישט אויף שבעלן האָט ער גערעדט, נאָר אויף איר שוועסטער, און זי קאָן ער אויך נישט

ליידן. ער קאָן די רביצן אויך נישט ליידן, און אפילו דעם רבין נישט.

ווען יאָסל האָט גענומען דעם ערשטן ביסן אין מויל אריין, האָט ער פּונקט דערזעען דאָס מעסער אויפן טיש, און אַ ציטער געטון, עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער האַלט עס אין דער האַנט און געפילט, ווי עס גליטשט זיך ווייך אַריין אין אַ בויך... ער האָט שמואל זיינוולען גאָרנישט געוואָלט שטעכן, נאָר דאָס מעסער — — — ער האָט דערזעען דעם בליק פון שמואל זיינוולס אויגן, ווי זיי האָבן אים אָנגעקוקט, ווען דאָס מעסער האָט פאַר זיי אַ בליץ געטון: זיי זענען אים אין יענער רגע אַרויס־געקראָכן אינגאַנצן פון די לעכער. ער האָט אוודאי געוואָלט צו אים אַ געשריי טון: „יאָסל!..." נאָר ער איז גלייך אַנידערגעפאַלן, אין די אויגן — ווי בײַ אַ געשאָכטענע בהמה — האָבן זיך פאַר־גלייזט, זיין פּנים איז געל געוואָרן, די נאָז שפּיציק — ער האָט זיך אינגאַנצן פאַרענדערט. „ער איז אוודאי שוין געשטאָרבן אין שפּיטאָל, אָדער אפשר גאָר אויפן וועג, נאָך איידער מען האָט אים אַהינגעבראַכט," — האָט יאָסל בײַ זיך געטראַכט.

ער האָט זיך דערמאָנט, אַז עס איז געווען שוין צו שפּעט, ווען ער האָט בײַ שמואל זיינוולען דערזעען די אַרויסגעקראָכענע אויגן: ער האָט זיין האַנט מיטן מעסער שוין מער נישט געקאָנט צוריקהאַלטן. ווען ער איז אַוועקגעגאַנגען און דעם געשטאָכענעם געלאָזט ליגן אין מיטן מאַרק, האָט אים די האַנט אָנגעהויבן שרעק־לעך ציטערן, און בײַם עסן האָט ער דעם לעפל צום מויל נישט געקאָנט אויפהייבן. איצט דאַכט זיך אים, אַז אונטער דער הויט פון דער האַנט קריכט אים עפּעס אַרום, און ער הערט שרייען: „יאָסל!..."

נאָר אַמשטאַרקסטן האָט יאָסל בײַם טיש געליטן פון דעם געדאַנק, אַז שבעלע קאָן מסתמא אין דער היים אויך נישט עסן: זי איז אודאי בײַ זיך אין צימערל, די רביצין רופט זי צום טיש, אָבער זי וויל נישט גיין. זי זעט מסתמא אויך די אַרויסגעקראָכענע אויגן בײַ שמואל זיינוולען און זי וויינט, זי איז ברוגז אויף אים, וואָס ער האָט געשטאָכן אַ מענטש. עס האָט זיך אים געדאַכט,

אז ער זעט, ווי זי פאַרשטעלט זיך די אויגן מיט דער האַנט, זי וויל אַנטלויפן, ווייל זי קען נישט זעען שמואל זיינוולס טויטע בליקן — ער איז געקומען זיך נוקם זיין אין איר. „און אפשר שלאָגט זי גאָר איצט דער רבי" — האָט ער אַ טראַכט געטון — „ווי זיין טאַטע האָט אים געשלאָגן"? ער שרייט צו איר: „איבער דיר האָט וואָלף דודס זון, דער גנב, געשטאָכן אַ ייד, אַ טאַטן פון קינדער!"

יאָסלס פנים איז פלוצלינג מיט איינמאָל אַזוי בלאַס געוואָרן, אַז אַלע אין שטוב האָבן זיך וועגן אים דערשראָקן. מען האָט אים אָנגעהויבן רופן און מונטערן: „יאָסל!... יאָסל!..." נאָר זיינע אויגן האָבן שטאַר געקוקט, געזען פאַר זיך, ווי דער רבי שלאָגט שבעלען. ווען ער איז ווידער געקומען צו זיך, האָט ער געקריצט מיט די ציין, און באַשלאָסן בא זיך: „ער וועט דעם רבין שטעכן, ווי ער האָט שמואל זיינוולען געשטאָכן!" ער האָט אַ טאַפּ געטון בא זיך אין דער כאַליעווע, אויב ער האָט דאָס מעסער.

גאָלדעלע די יונהציקנס — די מאַמע — האָט געצאַפּלט איבער איר זון: „יאָסל... מיין טייער קינד... מיין כשר קינד..."

יאָסל איז אַוועקגעגאַנגען פון טיש. עס האָט אים געמאַטערט דער געדאַנק, אַז ער וועט שוין קיינמאָל מער נישט קאָנען אַהינגיין צום רבין, ער וועט שוין קיינמאָל מער נישט קאָנען זעען שבעלען, איר אַזוי קוקן אין די אויגן, ווי אין יענעם שבת. זי האָט אים דעמאָלט אויך געקוקט אין די אויגן: זי האָט גערעדט צו אים, ער האָט געהערט. אָבער וואָס האָט ער געקאָנט טון? מען האָט אין שול דערציילט, אַז שמואל זיינוול האָט אין מיטן מאַרק געשריגן „דער רבי זאָל פון איר אַרויסטרייבן דעם בלאָנדן דייטש", האָט ער דערפילט, ווי עפּעס אַ הייסע כוואַליע האָט זיך אים אַ גאַס געטון איבערן קאָפּ, ער איז צעמישט געוואָרן, און די הענט האָבן זיך אים צוזאַמענגעדרייט ווי שלאַנגען. אַז מען איז אַרויס פון שול, ער האָט דערזעען, ווי מען האָט דעם ערשטן קלאַפּ געטון — איז דאָס מעסער, ווען-כעס ער האָט געהאַט

ביי זיך אין דער כאַליעווע, אַליין אים אַריינגעשפּרונגען אין דער האַנט, און — — — — —

---

עס איז געווען שוין פאַרנאַכט, אין דער תּמיד טונקעלער שטוב האָט אָנגעהויבן נאָך טונקעלער ווערן.

יאָסל איז געשטאַנען באַם נידעריקן קליינעם פענצטערל און אַרויסגעקוקט. ער האָט געגולמט: אין זיין מוח האָט קיין שום געדאַנק זיך נישט געוועקט. נאָר פּלוצלינג האָט אַ בילד אויפגע־פלאַקערט פאַר זיינע אויגן: ער האָט זיך דערמאַנט, אַז תּמיד, ווען דער טאַטע האָט אים געשלאָגן, איז ער אַנטלאָפן אין אַ דאָרף אַריין, אַריינגעגאַנגען צו אַ פּויער און געבעטן באַ אים, אַז ער זאָל אים לאָזן זיין באַ זיך. דער פּויער — אָדער אַן אַנדערער — האָט אים אָנגעוויזן אַן אָרט אין דער סטאַדאָלע, ווו ער זאָל שלאָפן — אַז עס איז געווען זומער — און ווינטער — אין שטוב אויף אַ טאַפּטשאַן. האָט דער פּויער געהאַט בהמות, אָדער שעפּסן, האָט ער אים געשיקט מיט זיי אין פעלד אַריין פּאַשען, און אַז נישט — האָט ער אים געגעבן אַן אַנדערע אַרבעט. ער איז דע־מאָלט געווען אַזוי גליקלעך! — — ער איז פעסט געשלאָפן אין שטרוי, אָדער אין היי, געכראָפּעט ווי אַן אמתער דאָרפס־שגץ. פאַרטאָג איז ער אויפגעשטאַנען, אָוועקגעזעצט זיך באַם טיש גלייך מיט אַלע און געגעסן פון דער גרויסער ערדענער שיסל שוואַר־צע קלוסקעס מיט מילך, אָדער קרויט מיט קאַרטאָפליעס. ווי ער האָט געפרעסן, געריבן מיטביידע באַקן! — — אָנגעגעסן זיך — איז ער מיט די שעפּסן, אָדער מיט די בהמות, אָוועק אין פעלד אַריין.

אויפן פעלד, האָט זיך יאָסל ווייטער דערמאַנט, האָט ער זיך תּמיד ליב געהאַט אויסצוציען אויפן נאַסן גראָז פון טוי. ער האָט זיך דעמאָלט געפּייפט אַ לידל, ווי אַ פּאַסטוך. איז געווען אַ שיינער טאָג: די בלויע לופט נאָך פאַרשלאָפן, שטמעו־

דיק, וואָס דער געליבטער אירער — אַ רויט צעפלאָמטער — איז
פון איר בעט אַרויסגעקראָכן, און אַ שטאָלצער זיך געלאָזט איבער
דער גאַנצער וועלט מיט זיין פייער, די ליידנשאַפטן פון ליבע
און לעבן אין אַלעם אָנצוצינדן, אפילו אין קלענסטן אַטאָם —
דעמאָלט האָט ער זיך צעפייפט און צעזינגען אַזוי פריילעך —
אַז די פעלדער אַלע האָבן זיך פון זייער נעכטיקן דרימל אויפגע-
כאַפט און מיט אים איינעם מיטגעזונגען. און איז דער טאָג גע-
וועזן אַ טריבער — האָט ר אַ טרויעריקער און פאַרבענקטער
שטיל געזונגען, מעלאַנכאָליש געפייפט, און די פעלדער — זיי
האָבן געוווסט וואָס אין זיין האַרץ טוט זיך, אים פאַרשטאַנען, און
מיט אים מיטגעטרויערט. מיטאָג-צייט האָט ער די בהמות, אָדער
די שעפסן, אַהיימגעטריבן צום מעלקן, און דערנאָך — אַז זיין
ביך איז שוין ווידער פול געווען און די גרויסע אייטערס באַ-
די בהמות לער — איז ער מיט זיי ווידער צוריקגעגאַנגען אין
פעלד אַריין.

אַ גאַנצן טאָג איז ער דאַן געלעגן מיטן פנים אַרויף, גע-
קוקט אין טיפן בלויען הימל אַריין, זיך צוגעהערט צום גריזשען
פון די בהמות דאָס גראָז, צו זייער קייען מיט די גרויסע
ציין, צו זייער שמייסן זיך מיט די ווידלען און מעקען, ווייל
עס איז זיי הייס געווען און האָבן געוואָלט טרינקען. ער האָט זיי
דאַן געטריבן צום טייך און אויפן וועג זיך צוגעקוקט, ווי אַ יינ-
גער ביק גייט-צו צו אַ בהמה, באַשמעקט זי, באַלעקט זי און
טוט אויף איר אַ שפרונג אַרויף. . . זיינע אויגן האָבן זיך דעמאָלט
אָנגעצונדן, כאָטש ער איז נאָך געווען אַ קליינער, אַלט געווען
ערשט פערצען יאָר. ער האָט נישט געוווסט, וואָס דאָס איז, און
געקוקט, געקוקט און געקוקט. . . ער האָט דעמאָלט, ווי אַ קעלבל,
זיך אַ לאָז געטון לויפן, איז געלאָפן און געלאָפן, ביז ער האָט אַ
טאַנץ אַריין געטון אין טייך און זיך אָפּגעבאָדן. דאַן איז ער מיט
די בהמות צוריקגעגאַנגען אויפן פריערדיקן אָרט, זיי זאָלן זיך
ווייטער פאַשען: זיי האָבן ווידער געגריזשעט דאָס גראָז. ער האָט
זיך צוריק אויסגעצויגן אויף דער ערד, נאָר מיטן הינטן אַרויף,

דעם קאָפּ אונטערגעשפּאַרט מיט די הענט, ווי מיט צוויי דרענגער און געטראַכט.

יאָסלען איז נישט קיין נפקא מינה געווען, וואָס ער האָט באַם פּויער געטון: אויב ער האָט געפּאַשעט בהמות, אָדער אויסגערייניקט אַ שטאַל. ער האָט דעם ריח פון מיסט פּונקט אַזוי טיף אין זיך אַריינגעצויגן, ווי דעם ריח פון די געוויקסן אויפן פעלד. ער האָט געקאָפּעט קאַרטאָפליעס, געטראָגן די שווערסטע זעק, דערלאַנגט מיט דער ווידלע אויף דער הויכער פור אַרויף די סנאָפּעס קאָרן, ווייץ, אָדער היי — געטון אַלץ, וואָס באַ אַ פּויער אין דאָרף איז דאָ צו טון, און איז תמיד געווען גליקלעך. באַנאַכט האָט ער ליב געהאַט זיך איינצוהערן אין דער דאָרפישער שטילקייט, צום בילן פון די הינט, צום הירזשען פון די פערד אין די שטאַלן, אָדער — ווען עס איז שוין געווען גאָר שפּעט אין דער נאַכט — צום גרילצן פון אַ גריל, צום שאָרכן פון אַ קיל ווינטעלע צווישן די זאַנגען, צום פּאַטשן פון אַ פּאָר פליגל באַ אַ פויגל, וואָס איז איבערגעפלויגן פון איין בוים צום אַנדערן. פאַרטאָג, אַזיווי ער האָט זיך נאָר אויפגעכאַפּט פון שלאָף, האָט ער ליב געהאַט זיך צוצוהערן צום מאָרגנליד פון די פייגל, און צום קרייען פון די הענער.

איצט האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם אַלעם, וואָס ער האָט זיך דערמאַנט און באַשלאָסן באַ זיך, אַז מאָרגן גייט ער אַוועק אין אַ דאָרף אַריין. נאָר אין וועלכן? ער האָט געוווסט, אַז ער קאָן זיך מער נישט ווייזן אין קיין שום דאָרף אַריין, ווייל די פויערן אַלע אין יעדן דאָרף ווייסן, אַז ער איז אַ גנב. זיי ווייסן חעמענס זון ער איז: דעם הויכנס, וועלכער לאָזט אין קיין איין דאָרף קיין שיין פערד נישט איבער און זיי וואָלטן אים דערהרגעט, ווען זיי זאָלן אים דערזעען. ער האָט זיך דערמאַנט אָן דעם דאָרף, ווו ער האָט געהאַט די שיקסע, וועלכע ער האָט געליבט. דאָרט אַהין, האָט ער געוווסט, קאָן ער קומען. די פויערן יענען דאָרט גוטע, זיי האָבן אים ליב, רופן אים „שניידערל”. אָבער אין יענעם דאָרף אַריין האָט ער נישט געוואָלט גיין, ווייל ער האָט זיך מער נישט געוואָלט טרעפן מיט דער שיקסע. ער

האָט זיך פאַרליבט אין איר, ווייל זי איז געווען אַזאַ געזונטע, אַזאַ גרויסע, אַ ברייטע, ווי אַ סנאָפּ ווייץ. דערנאָך אָבער האָט ער זיך פאַרליבט אין שבעלען, ווייל זי איז אַזאַ אײדעלע, אַזאַ הײ-ליקע, ווי אַ מלאך. אָבער ער איז דאָך אַוועק אין דעמאָזיקן דאָרף אַרײן, ווייל ער האָט קיין אַנדערע ברירה נישט געהאַט — אינדערהיים האָט ער מער נישט געטויגט זיין — און צו דער שיקסע, ווייל קיין שום פויער אין דעם דאָרף, כאָטש אַלע האָבן אים ליב געהאַט, האָבן אים נישט אַרײנגעלאָזט צו זיך.

---

וואָלף דוד האָט נישט ליב געהאַט לאַנג ווייך צו זיין, און באַלד נאָכן עסן האָט זיך די רציחה אין אים ווידער אָנגעצונדן. אַ געדאַנק איז אים דורכגעלאָפן אין קאָפּ און זיין פּנים איז מיט איינמאָל פאַרשטיינערט געוואָרן. ער האָט פיינט געהאַט אַ מאַן, וועלכער איז ווייך ווי אַ יידענע, און געהאַסט אַזעלכן, וועלכער ווייסט נישט זיין אָרט. צו זיינע גוטע-ברידער האָט ער תמיד געזאָגט: „אַ פערד רוט זיך אויס אין אַ שטאַל און אַ גנב אין אַ קרימינאַל". ער האָט דעריבער זיך געשטעלט די פראַגע: „וועגן וואָס, וואָלף דוד, גייסטו צום רבין? וואָס זוכסטו דאָרט? ווי קומסטו דאָרט אַהין?" קיין ענטפער האָט ער אָבער אויף די אַלע פראַגן נישט געהאַט. ער האָט שוין אַ סך מאָל געהאַט אָפּגעמאַכט באַ זיך, אַז ער וועט מער נישט גיין צום רבין, אָבער ער איז יעדן שבת ווידער געגאַנגען: די פיס האָבן אים אַליין אַהינגע-טראָגן. דאָס אייגענע איז באַ אים געווען, ווען ער האָט דאָס ער-שטע מאָל דערזעען זיין ווייב: ער האָט נישט געוואָלט צו איר אַזוי אַלעמאָל אַהינגיין, און איז דאָך געגאַנגען. אַזוי איז באַ אים שוין געווען תמיד, ווען ער איז נאָך געווען אַ יינג: אַז ער האָט דערזעען אַ מויד, אָדער אַ שיקסע, מיט רויטע באַקן, מיט לאַכנ-דיקע און ברענענדיקע אויגן, מיט גראָבע אָרעמס, און מיט אַ פּאָרנט, אַז מען לייגט אַרויף אַ האַנט, ליגט זי... — איז ער גע-

חאָרן ווי צוגעקלעפּט צו איר, אָדער צוגעקלאַפּט מיט טשוועקעס. און נאָך היינט, אַז ער דערזעט אַזאַ איינע, קאָן ער זיך פון זי נישט אָפּרייסן. אָבער ער ווייסט שוין, „אַז אַזויווי בײַ דער כּלה א בײַ אַלע״, און פון צייט ער האָט חתונה געהאַט איז ער נאָך ב קיין אַנדערער נישט געווען. ער האָט דאָס דערציילט פאַר חברה, פאַרן ווייב, האָבן זיי עס אים נישט געוואָלט גלייבן.

אַנדערש איז אָבער בײַ אים געווען וועגן רבּין: דאָ האָט ער קיין גבור נישט געקאָנט זיין. תּמיד, ווען ער האָט דערזען א פרומען ייד, דעם רב פונם שטעטל, איז ער שטיין געבליבן צעמישט און נישט געוווסט, וואָס ער זאָל טון: זאָל ער קניען פאַר אים, אָדער צוגיין צו אים און אים געבן שלום-עליכם? און וואָס עלטער ער איז געוואָרן, אַלץ שטאַרקער איז בײַ אים געוואָרן דאָס געפיל פון וועלן קניען פאַר אַ פרומען ייד, אָדער אים געבן שלום. איינמאָל איז ער אין אַ פּאַרטאָג געגאַנגען פון „אַ שטיקל אַרבעט״ און געטראָפן גיין אַ ייד מיט לאַנגע פאות, מיט אַ גרויסער באָרד, און ער האָט אַוועקגעוואָרפן דעם זאַק מיט די געגנבעטע זאַכן. ער האָט דעמאָלט געוואָלט צוגיין צו דעם ייד און וויינען פאַר אים, אים אַלץ דערציילן. נאָר ער האָט זיך דאַן גלייך איבערגערעכנט און צו זיך אַ זאָג געטון: „וואָס ביסטו, וואָלף דוד? אַ יידענע, אָדער אַ מאַנספּאַרשוין?״ און ער האָט דעם זאַק צוריק אויפגעהויבן.

ער האָט געטראַכט בײַ זיך: „ניין, איך בין שוין נישט מער דער אייגענער וואָלף דוד פון אַמאָל, שוין נישט מער דער אייגענער. איך קאָן שוין מער נישט זיין קיין באַלעבאָס איבער מיר, ווי איך בין איבער די פערד מיינע. איך בין נישט דער וואָלף דוד, ווי איך האָב געוואָלט זיין, און איך האָב מיך פיינט. איך האָב ליב אַזעלכן, וועלכער קאָן זיין דאָס, וואָס ער איז. איך בין אַ צעוווירענע ראָשטשעניע, אַ יידענע״.

וואָלף דוד האָט זייער פיינט געהאַט די יידישע פרויען. צו זיין גאָלדען האָט ער אַלע מאָל געזאָגט: „איי, האָב איך פיינט די יידישע ווייבער! . . . תּמיד וויינען זיי, פּישן מיט די אויגן און ראָצן אין די פאַרטוכער אַריין. נישט קיין נפקא מינה בײַ זיי:

בא א חופה, אדער בא א לוויה. כ'האב ליב א מויד, וואס קאן צו־נעמען א קלאפ, און נישט פארקרומען זיך. גאר גיי זוך אזעלכע, אז זיי זענען גאר אויף דער וועלט נישטא. בלויז צעגאסענע לע־מעשקעס, צו א בלאטער צוצולייגן".

ער האט געהאלטן אין איין ברומען: „אין רבינס טאכטער האט ער זיך איינגעליבט..."

א געפיל, ווי עס וואלט אים א מעסער מיט צוויי שארפן א שניט געטון אין הארץ. דער געדאנק, אז יאטל — זיין זון — וועט זיין א רבינס אן איידעם, זי, וואס זעט אויס ווי א מלאך, וועט זיין זיין שנור, ער וועט זיין א רבינס א מחותן — דאס גע־פיל האט אים מיטאמאל ווידער אזוי ווייך געמאכט, אז ער האט אלץ פארגעסן, וואס ער האט מיט איין רגע פריער געטראכט און געוואלט צוגיין צו יאסלען, אים ארומנעמען און קושן. באלד אבער איז אנגעקומען א צווייטער געדאנק — דער זעלבער, נאר פון דער אנדערער זייט — און חוזק געמאכט פון אים: „דו, וואלף דוד, א רבינס א מחותן?..."

פארשעמט פאר זיך אליין, האט ער אראפגעלאזט די אויגן און צוזאמענגעצויגן די ברעמען. ער איז ווידער בייז געווארן אויף יאסלען, און ווידער אויף אים א קוק געטון מיט זיי־נע ארויסגעזעצטע אויגן, ווי ער וואלט אים געוואלט איינשלינגען, דאס ווייב האט ער אפגעמאסטן מיט א שפאטישן בליק, און א שפיי געטון. זי האט נישט געוווסט, פארוואס ער איז ווידער אויף איר אזוי בייז געווארן, עפעס פלוצלינג מיט איינמאל, און איז ארויס־געגאנגען פון שטוב. זי האט נישט געקאנט אויסהאלטן זיינע שפאטישע און גיפטיקע בליקן, וועלכע ער האט איר אלעמאל צוגע־ווארפן. באלד איז זי אבער צוריק אריינגעקומען און איר מאן דערציילט, אז זי האט געזען דוד חיים יחיאלס לויפן אויפן שא־סיי צו דער באן: ער פארט אוודאי קיין לובלין צום גובערנא־טאר.

וואלף דוד, שטייענדיק באם ווארעמען אויוון, אין דער טונקל־קייט פונם שבתדיקן בין השמשות, האט זי רויק און קאלט אויסגע־הערט. דערנאך האט ער א דערפרייטער איר געזאגט: „פאר גנבענען

מעג איך זיצן אין קרימינאַל? װעל איך זיצן פאַר עפּעס אַנדערש, פאַר א הייליקע זאַך".

# XIX.

זונטיק גאַנץ פרי איז דער סטראַזשניק געקומען צו װאָלף דודן מיט אַ געשריבענעם באַפעל, אין װעלכן עס איז געװען געשריבן מיט גרויסע אותיות: „אַרעסטירן װאָלף דוד האַמער, פאַר שלאָגן און טויטן מענטשן אין מיטן גאַס, מיט שאַרף און טעמפּ געװער". װאָלף דוד האָט נישט גערעדט דאָס צװייטע װאָרט, און איז גלייך מיטגעגאַנגען מיטן סטראַזשניק. די מענטשן, װעלכע זענען גראַד געשטאַנען אויפן שאָסיי און געזען דעם סטראַזשניק פירן װאָלף דודן, האָבן נישט געװוּסט װער װעמען עס פירט... באַלד דערנאָך איז געקומען צו פאָרן איינער מיט גאָלדענע שליפעס, מיט אַ סך פּאָליציי, און יעדן איינעם אין שטעטל אויסגעפרעגט, װאָס ער האָט געזען. ער האָט אַלץ פאַרשריבן, װאָס מען האָט אים געזאָגט, געמאַכט אַ גרויסן פּראָטאָקאָל, און איז צוריק אַװעקגעפאָרן.

עס זענען אַװעקגעגאַנגען עטליכע טעג, און אויפן שטעטל איז אָנגעפאַלן אַ גרויסער פּחד: װער װייסט, װאָס דערפון קאָן אַרויסקומען? — די חסידים זענען אָבער דערפון דװקא געװען צופרידן, ערשט אָנגעהויבן זיך פילן װי אמתע זיגער, און געטענהט: „זייער גוט, װאָס מען האָט װאָלף דודן אַרעסטירט..." די, װעלכע זענען געװען קייגן רבין, צװזאַמען מיטן רב, האָבן גלייך זיך אָנגעשטויסן אויף דער פרייד פון די חסידים און טאַקע אָנגעהויבן ציטערן. איינער דעם אַנדערן האָט געפרעגט: „װאָס װעט זיין, װען װאָלף דוד װעט צוריק אַהיימקומען פון קרימינאַל? אייביק װעט מען דאָך אים דאָרט נישט

האַלטן, און די חברה זײַנע זענען אויך נישט קײן מפּיל־קינדער. . .״

זײ זענען בײז געװאָרן אויף דוד חיים יחיאלס, פֿאַרװאָס ער האָט זײ גאָרנישט געפֿרעגט, נאָר אַלײן געפֿאָרן צום גובערנאַטאָר. זײ האָבן אָנגעהויבן זוכן עצות, װי אַזוי װאָלף דודן צוריק צו־באַפֿרײַען פֿון קרימינאַל און די גאַנצע זאַך צופֿאַרדרײבן, אַז עס זאָל נישט קומען צו קײן משפּט. דעמאָלט װאָלט ערשט געװען אמתדיק שלעכט; די ריכטער װאָלטן פֿאַרגעלײענט אַלץ, װאָס מען האָט זײ געשריבן אויפֿן רבין, און זײ װאָלטן אַלע געװען פֿאַר־לוירן. אין צװישן האָט זיך אויך געטראָפֿן אַן אומגליק מיט דוד חיים יחיאלס זון, און דאָס גאַנצע שטעטל האָט אויפֿגעציטערט.

דוד חיים יחיאלס עלטסטער זון, דער אײנאײנאײנציקער פֿון אַכט קינדער — אַלײן שוין אַ טאַטע פֿון פֿינף קינדער — איז פּלוצלינג קראַנק געװאָרן, זיך אַװעקגעלײגט אין בעט אַרײן און איז שוין מער נישט אויפֿגעשטאַנען. מען האָט גע־בראַכט דאָקטוירים פֿון אַלע גרעסטע שטעט: פֿון װאַרשע, פֿון לובלין און אַפֿילו פֿון פּעטערבורג! אָבער זײ האָבן אַלע גאָרנישט געקאָנט העלפֿן. אַלע האָבן געזאָגט אײן װאָרט: „לונגען״. זײ האָבן דערפֿאַר גענומען אַ סך געלט, געגעבן רעצעפּטן און דער קראַנקער איז געשטאָרבן.

אינם שטעטל איז געװען חושך. אין בית־המדרש און אין דער שול האָט מען געזאָגט תּהילים, די גבאיטעס זענען גאַנצע טעג געלעגן אויפֿן הײליקן אָרט און אײַנגעריסן די קבֿרים. דעם קראַנקן האָט יעדער אײנער מוחל געװען, װאָס ער האָט אַמאָל געטון קעגן אים, אויך דעם טאַטן פֿון קראַנקן: די חסידים זע־נען צו אים געקומען און אים געזאָגט, אַז זײ זענען אים מוחל די זינד, װעלכע ער איז באַגאַנגען אין דער מחלוקה קעגן רבין און געװוּנטשן דעם קראַנקן אַ רפֿואה שלמה. דוד חיים יחיאלס, דער שטאָלצער און הויכער, אַז יעדער האָט געמוזט צו אים אַרויפֿ־קוקן, תּמיד אויסגעטראַקעװעט װי אַ בויגן, דעם קאָפּ פֿאַרריסן און מיט אַ זיכערן טריט, װעלכער האָט געזאָגט, אַז ער האָט פֿאַר קײנעם קײן מורא נישט; דער, פֿאַר װעמען יעדער אײנער האָט

געמוּוט דורך אַרץ האָבן און נישט דערפֿאַר, ווייל ער איז געווען אַ גרויסער נגיד, געהאַט אַ סך הייזער און גערעדט מיטן גובער־נאַטאָר ווי מיט זיינס אַ ברודער, נאָר ווייל ער האָט אויסגעזעען ווי אַ קייזער אויפֿן קריגס־פֿערד — דער דאָזיקער דוד חיים יתיאַלס איז דעמאָלט, ווען די חסידים זענען צו אים געקומען און אים מוחל געווען, געלאָפֿן אין די זאָקן צום רבין אים איבערבעטן. ער האָט די שטייגער איבערן וועג נאַס געמאַכט מיט זיינע טרערן, מיט ביידע הענט זיך געשלאָגן אין אַלטן קאָפּ און געשריגן: „איך האָב געזינדיקט קייגן רבין, און בעט אים איצט מחילה בפני כל עם ועדה! איך האָב חרטה אויף אַלע מיינע זינד, וועלכע איך בין קייגן אים באַגאַנגען! איך בין אַ פּושע! איך בין נישט ווערט דעם רבינס נאָמען צו דערמאַנען! דער רבי איז אַ הייליקער צדיק! אַ מלאך!"

נאָך איידער אָבער ער איז אָפּגעגאַנגען הונדערט טריט, האָט ער דערהערט אַ געוואַלט הינטער זיך. ער האָט זיך גיך אומגעדרייט און דערזעען, אַז דאָס ווייב זיינס, די שניר מיט אירע אַלע פֿינף קינדער וואַלגערן זיך אינדרויסן אינם שניי, און שרייען: מיין זון!... מיין איינציקער זון!... מיין טייערסטער מאַן!... אונזער טאַ־טעשי!...

ער איז צוריקגעגאַנגען, און געטראָפֿן דעם זון שוין ליגן אויף דער ערד, מיט ברענענדיקע ליכט צוקאָפּנס. דאָס קישן אין בעט איז געווען פֿאַרבלוטיקט פֿון לעצטן בלוטשטורץ. דאָס גאַנצע שטעטל איז דערפֿון אויפֿגעטרייסלט געוואָרן. אַלע, וועלכע האָבן זיך געלאָזט צורעדן, אַז זיי זאָלן זיין קייגן רבין, האָבן חרטה גע־קריגן און באַ זיך באַשלאָסן, אַז מער וועלן זיי אויפֿן רבין קיין וואָרט נישט רעדן. „דאָס איז פֿייער, צו וועלכן מען טאָר זיך נישט צורירן!" — האָט יעדער איינער צו זיך געזאָגט.

דעמאָלט איז אין דעם שטעטל — חוץ די אַרבעטער און אויפֿגעקלערטע — כמעט קיין איינער נישט געבליבן, וואָס זאָל זיין קייגן רבין. אדרבא, די, וועלכע זענען אין דער מחלוקה אַמ־שטאַרקסטן געווען קייגן רבין, זענען איצט זיינע גרעסטע חסידים

געוואָרן. אויך אפּיקורסים האָבן אָנגעהויבן קומען צום רבינס טיש. פון קליין ביז גרויס, יינג און אַלט, מענער און פרויען — אַלע האָבן איצט מיט נאָך אַ שטאַרקער פייער אויפגעפלאַמט פאַרן רבין: זיי האָבן דאָך איצט געזעען וואָס ער איז. . דער רב האָט זיך צוריקגעצויגן, מער נישט גערעדט אויפן רבין קיין וואָרט: נישט גוטס, און נישט שלעכטס. די יינגעלייט, וועלכע זענען צו אים געקומען שעפן וויסן, האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ. שלמה חיהלע בוזשעס האָט אָנגעהויבן האָבן טענות קייגן רב, קייגן זיין פריערדיקן גייסטיקן פירער. ער האָט זיך געפרעגט: „ווי אַזוי קאָן ער איצט שווייגן? א מענטש מיט אַזוי פיל וויסן, מיט אַזא קלאָרן בליק אויף יעדער זאַך, זאָל נישט פאַרשטיין, אַז דאָס, וואָס עס איז געשעען מיט דוד חיים יחיאלס זון, איז אַ נאַטירלעכע זאַך? ער ווייסט דאָס, מסתמא, נאָר ער האָט איצט מורא".

שלמהלע חיהלע בוזשעס האָט דעם רב איצט אָנגעהויבן חושד זיין, אַז ער איז נישט קיין פעסטער כאַראַקטער, און אויך נישט קיין ערלעכער מענטש. ער האָט באַ זיך געטראַכט: „אדרבא, ווייל ער איז אַ רב, מוז ער איצט, דווקא איצט, דער שטאָט עפענען די אויגן. ווער דען, אויב נישט ער, דער מנהיג הרוח?" דאָס איז, פאַרשטייט זיך, פון שלמהלען געווען צופיל, וואָס ער האָט פונם רב פאַרלאַנגט, אָבער ער איז פאַר זיך געווען גערעכט: ער האָט געלעבט נאָך דעם ריינעם אמת. ער, ריין און נאַיוו ווי אַ קינד, מיט אַ קינדערישן גלויבן און מיט אַ פלאַמענדיק האַרץ, האָט אַנדערש נישט געקאָנט דענקען. ער האָט נישט געקאָנט, ווי די גרויסע און דערפאַרענע, אויסרעכענען און שאַכערן מיטן אמת.

ער איז אַהינגעגאַנגען צום רב און אים געפרעגט, פאַרוואָס ער קלערט איצט נישט אויף די שטאָט וועגן דעם צופאַל, וואָס האָט געטראָפן מיט דוד חיים יחיאלס זון. דערויף האָט דער רב געענטפערט, אַז דאָס וואָלט נישט געפירט צום ציל, אַז ער וואָלט דערמיט נאָר צעשטערט דאָס, וואָס ער וויל ערשט אָנהייבן בויען. שלמהלע איז שטיין געבליבן צעמישט: „היתכן?" און ער האָט דעם רב ווידער געפרעגט: „וואָס קען דען זיין מער, ווי דער אמת אַליין, פאַר וועלכן מען דאַרף קעמפן?" דערויף האָט אים

דער רב געענטפערט: „יאָ, אָבער נישט אַלץ וואָס איז אמת, איז טאַקע אמת". און ער האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז עס איז פאַראַן אַזאַ מין אמת, וועלכער איז נישט מער, ווי דעם מענטשס פערזענלעכער עגאָיזם, דער שטאָלץ, די שוואַכקייט פון נישט קאָנען איבער דעם קליינעם אמת אַריבערגיין, כדי צוצוקומען צום גרויסן אמת, צום אמתן ליכט, צו וועלכן מען שטרעבט. און ער האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין מיט אַ משל: „ווען דער ווינט איז זייער שטאַרק און די נאַכט זייער פינצטער, מוז מען דאָס ליכט, וואָס מען האַלט אין דער האַנט, אַריינשטעלן אין אַ לאַמטער, און די לאַמטער באַהאַלטן אונטער דער פאָלע אַרונטער".

דאָס האָט שלהמעלע, פאַרשטייט זיך, שוין גאָרנישט געקאָנט פאַרשטיין, און ער האָט אויפגעהערט קומען צום רב. אים האָט זיך געדאַכט, אַז איצט האָט ער דעם רב געכאַפּט בײַ דער האַנט און באַשלאָסן בײַ זיך, אַז דער רב ווייסט טאַקע זייער אַ סך, ער איז אַ גרויסער למדן, אַ שאַרפער מח, אָבער ער איז נישט קיין ערלעכער מענטש. „ער האָט איצט מורא צו קעמפן קיין רבין" — האָט ער צו זיך געזאָגט — „ווייל ער האָט מורא, מען וועט אים אָפּזאָגן פונם רבנות, מען וועט אים אויפהערן צו צאָלן די אַכט רובל אַ וואָך. אָבער ווער עס וויל קעמפן פאַרן אמת, קייגן פאַנאַטיזם, שווינדל און אַבערגלויבן — מוז ליידן". ער האָט נאָך שטאַרקער גענומען זיך צום לערנען, אויפגעהערט אויך קומען צום רבין — וועגן שבעלען — און רעדן מיט זיינע חברים.

די, וועלכע זענען פריער געווען קייגן רבין, האָבן זיך אָנגעהויבן סטאַרען, אַז מען זאָל וואָלף דורן צוריק אַרויסלאָזן פון קרימינאַל. זיי האָבן צוזאַמענגענומען צווישן זיך אַ סך געלט און אים באַפרייט. אַ וואָך שפּעטער איז פון שפּיטאָל אויך צוריקגעקומען שמואל זיינוועלע עקשן און דער אַנדערער ייד, וועגן וועלכע קיינער האָט שוין מער נישט גערעכנט, אַז זיי וועלן נאָך לעבן.

וואָלף דוד האָט ווידער פריי אַרומשפּאַצירט איבער די גאַסן. דאָס איז יעדן איינעם אין דעם שטעטל געווען אַזוי ליב, יעדער איינער האָט זיך געפרייט, וואָס ער זעט ווידער וואָלף דודן. ער האָט אין דער שטאָט — אין דער צייט, וואָס ער איז געזעסן — יעדן איינעם געפעלט, יעדער איינער האָט געבענקט נאָך אים. אָבער ער האָט זיך זייער שטאַרק פאַרענדערט. ער איז געוואָרן אַ טרויעריקער, אַן ערנסטער, באַקומען אַ ביין און פאַר-ביטערטן אויסזען. די אויגן זענען אים אַריין אין מוח און אויס-געזען, ווי זיי וואָלטן זיך איבערגעקערט אויף דער אַנדערער זייט און קוקן איצט — נישט ווי תמיד: רעכטס אָדער לינקס, אַרויף אָדער אַראָפּ, אָדער פאָרויס — נאָר אַריין אין זיך... אויך זיין גיין איז אַנדערש געוואָרן: ער גייט נישט מער, ווי ער איז פריער געגאַנגען, ווי אַ לייב, אַז די שטיינער האָבן אַזש געציטערט אונטער אים, נאָר ווי אַ תם ווי עפּעס... זיין פּנים איז גע-וואָרן אויסגעצויגן, לענגער, און די פאַרב — געל, גרוי, שוואַרץ, אָדער ווייס — שווער צו דערקענען.

וואָלף דוד האָט מיט זיין טרויעריקייט אָנגעוואָרפן אַ טרוי-עריקייט אויפן גאַנצן שטעטל. יעדער איינער האָט זיין פאַרענדערן זיך אויסגעטייטשט אַנדערש. אַ סך האָבן געזאָגט, אַז ער איז אין קרימינאַל קראַנק געוואָרן, אָבער זיי האָבן זיך אַליין דערויף גע-ענטפערט, אַז דאָס איז נישט מעגלעך, ווייל ער איז פון קרימינאַל תמיד אַהיימגעקומען נאָך אַ סך געזונטער, פרישער, לעבעדיקער, ווי ער איז געווען פריער, איידער ער איז געגאַנגען אין קרימי-נאַל אַריין זיצן. ער האָט דאָך תמיד אַליין געזאָגט, אַז דאָס קרי-מינאַל איז זיין זומער-וווינונג, וווּ ער רוט זיך אויס און פאַפּראַ-וועט זיך. מיט אים איז אין קרימינאַל איצט עפּעס געשען, וואָס קיינער האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין. פרעגן אים האָט קיינער נישט געוואָגט — האָט ער זיך אַ טרויעריקער און פאַרטראַכטער, יעדן טאָג שעהן לאַנג, אַרומגעדרייט הינטער דער שטאָט אויפן שאָסיי.

# XX.

עס איז געווען חנוכּה. די קינדער האָט מען פֿריי געלאָזט פֿון די חדרים. מיט צעפֿלאַמטע רויטע בעקלעך, פֿרישע, מיט בּרענענדיקע בּליקן אין זייערע ליכטיקע אייגעלעך, זענען זיי געלאָפֿן פֿון די גליטשן. די געפֿרוירענע נעזלעך זייערע זענען געווען רויט. פֿריילעכע, לוסטיקע, זענען זיי געגאַנגען איבּער די גאַסן, האָבּן געזונגען מיט זייערע קלינגענדיקע קולעכלעך, געשטיפֿט. געערדט אין געלאַכט. יעדעס קינד האָט געטראָגן בּאַ זיך אַ דריידל — דער טאַטע האָט אַליין געקויפֿט און חנוכּה־געלט געגעבּן — מער ווי אַלע יאָר. אינדערהיים האָבּן זיי געשפּילט מיט די דריידלעך, די טאַטעס האָבּן געשפּילט אין קאָרטן, אין קוויטלעך. די פֿרויען, וועלכע האָבּן זייערע מענער אַ גאַנץ יאָר נישט געלאָזט שפּילן, האָבּן חנוכּה דאָס זיי דערלויבּט. זיי האָבּן געהאַלטן, אַז חנוכּה איז אַ מצווה צו שפּילן אין קאָרטן, אָדער אין קוויטלעך און זיי האָבּן די לאָמפּן בּאַזאָרגט מיט נאַפֿט, אַז זיי זאָלן לענגער בּרענען, זייערע מענער זאָלן לענגער קאָנען שפּילן. זיי האָבּן געפּרעגלט לאַטקעס, און מכבּד געווען די געסט.

איבּערן שטעטל איז געלעגן אַ ווייסער שניי. דער ווינטער, מיט זיין גאַנצער פּראָסטיקער געזונטקייט, איז געקומען. די קליינע נידעריקע הייזלעך האָבּן אויסגעזען, ווי אַלטע ייִדעס מיט ווייסע קעפּ, וועלכע האָבּן זיך צוזאַמענגערוקט, איינגעקורטשעט און זיך שטיל, קיינער זאָל נישט הערן, דערציילט מעשׂהלעך פֿון גרויע אייזיקע וועלטן. די ייִדעס האָבּן אויסגעזען פֿריילעכע, ווי קינדער, מיט קינדערישע בּליקן אין זייערע פֿענצטעראויגן. די גרויסע הייזער, הויכע ווי ריזן, שטאָלצע, בּרוסטיקע, מיט מוסקולן און פֿעסטע ריפּן — זענען געשטאַנען שטייף, און מיט זייערע גרויסע און געזונטע לונגען אַריינגעאָטעמט אין זיך

די פרישע געזונטע לופט. נאָר די הויכע און שוואַרצע קוימענס פון די פאַבריקן האָבן צעשטערט דאָס שיינע ווייסע ווינטער־בילד. אויך די ווייסקייט אויף דער ערד איז אויף אַ סך ערטער געווען צעטרעטן, פון די שווערע שיך און שטיוול אויף די מענטשנס פיס. די קראָען זענען אַרומגעפלויגן און געקראַקעט — שוואַרצע ווינטער־כלי־זמרים.

---

צו הערש לייבן, דעם רבינס גרעסטער חסיד, זענען זיך צוזאַמענגעקומען חסידים מאַכן אַ קערטל. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט באַם טיש, אויף וועלכן עס איז געשטאַנען אַ געבראַטענע גאַנז ערשט פון אויוון אַרויס און אַ פלעשל זעקס און ניינציקער. דערלעבן זענען געלעגן פרישע זעמל. געטאַלירט די קאָרטן האָט דער רויטער בייניש און דערביי דערציילט וועגן דער יאַפּאַנסקער מלחמה: „איי האָבן די קליינע שקצימלעך אונזערן אַריינגענאַרט אין חדר... פריער האָבן זיי אים געוויזן, אַז זיי האָבן נישט מער, ווי עטלעכע צעבראָכענע שיפלעך און אַלטע ביקסלעך און איצט דערציילן זיי אים אַ מעשה — אויף יאַפּאַניש... זיי האָבן אים אָפּגעשמיסן „אַ זייטץ מיר מוחל" — קאָן ער נישט: נישט זיצן און נישט שטיין... נאָר דעם גרעסטן פּסק האָט ער אַריינגעכאַפּט באַ פּאָרטאַרטור. די גרעסטע שיף, וועלכע דער גענעראַל קורפּאָטקין אַליין האָט געפירט, ווייסט מען גאָרנישט ווו זי איז אַהינגעקומען".

— ער האָט פאַרשפּילט... ער האָט פאַרשפּילט... — האָבן זיך אַלע, באַקוקנדיק זייערע קאָרטן, אָנגערופן.

— נאָך ווי אַזוי פאַרשפּילט!...

— גיינטל שעל!

— אפשר וועלן מיר פריער נעמען אַ ביסל בראָנפן?

— אוודאי. וואָס דען? פריער מוז מען דאָך...

זיי האָבן צוריק אוועקגעלייגט די קאָרטן, און גענומען זיך צום טעלעשל.

— לחיים !... לחיים !...

מען האָט געטרונקען די פרישע זעמל אין שמאַלץ, מיט די הענט גענומען צו שטיקלעך גענזנס פון טעלער אַרויס, און פריי־לעכע טרויעריק־פאַרבענקטע ניגונים האָבן זיך געריסן פון צעווייטיקטע נשמות. דאָס זענען געווען אמתע חסידים, וואָס יעדער פון זיי האָט געקענט אויסטרינקען אַ קוואָרט דעם שטאַרקסטן אָקעוויט, אויפעסן אַ גאַנצע גאַנז און אַ ברען טון דערנאָך מיט די אויגן, פון וועלכע אַ גאַנצע וועלט צער האָט אַרויסגעקוקט. דאָס זענען געווען חסידים מיט פייער און התלהבות, מיט ברען, תמיד פרייליכע. אפילו דאַן, ווען עס איז קיין ביסן ברויט נישט געווען, און אויך דאַן, ווען די אויגן האָבן געזעען און דער קאָפּ האָט באַגריפן דעם גאַנצן ווייטיק פון דער וועלט, ווען דאָס האַרץ איז געווען פול און זיך געקאַרטשעט אין יסורים. דעמאָלט האָט אייגער אָנגעהויבן ברומען עפּעס אַ ניגון, אַ צווייטער האָט אונטער־געכאַפּט, אַ דריטער און אַ פערטער. דאָס זינגען איז געוואָרן אַלע־מאָל שטאַרקער, העכער, פלאַקערנדיקער, און אַ ריקוד האָט זיך צעפלאַמט.

זיי האָבן די גאַנצע צייט, ווען מען האָט גערעדט אויף זיי־ער ידיד הערש לייבן מיט דער רביצין, געלאַכט און געטענהט: „אַך, איר פּראָסטע מענטשעלעך, קליינע נשמהלעך, מתנגדימלעך. וואָס פאַרשטייט איר אין אַזעלכע זאַכן? הערש לייב קוקט אויף דער רביצין? נו, איז וואָס? טאָר מען דען נישט קוקן אויף קיין אשה, און די אשה טאָר נישט קוקן אויפן מאַנסביל? שוטים! וואָס איז דען אַן אשה? צוואָס האָט איר דען גאָט געגעבן אַן אַנדערן אויסזעען ווי דעם מאַנספּאַרשוין, שיינקייט און חן, אויב נישט, אַז דער מאַנספּאַרשוין זאָל קוקן אויף איר און אין האַרץ באַוווּנדערן די גרויסקייט פון בורא עולם, וועלכער האָט אַזוי שיין באַשאַפן זיין וועלט? צוואָס האָט ער דעם מענטש געגעבן אויגן און אַ גלוסטן צו שיינקייט? די גאַנצע וועלט איז דאָך לויטער שיינ־קייט, לויטער זמר, און דעם מענטש האָט גאָט באַשאַפן — בצלמו

ובדמותו — אַז ער זאָל די שיינקייט פון זיין באַשעפער באַוווּנ־דערן. גאָט איז טרויעריק, ווען דער מענטש קערט זיך אָפּ פון זיין שיינקייט. ר׳ יעקב האָט געזינדיקט, ווען ער האָט געזאָגט: „המהלך בדרך ושנה ומפסיק ממשנתו ואמר מה נאה אילן זה מה נאה ניר זה מעלה עליו הכתוב כאילו מתחייב בנפשו". ער איז קיין פרומער ייד נישט געווען, נישט ליב געהאַט דעם בורא עולם. זיס זענען די קלאַנגען, וועלכע פילן אָן די גאַנצע וועלט, און אַ ברכה דאַרף מען מאַכן איבער איר שיינקייט".

איין חסיד, וועלכער האָט די קאָרטן שוין ווידער געהאַלטן אין דער האַנט און געוואָלט אָנהייבן שפּילן, האָט זיי אַ וואָרף גע־טון אויפן טיש און זיך אויפגעשטעלט. ער האָט אַרויפגעלייגט די האַנט אויף הערש לייבס אַקסל, און געשריגן: „הערש לייב! מען האָט אויף דיר געזאָגט, אַז דו קוקסט אויף דער רביצין אַנדערש, ווי מען דאַרף קוקן. איך האָב זיי געענטפערט: וואָס הייסט אַנ־דערש? עס שטייט דאָך אין ערגעץ נישט געשריבן, ווי אַזוי מען דאַרף אויף אַן אשה קוקן! און צווייטנס: בלויז דער גוף פון דער אשה, וועלכע האָט חתונה געהאַט, געהער איר מאַן! איר שיינקייט אָבער האָט גאָט באַשאַפן פאַר אַלע!"

— אמת, יידן, אמת! — האָבן אַלע אָנגעהויבן שרייען און אויך ווידער צוריק אַוועקגעוואָרפן די קאָרטן, וועלכע זיי האָבן שוין צוריק געהאַט גענומען פון טיש צום שפּילן.

— און איך זאָג — האָט דער רויטער בייניש מיט די ברע־נענדיקע אויגן זיך צעקאָכט — אַז אויך די רביצין, די עלטערע טאָכטער חוהלע, די יינגערע טאָכטער שבעלע און אַלע פרויען, וועלכע קומען יעדן שבת צום רבין און שטייען אינדרויסן אונטער די פענצטער, זאָל מען אַריינרופן, אַז זיי זאָלן מיטטאַנצן אין ריקוד! פאַרוואָס נישט? זענען זיי דען נישט גאָטס באַשעפענישן גלייך מיט אונז אַלע?

— נאָך מער! — האָט הערש לייבס ידיד דעם רויטן ביי־ניש אָנגעכאַפּט באַ די לאַצן. — אַלץ דאַרף מיטפרייען זיך, מיט־דרייען זיך אין ריקוד! אויך די טישן, די בענק, די ווענט — די גאַנצע שטוב! איך האָב אַליין שוין געזען — שבת באַם

רבין — ווי די שטוב האָט מיטגעטאַנצט, געדרייט זיך אין ריקוד מיט די חסידים! דער חייט הקדוש, זכותו יגן עלינו, האָט גע-זאָגט, אַז אויך דיביימער, די פייגל — וואָס שפּילן און טאַנצן אַליין, אָפּגעזונדערט פון מענטש — מוז מען אַריינגעמען אין ריקוד, ווייניקסטנס במחשבה. ווייל נישט נאָר די כּוכבים, די לבנה און די ערד — אַלע גלגלים — דרייען זיך און טאַנצן אַ ריקוד קיגן הקדוש ברוך הוא, נאָר יעדעס זאַמדעלע אפילו! אַלע וועלטן, אַלע הימלען — אַלץ דרייט זיך און טאַנצט אַ ריקוד קיגן דער שכינה הקדושה!

הערש לייב האָט געשוויגן. ער האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט געשמייכלט אין זיין שוואַרצער באָרד אַריין. אָבער ער איז געווען זייער טרויעריק. נאָר באַלד האָט איין חסיד אָנגעהויבן אַ זמירל, אַלע האָבן אונטערגעכאַפּט, און אַ טאַנץ האָט אויפגעפלאַ-קערט. דעם איצט טרויעריקן הערש לייבן האָבן זיי אַריינגעריסן אין רעדל, אויך זיין קראַנקע פרוי פון דער קיך, ווו זי האָט גע-פּרעגלט לאַטקעס און שטאַרק געהוסט, און אַלעמאָל ברענענדיקער אין דער טאַנץ געוואָרן. די קראַנקע האָט אָבער נישט געקאָנט מיטטאַנצן — זי האָט געשפּיגן מיט בלוט פון מאַנס קלעפּ — און זיך שטאַרק געריסן פון זייערע הענט. זי האָט זיך זייער שטאַרק צעהוסט, און אַלע האָבן געמוזט שטיין בלייבן. מען האָט איר געגעבן אַ ביסל קאַלט וואַסער, און עס איז איר בעסער געוואָרן. זי איז צוריק צוגעגאַנגען צו דער קיך, אַרויפגעלייגט די לאַטקעס אויף אַ טעלער און זיי אַוועקגעשטעלט אויפן טיש. דער עולם האָט זיך צוריק אַנידערגעזעצט, ווידער גענומען צו ביסלעך, צוגע-ביסן די לאַטקעס, און אָנגעהויבן שפּילן:

— טויז שעל!

— מיילעך רויט!

— — — — — — — —

נאָך באַ אַ גרויסן חסיד, נאָר אַ מאָדזשיצער, האָט מען גע-שפּילט אין קאָרטן. דאָס איז געווען יאַנקל פּסחס, דער גרעסטער

פאַבריקאַנט אינם שטעטל. די, וועלכע שפּילן בײַ אים, זענען אַלע מאַדזשיצער חסידים. אָבער נישט דאָס שפּילן אין קאָרטן איז בײַ זיי דער עיקר: דער עיקר איז בײַ זיי דאָס זינגען. זיי זענען אַלע גרויסע מנגנים, און זיי חזרן דעם רבינס וואָלעך פון זעקס אין דרייסיק פאַלן.

בײַ וואָלף דודן האָט מען אויך געשפּילט אין קאָרטן. דאָרט זענען געזעסן באַם טיש שיע באַלעגאַלע, חיים קאָוואַל און די חברה גנבים: שקצים און ייִנגען — מיט ברייטע פּלייצעס, געזונטע, ווי די פערד. באַזונדערס אײַנער — שמעלקע. דאָס איז אַן אויסגע-דינטער אַרטילעריסט, היינט, אַז ער קאָן קוים אַריין אין אַ שטוב. אויף זײַנע פּלייצעס קאָן אַרומפאָרן אַ האַרמאַט. אַ רויטער — אַן אמתער פּאַניע. ער האָט געעפנט די פּערציקסטלעך און די האַלבע שטאָפן, אַז עס איז געגאַנגען אַ רויך. אַ ריר מיטן פּלעשל אין דער דלאָניע — איז דער קאָרק, מיט אַ האַלב פּלעשל בראָנפן, געשווען אויפן סופיט. מען האָט אָנגעגאָסן. און — „נאַזדראָוויע! . . .“

— לחיים אויף דער מאָרגנדיקער נאַכט! . . .

מען האָט צוגעביסן הערינג, און אַ שגץ, וועלכער האָט גע-קענט גוט ייִדיש, האָט אַ געשריי געטון: „גיב קאָרטן, שיע!“

וואָלף דוד, דערזעענדיק אַ קערטל, איז לעבעדיק געוואָרן. איין חברה-מאַן שרייט: „אַ פינף און צוואַנציקער! . . .“

אײַנער זיצט פאַרגראָבן אין אַ ווינקל, דאָס היטל איבער די אויגן, און קראַצט זיך: „איך האָב שוין מער נישט קיין געלט. אָבער אַ גאָלדענעם זייגער מיט צוויי בריליאַנטענע רינגען, קאָן איך שטעלן“.

אַ ליאַרם: „אַ רוח אין זײַן געפּגרטער מאַמען אַריין! . . . דאָס האָט ער פון נעכטיקן שפּרונג אַראָפּגעהאַקט! . . .“

דער ייִנג האָט געכאַפּט אַ פּאַטש פון וואָלף דודן, און עס איז געוואָרן שטיל. דער חברה-מאַן האָט זיך אָפּגעווישט דאָס מויל — פאַרשטאַנען, אַז דער פּאַטש איז אים געקומען. ער האָט דעם זייגער מיט די צוויי רינגען גלייך אָוועקגעגעבן דער באַלע-באָסטע — גאָלדעלע די יונהציקנס. דאַן האָט ער זיך צוריק באַ-

גראָבן אין זיין ווינקעלע, און זיך ווידער געקראַצט: „איך שטעל די מאָרגנדיקע נאַכט אַרבעט".

— שטעל דעם קאָפּ! ביסט זיכער, אַז עס וועט דיר מאָרגן קלאַפּן?

וואָלף דוד האָט אים אָנגעקוקט מיט איין אייגל. דער חברה־מאַן האָט פאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט, און ער איז אָוועקגעגאַנגען פון שפּילן. דער שגץ, וועלכער האָט געקענט יידיש, האָט אַ זעץ טוענדיק מיט דער האַנט אויף די קאָרטן, געדונערט: „איך שליף די באַנק!"

נאָר שמעלקע האָט זיך נישט דערשראָקן, און קאַלט אים געענטפערט: „דו סטראַשעסט. איך שטעל דעם קאַשטן".

— דעם קאַשטן וועסטו נישט שטעלן — האָט וואָלף דוד, נאָך געלאַסענער און קעלטער זיך אָנגערופן. — געלט קאָנסטו פאַרשפּילן וויפיל דו ווילסט, אָבער נישט דאָס פערד: דאָס איז דיין פּרנסה־געבער.

שמעלקע האָט קיין וואָרט נישט געענטפערט. ער האָט גלייך אַוועקגעלייגט די קאָרטן — אויפגעהערט שפּילן. ער האָט נישט ליב געהאַט צו רעדן, פאַרשטאַנען, וואָס מען זאָגט אים. באַזונדערס האָט ער זיך קייגן וואָלף דודן נישט געוואָלט אַקייגנשטעלן. ווען ער איז צוריקגעקומען פון סלוזשבע — נאָך פינף יאָר דינען — האָט אים וואָלף דוד - דער פעטער — געגעבן צוויי פערד ווי די לייבן, צוויי נייע געשפּאַנען, אַ וואָגן, און אַ ווייב. ער האָט חתונה געהאַט און געוואָרן אַ באַלעגאָלע. ער איז אַ גוטער פאַר־דינער, אַ גוטער מאַן, אַן אמתער גוטער־ברודער, נאָר אַ גרויסער קאָרטנשפּילער.

גאָלדעלע די יונהציקנס האָט דערלאַנגט אַ גרויסע ערדענע שיסל מיט קאַרטאָפּליעס אין די שאָלן, צוויי גרויסע אָפּגעבראָטע־נע גענדז — אין בראָט־בעקן — און חברה האָט זיך אַ נעם געטון צו דער אכילה.

פון די יידישע פענצטער ארויס האָבן געלויכטן די פייער-לעך פון די אָנגעצונדענע חנוכּה-ליכטלעך. די פייערלעך זענען געווען אַזעלכע איידעלע, אַזעלכע טיפֿע און זעלטזאַמע... זיי האָבן געלויכטן דורך די בלומען און ביימער, וועלכע די פראָסט האָט אויסגעמאָלן אויף די שויבן, און זייערע שטראַלן, אַזעלכע בלאַסע פון די בלאַסע פייערלעך, האָבן געשימערירט אויפן שניי אינדרויסן, וועלכער האָט געבליצט מיט בלויע בריליאַנטן-פלעמלעך. די בלאַסע פאַרבענקטע פייערלעך פון די חנוכּה-ליכטלעך, געזעג-ליקט דורך ברכות און באַזינגען — טייל דורך טרויעריקע הער-צער און טייל דורך פריילעכע — האָבן דער נאַכט דערציילט סודות, באַזונדערס יענעם גרויסן סוד פון דער גרויסער העלדיש-קייט, וואָס אַ גרויסער גבור מיט זיינע זין האָבן באַוויזן. זיי האָבן דער נאַכט דערציילט וועגן אַן אייביק פייער, וואָס וועט שוין קיין מאָל נישט קאָנען ווערן אויסגעלאָשן.

די פראָסט האָט געבריענט און אַלעמאָל נאָך שטאַרקער געכאַפּט. די גלעקלעך פון די שליטנס, וועלכע האָבן זיך געטראָגן איבערן שאָסיי, האָבן געקלונגען. די ציוניסטישע מיידלעך און יינגעלייט, אַלע מיט פאַרחלומטע בליקן אין זייערע אויגן, האָבן יעדע נאַכט געאיילט אין דער שולע אַריין צום העברעישן לערער הער הימלבלוי און דאָרט געלערנט די ראָלן צו דער פאָרשטע-לונג, צו וועלכער זיי האָבן זיך געגרייט. אונטער די פענצטער פון דער שולע זענען געשטאַנען פרומע יידן, פרויען און קינדער, חסידים און סאָציאַליסטן, און זיך צוגעהערט צו זייער זינגען און אַזויפיל בענקשאַפט און האָפענונג האָבן זיך זייערע זיסע שטימען קעגאָסן:

„עוד לא אבדה תקותינו,
התקוה הנושנה...“